געקליבענע

# שריפטען

— פון —

# איוואן טורגעניעוו

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָברין

דריטער באנד


היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
83-85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.
1911.

# אינהאלט פערצייכנים





**COLLECTION OF WRITINGS by I. S. TURGENEVE**

Translated by LEON KOBRIN

# מומו

אויף איינער פון די ווייטערדיגע מאָסקווער גאַסען אין אַ גרויען הויז מיט ווייסע זיילען, מיט אַ פליגעל און מיט אַ אויסגעקרימטען באַלקאָן, האָט אַמאָל געלעבט אַ פּריצה׳טע, אַן אַלמנה, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער מענגע דיענער, איהרע זיהן האָבען געדיענט אין פּעטערסבורג, די טעכטער זיינען געווען אויסגעגעבען. אַרויסגעפאָהרען איז זי זעלטען און האָט איינזאַם אויסגעלעבט די לעצטע יאָהרען פון איהר קאַרגען און געלאַנגוויילטען עלטער. דער טאָג איהרער, אַ גרויער און אַ רעגענדיגער, איז שוין לאַנג אַוועק, און אפילו דער אַבענד איהרער איז אויך געווען שוואַרצער ווי די נאַכט.

דער מערקווירדיגער מענש צווישען דער גאַנצער הויז־געזינד איז געווען דער הויז־קנעכט געראַסים, אַ מאַן צוויי אַרשין מיט צוועלף ווערשאָק די הויך, שטאַרק געבויט און אַ טויב־שטומער פון געבורט.

די פּריצה׳טע האָט איהם גענומען פון דאָרף, וואו ער האָט געוואוינט איינער אַליין, אין אַ קליין הייזעל, אָבגעטהיילט פון די ברידער, און האָט זיך גערעכענט פאַר כמעט דעם בעסטען צינז־צאָהלער אין דאָרף. געבענשט מיט אַ אונגעהויערער קראַפט, האָט ער געאַרבייט פאַר פיער׳ן — די אַרבייט האָט געברענט אין זיינע הענד, און עס איז פרעהליך געווען צו קוקען אויף איהם, בעת, אַקערענדיג, האָט ער זיך אָנגעלייגט מיט זיינע גרויסע, גרויסע לאַדאָנעס אויפ׳ן אַקעראייזען און, דאַכט זיך, גאָר אַליין, אָהן דער הילף פונ׳ם פערדעל, אין שטיקער צוהאַקט די שטייפע ברוסט פון דער ערד; אָדער בעת ער האָט אין שניט־צייט געאַרבייט מיט דער קאָסע... ער האָט אַזוי געאַרבייט, אַז כאָטש גיעב איהם אַ וואַלד אַ יונגען, וואָלט ער איהם אויך אויסגעהאַקט מיט׳ן וואָרצעל; צו גאָר בעת ער האָט פלינק און אָהן אויפהער געדרעשט מיט אַ לאַנגען שטאַנג און זיינע לענגליכע און

הארטע מוסקלען פון די אקסלען האבען זיך געהויבען ארויף און אראב, ווי א מאשין. דאס שטענדיגע שווייגען האט צוגעגעבען א פייערליכע וויכטיגקייט זיין אונערמידליכער ארבייט. א וואוילער פויער איז ער געווען, און ווען ניט זיין אונגליק וואלט יעדע מויד גערן מיט איהם חתונה געהאט... נור אט האט מען דעם דאזיגען גראסים געבראכט אין מאסקווע, געקויפט איהם א פאאר שטיוועל, אויפגענעהט א קאפטאן אויף זומער, א פעלצעל אויף ווינטער, געגעבען איהם אין האנד א בעזים און לאפעטע, און געמאכט איהם פאר א הויז־קנעכט.

עס איז איהם שטארק ניט געפעלען געווארען אין אנהויב זיין ניי לעבען. פון קינדווייז אן איז ער געוואוינט געווען צו פעלד־ארבייט, צום דארפישען לעבען. דערווייטערט פון מענשען צוליעב זיין אונגליק, איז ער אויסגעוואקסען א שטומער און א מעכטיגער, ווי א בוים וואקסט אויף פרוכטבארע ערד... איבערגעזעצט אין שטאדט, האט ער ניט פערשטאנען, וואס מיט איהם טהוט זיך — האט זיך געלאנגווײלט און ניט געקענט בעגרייפען, ווי עס בעגרייפט ניט א יונגער, געזונדער באק, וועלכען מען האט נור וואס צוגענומען פון פעלד, וואו דאס זאפטיגע גראז איז געוואקסען ביז צו זיין בויך, וועלכען מען האט גענומען און אוועקגעשטעלט ביי א וואגאן פון אייזען־באהן — און אט — בריהענדיג זיין שווערען קערפער דא מיט רויך און פונקען, דא מיט וואלקענס פארע, יאגט מען איהם אצינד, יאגט מען מיט א קלאפען און פייפען, און וואוהין יאגט מען — גאט ווייסט! די ארבייט, וואס גראסים האט געדארפט טהאן אויף זיין נייעם פלאטץ, האט זיך איהם אויסגעוויזען ווי א געלעכטער נאך די שווערע פויערשע ארבייטען; אין א האלב שעה איז ביי איהם אלעס געווען אבגעטהאן און ער האט ווידער דא אבגעשטעלט זיך אין מיטען הויף און געקוקט מיט אן אפענע מויל אויף אלע פארבייגעהער, אזוי ווי ער וואלט ביי זיי וועלען דערגעהן די לייזונג פון זיין רעטהזעלהאפטער לאגע, דא איז ער פלוצים אוועקגעגאנגען וואו־עס־איז אין א ווינקעלע און, ווייט א שליידער געטהאן דעם בעזים א־ער די לאפעטע, האט ער זיך געווארפען מיט פנים צו דער ערד און איז שעה'ן גאנצע אבגעלעגען אויף דער ברוסט אונבעוועגליך, ווי א געפאנגענע חיה. אבער צו אלעם ווערט געוואוינט דער מענש, און געראסים האט זיך אויך צום סוף צוגעוואהנט צום שטאדטישען לעבען.

קיין סך צו טהאָן האָט ער ניט געהאַט, זיין גאַנצע פּפליכט איז בעשטאַנען אין דעם, צו האַלטען ריין דעם הויף, צוויי מאָל אין טאָג ברענגען צו פיהרען אַ פּעסעל וואַסער, אָנשלעפּען און אָנהאַקען האָלץ פאַר'ן קיך און פאַר'ן הויז, ניט אריינצולאָזען קיין פרעמדע אין הויף אריין און שטעהן אויף דער וואַך אין די נעכט. און מען מוז זאָגען, אַז זיין פּפליכט האָט ער געטהאָן מיט גרויס אייפער. אויפ'ן הויף ביי איהם האָבען זיך קיין מאָל ניט געוואַלגערט ניט קיין שפּענדלאַך און ניט קיין מיסט; און פלעגט טרעפען אַמאָל, אַז די אַלטע, צוהרג'עטע שקאַפּע, וואָס איז אָבגעגעבען געוואָרען אונטער זיין האַנד אויף וואַסער פיהרען, איז פערקראָכען אין אַ בלאָטע און ניט געקענט פון דאָרט ארויסקריכין, פלעגט ער זיך נור מיט אַ פּלייצע צוריהרען און ניט נור דעם וואָגען נור אפילו דעם פערד אליין פלעגט אַ טראָג טהאָן פון אָרט; און האָט ער זיך גענומען האָלץ האַקען, האָט די האַק ביי איהם, ווי גלאָז געקלונגען און שפּענער און שטיקער האָלץ זיינען אין אַלע זייטען געפלויגען; און וואָס אַנבעלאַנגט פרעמדע, איז נאָך דעם, ווי ער האָט איינמאָל ביי נאַכט, כאַפּענדיג צוויי גנבים, זיי אַ זעץ געטהאָן איינעם אָן אַנדער'ן מיט די שטערן'ס אָבער אַזוי אַ זעץ געטהאָן, אַז שוין איבריג געוועזען זיי צו פיהרען דערנאָך אין דער פּאָליציי אריין... האָבען אַלע אין דער נאַכבאַרשאַפט געקראָגען פאַר איהם גרויס דרך ארץ, און מענשען, אפילו ניט קיין גנבים, נור סתם פרעמדע, פאַרבייגעהענדיג אפילו ביי טאָג פאַר'ן הויז און דערזעהן דעם בייזען הויז-וועכטער, פלעגען זיי זיך גלייך אָבטראָגען און פלעגען זיך אויף איהם בייזערען און שרייען אַזוי אַקוראַט ווי ער וואָלט געקאָנט הערען זייערע געשרייען. צו דער גאַנצער איבעריגער דיענערשאַפט האָט זיך געראַסים פערהאַלטען, מען קען ניט זאָגען פריינדליך — זיי האָבען פאַר איהם אַביסעל מורא געהאַט — אָבער דאָך קיין בייז ניט: ער האָט זיי געהאַלטען פאַר אייגענע מענשען. זיי האָבען מיט איהם גערעדט אויף שטום-לשון, מיט צייכענס, און ער האָט זיי פערשטאַנען, האָט ריכטיג אויסגעפיהרט די בעפעהלען, אָבער זיינע רעכטע האָט ער אויך געוואוסט, און קיינער האָט ניט געטאָרט זיך זעצען אויף זיין אָרט ביים טיש. אין אַלגעמיין איז געראַסים געוועזען אַ שטרענגער און ערנסטער מענש, און אין אַלעם האָט ער ליעב געהאַט די אָרדנונג; די העהנער אפילו האָבען זיך פאַר איהם אין די אויגען ניט געוואַגט

צו שלאָגען — אז ניט איז צרות! ווי נור דערזעהן א געשלעג פון העה־נער, אזוי איז גלייך א כאפ געטהאָן פאר די פיס, א דרעה געטהאָן אין דער לופטען אמאָל צעהן, ווי א ראָד, און אראבגעשליידערט דעם אהער און דעם אהין....

ביי דער פריצה'טע אויפ'ן הויף האָבען זיך געפונען אויך גענז; אָבער די גאנז, ווי בעוואוסט, איז א פויגעל א וואזשנע, א ערנסטע, א פערנינפטיגע; גערא‌סים האָט פאר זיי דרך ארץ געהאט איז ארום זיי ארומגעגאנגען און זיי עסען געגעבען; ער אליין איז עהנליך געווען צו אן ערנסטען, געזעצטען גוסאק (גאָנער).

מען האָט איהם אָבגעגעבען א קעמער'ל איבער דער קיך; ער האָט זיך דאָרט אַלעם אליין צורעכט געמאכט נאָך זיין אייגענעם געשמאק, האָט זיך דאָרט אויפגעשטעלט א בעט פון דעמבענע ברעטער אויף פיער קלעצער — א בעט, אייזען שטארק; הונדערט פוד האָט מען אויף איהר געקאָנט אָנלייגען — און זי וואָלט זיך קיין ריהר ניט גע־טהאָן; אונטער דער בעט האָט זיך געפונען א גרויסער קופערט; אין ווינקעל איז געשטאנען א טישעל, אויך אזא שטארקער, און נעבען טי־שעל א שטוהל אויף דריי פיסלאָך, אבער אזא פעסטער און שווערער, אז אפילו גערא‌סים אליין, פלעגט איהם אמאָל א הויב טהאָן, א וואָרף טהאָן צוריק און ברייט א שמייכעל טהאָן. דאָס דאָזיגע קעמערל איז פערשלאָסען געווען מיט א שלאָס, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי א שוואר־צער בייגעל. דעם שליסעל פון דעם שלאָס האָט גערא‌סים שטענדיג געטראָגען מיט זיך אויפ'ן גארטעל. ער האָט ניט געליעבט, מען זאָל געהן צו איהם.

אזוי איז אוועק א יאָהר. צום סוף פון דעם יאָהר האָט זיך מיט גערא‌סים'ן געטראָפען א קליינער צופאל.

די אַלטע פריצה'טע, ביי וועמען ער האָט געלעבט אַלס הויז־קנעכט, האָט זיך אין אַלץ אויפגעפיהרט אויפ'ן אַלט־פרענקישען שטיי־נער און געהאַלטען א גרויסע דיענערשאפט; ביי איהר אין הויז האָבען זיך געפונען ניט נור וועשערינס, נייהטערינס, סטאָליארעס, שניידער און שניידערקעס, עס איז זאָגאר געווען איינער א ריעמער, דער זעלבער האָט זיך אויך גערעכענט אַלס וועטערינאַר פאר פערד און רופא פאר מענשען, עס איז געווען א הויז־דאָקטאָר פאר דער פריצה'טע, עס איז

אויך געוועזן א שוסטער מיט'ן נאמען קאפיטאן קלימאוו, א ביטערער שיכור.

דער דאזיגער קלימאוו האט זיך געהאלטען פאר א מענשען א בעליידיגטען און א ניט אבגעשעצטען נאך זיין ווערט נאך, פאר א מענשען א געבילדעטען, א גרויס-שטאדטישען, וועלכער האט ניט גע־דארפט וואוינען אין מאסקווע אין עפעס א לאך, און אויב ער האט געטרונקען, ווי ער אליין פלעגט זיך אויסדריקען, ציהענדיג די ווערטער און קלאפענדיג זיך אין ברוסט, האט ער עס געטהאן טאקע נור פאר צרות. און איין מאל איז ביי דער פריצה'טע געקומען וועגען איהם צו רייד מיט איהר הויפט הויז-מייסטער, גאווריל, א מענשען מיט געלע אויגלאך, מיט א נאז פון א ענטעל, וועלכער האט אויפ'ן קוק אויסגע־זעהן ווי א מענש, וועמען דער שיקזאל אליין האט בעשטעלט צו זיין א נאטשאלניק, א פארגעזעצטער. די פריצה'טע האט בעדויערט די פערדארבענקייט און אונזיטליכקייט פון קאפיטאן'ען, וועמען מען האט נעכטען געהאט געפונען וואלגערענדיג זיך ערגעץ-וואו אויף דער גאס.

— און וואס דענקסטו, גאווריל — האט זי פלוצים גענומען רייד־דען — טאמער וואלטען מיר איהם גאר חתונה מאכען, וואס זאגסטו? אפשר וועט ער ווערען א מענש.

— פאר וואס ניט חתונה מאכען? מען קאן — האט געענטפערט גאווריל — און דאס וואלט טאקע געווען זעהר א גוטער פלאן.

— יא; אבער ווער וועט איהם וועלען נעהמען?

— אמת. און, פון דעסטוועגען, ווי אייך וועט געפעליג זיין, פארט, ווי מען זאגט, טויג ער אויף עפעס; ארויסווארפען אין גאנצען קען מען איהם ניט. *)

— דאכט זיך, טאטיאנא געפעלט איהם?

גאווריל האט געוואלט עפעס ערווידערן'ן האט אבער פאר־קוועטשט די ליפען.

*) דא ווערט דערצעהלט פון דער צייט, ווען אין רוסלאנד האט עקזעסטירט די לייב אייגענשאפט.

ל. ק.

— יאָ !... זאָל ער זיך שדכן'ען צו טאַטיאַנאַ'ן — האָט בעשלאָסען די פּריצה'טע און מיט פערגעניגען אַ גוטען שמעק טאַבאַק געטהאָן:
— הערסטו ?

— איך הער — האָט ארויסגערעדט גאַווריליאַ און איז אַוועק.

אַז ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין זיין צימער (ער האָט זיך געפונען אין'ם פליגעל און איז אין גאַנצען פערלייגט געווען מיט לעדערנע קופערטען), האָט ער אַפריהער ארויסגעטריעבען פון דאָרט זיין ווייב, און דערנאָך זיך געזעצט ביים טיש און זיך פערטראַכט. דער אונערוואַרטעטער בעשלוס פון דער פּריצה'טע האָט איהם, ווי עס שיינט, פערוואונדערט. צום סוף, איז ער אויפגעשטאַנען און געהייסען רופען קאַפּיטאָן'ען.

קאַפּיטאָן איז געקומען... נור איידער מיר וועלען איבערגעבען די לעזער זייער געשפּרעך, האַלטען מיר פאַר נויטיג אין עטליכע ווערטער צו דערצעהלען, ווער עס איז געווען די טאַטיאַנאַ, מיט וועלכער קאַפּיטאָן האָט געזאָלט חתונה האָבען און פאַרוואָס דער פּריצה'טעס בעפעהל האָט אַזוי צומישט דעם הויז-מייסטער.

טאַטיאַנאַ האָט, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, פערנומען די שטעלע פון אַ וועשערין, (אייגענטליך האָט זי אַלס פעהיגע און געלערענטע וועשערין, געוואַשען נור די דינע וועש). זי איז געווען אַ פרויענצימער פון אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג, אַ קליינס, אַ מאָגערס, אַ בלאָנדס, מיט געבאָרענע צייכענס אויף דער לינקער באַק. געבאָרענע צייכענס אויף דער לינקער באַק ווערען אין רוסלאַנד פעררעכענט פאַר אַ שלעכטען סימן — פאַר אַן אָנזאָג פון אַן אונגליקליך לעבען... טאַטיאַנאַ האָט זיך ניט געקענט בעריהמען מיט איהר שיקזאַל; פון איהר פריהעסטער יוגענד אָן האָט מען זי געהאַלטען פערשקלאַפּט; געאַרבייט האָט זי פאַר צווייען און קיין לאַסקע האָט זי קיינמאָל פון קיינעם ניט געהאַט; געקליידעט האָט מען זי שלעכט; אַ געהאַלט האָט זי בעקומען גאָר אַ קליינעם, קיין משפּחה האָט זי כמעט גאָרניט געהאַט. עפּעס איינער אַן אַלטער קעלנער, וועמען מען האָט צוליעב זיין אונפעהיגקייט געלאָזען אין דאָרף, איז איהר געווען אַ פעטער, און די איבעריגע פעטערס איהרע זיינען געווען פּויערים— און דאָס אַלעס. אַמאָל האָט מען זי געהאַלטען פאַר אַ פאַרשוין, אָבער די שעהנקייט איהרע איז שנעל פערשוואונדען. אַ כאַראַקטער האָט זי געהאַט

זעהר אַ שטילען, אָדער בעסער געזאָגט, אַ דערשלאָגענעם, צו זיך אַליין איז זי געוועזן פֿאַלשטענדיג גלייכגילטיג, פאַר אַנדערע האָט זי מורא געהאַט ווי פאַר'ן טויט; געטראַכט האָט זי נור וועגען דעם, ווי צו ענדיגען די אַרבייט אין צייט, האָט קיין מאָל מיט קיינעם ניט גערעדט און האָט זיך געטרייסעלט, ווען מען האָט נור דערמאָנט דער פּריצה'טעס נאָמען, כאָטש יענע האָט איהר כמעט אין די אויגען ניט אָנגעזעהען. ווען מען האָט געראַסים'ען געבראַכט פֿון דאָרף האָט זי שיעור ניט גע'חלשט פֿאַר שרעק דערזעהענדיג זיין ריעזיג גרויסע פיגור, האָט זיך מיט אַלע קרעפטען געסטאַרעט מיט איהם זיך ניט צו באַגעגענען, און פלעגט זאָגאַר די אויגען פערזשמורען, ווען עס פלעגט איהר אויסקומען פאַרבייצולויפען פאַרביי איהם, איילענדיג זיך פון הויז אין דער וועשעריי.

אין אָנהויב האָט געראַסים איהר ניט געשענקט קיין בעזונדער אויפמערקזאַמקייט, דערנאָך האָט ער גענומען אונטערשמייכלען, ווען זי פלעגט זיך איהם טרעפען אין וועג, דערנאָך זיך פערקוקען אויף איהר און צום סוף, האָט ער פון איהר גאָר די אויגען ניט אַראָבגע־נומען. זי איז איהם געפעהלען, איהם ליעב געוואָרען: צו מיט דעם מילדען אויסדרוק פון איהר געזיכט, צו מיט די צושראָקענע בעווע־גונגען — גאָט ווייסט איהם! און איינמאָל איז זי געגאַנגען איבער'ן הויף, טראָגענדיג פֿאָרזיכטיג אויף איהרע צושפּרייטע פינגער דער פּריצה'טעס אַן אָנגעקראָכמאַלעטען יאַקעל.. עמיצער האָט זי פלוצים שטאַרק אַ כאַפּ געטהאָן פאַר'ן עלענבויגען; זי האָט זיך אומגעקוקט און אַזש אַ געשריי געטהאָן: הינטער איהר איז געשטאַנען געראַסים. ווילד לאַכענדיג און פריינדליך ברילענדיג, האָט ער איהר דערלאַנגט אַ צוקערנעם האָהן מיט גאָלדענע פליטערלאַך אויף דעם עק און פליג־לען. זי האָט געוועזט געוואָלט אָבזאָגען זיך, נור ער האָט עס איהר מיט געוואַלד אריינגעשפּאַרט אין האַנד אריין, האָט אַ שאָקעל גע־טהאָן מיט'ן קאָפּ, איז אַוועק ווייטער און צוריקגעקעהרט זיך ווידער, האָט ער נאָך אַמאָל ארויסגעברילט עטוואָס זעהר פריינדליכעס.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט ער איהר שוין קיין רוה ניט געלאָזט, און וואו נור זי איז געגאַנגען, האָט זי איהם געטראָפען. געהט איהר אַנטקעגען, שמייכלט, ברילט, מאַכט מיט די הענד, שלעפּט פלוצים אַ סטיינגע פון אונטער'ן בוזעם ארויס און שטופט עס איהר אין האַנד

אריין, קעהרט אב מיט זיין בעזים דעם שטויב פאר איהר. דאס ארעם מיידעל האט איינפאך ניט געוואוסט וואס צו טהאן און ווי זיך צו האלטען.

אין גיכען האט דאס גאנצע הויז זיך דערוואוסט וועגען די שפיצ־לאך פון דעם שטומען הויז־קנעכט; געלעכטערלאך, שפאט, שטעך־ווערטלאך האבען זיך גענומען שיטען אויף טאטיאנא׳ן. פון גערא־סים׳־ען אבלאכען האבען ניט אלע געוואגט: ער האט ניט געליעבט קיין שפאס; און אפילו איהר האט מען אין זיין געגענוואַרט אויך געלאזט צו רוה. צו זי האט געוואלט, צו ניט, דאס מיידעל איז אריינגע־פאלען אונטער זיין שוץ. ווי אלע טויב־שטומע איז ער געווען זעהר קלוג און האט זעהר גוט פערשטאנען, ווען מען האט פון איהר אדער פון איהם געלאכט.

איינמאל, ביים מיטאג, האט טאטיאנא׳ס אויפזעהערין זיך גע־נומען וואס מען רופט, איהר דערגעהן די יאהרען, און געבראכט זי דערצו, אז דאס ארים מיידעל האט ניט געוואוסט וואו די אויגען אהינצוטהאן, און זי האט זיך שיער ניט צו־וויינט פאר פערדרוס. גערא־סים האט זיך פלוצים אויפגעהויבען, האט אויסגעצויגען זיין ריזיג־גרויסע לאפע, אוועקגעלייגט זי אויף׳ן קאפ פון דער אויפזע־העריין און מיט אזא פינסטערער גרויזאמקייט איהר אין פנים אריינגע־קוקט, אז יענע האט זיך צוגעבויגען ביז׳ן סאמען טיש.

אלע זיינען אנשוויגען געווארען. גערא־סים האט זיך ווידער גע־נומען פאר זיין לעפעל און ווייטער געזופט דעם ראסאל.

— האסטו געזעהן אזא טויבען טייפעל, א שד! — האבען אלע שטיל אויסגעמורמעלט, און די אויפזעהערין האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועק אין דעם מיידעלשען קאמער.

און א צווייטען מאל, בעמערקט, אז קאפיטאן דער אייגענער קאפיטאן, פון וועמען עס איז ערשט גערעדט געווארען, האט זיך עפעס צו פריינדליך צורעדט מיט טאטיאנא׳ן, האט גערא־סים איהם צוגערו־פען צו זיך מיט א פינגער, אריינגעפיהרט איהם אין שטאל, וואו די קארעטען זיינען געשטאנען, און א כאפ געטהאן פון א ווינקעל אן אקסעל, האט ער איהם לייכט, אבער זעהר פיעלדייטיג מיט דעם א סטראשע געטהאן. פון דאן אן האט שוין קיינער מיט טאטיאנא׳ן ניט גערעדט. און דאס אלעס איז איהם אראב גלאט. אמת, די אויפזע־

הערין איז, ווי נור זי איז אין מיידעלשען קאַמער אריין, גלייך אין חלשות געפאַלען און האָט אין אַלגעמיין אַזוי קונציג געאַרבייט, אַז נאָך אין דעם זעלבען טאָג האָט די פּריצה'טע זיך דערוואוסט פון געראַסים'ס גראָבער האַנדלונג; אָבער די וואונדערליכע אַלטע האָט זיך נור צולאַכט, און צו דער גרעסטע בעליידיגונג פון דער אויפזעהערין, האָט זי איהר געצוואונגען עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד צו בעווייזען, ווי אַזוי ער, געראַסים, האָט מיט זיין שווערע הענטעלע איהר צום טיש צוגעבויגען, און אויף דעם צווייטען טאָג האָט זי ארויסגעשיקט געראַסים'ען אַ דריי רובעלדיגע. זי האָט פון איהם געהאַלטען ווי פון אַ איבערגעבענעם און שטאַרקען וועכטער. געראַסים האָט אַזוי פאַר איהר נישקשה'דיג מורא געהאַט, דאָך האָט ער געהאָפט אויף איהר לייטזעליגקייט און זיך שוין געקליעבען געהן צו איהר מיט דער בקשה, זי זאָל איהם ערלויבען חתונה האָבען מיט טאַטיאַנאַ'ן. ער האָט בלויז געוואַרט אויף דעם נייעם קאַפטאַן, וועלכען דער הויז-מייסטער האָט איהם צוגעזאָגט, אום צו קאָנען זיך ווייזען פאַר דער פּריצה'טע אין אַ לייטישען בגד, ווען פּלוצים איז דער אייגענער פּריצה'טע איינגעפאַלען צו פערשלייערען טאַטיאַנאַ'ן מיט קאַפּיטאָן'ען.

דער לעזער וועט אַצינד לייכט פערשטעהן די אורזאַך פאַרוואָס גאַווריל איז אַזוי צומישט געוואָרען נאָך דעם געשפּרעך מיט דער פּריצה'טע.

„די פּריצה'טע — האָט ער געטראַכט, זיצענדיג ביים פענסטער: „האַלט טאַקע פון געראַסים'ן (גאַווריל האָט דאָס גאַנץ גוט געוואוסט און דערפאַר טאַקע האָט ער איהם אליין נאָך אונטערגעגעבען חשק), דאָך איז ער אַ שטום בעשעפעניש; מען קען דאָך ניט סתם מעלדען דער פּריצה'טע, אַז ער, געראַסים, הייסט עס, האָט ליעב טאַטיאַנאַ'ן. און צוריק גערעדט וואָס איז ער פאַר אַ מאַן? און פון דער אַנדערער זייט, זאָל זיך דער דאָזיגער טייפעל נור דערוויסען, אַז טאַטיאַנאַ'ן מאַכט מען חתונה מיט קאַפּיטאָן'ען, וועט ער אַלעס אין הויז צוברעכען אויף פּיצלאָך, ביי גאָט! וועסט זיך דאָך מיט איהם ניט אויסטענה'ן; איהם, דעם טייפעל דעם דאָזיגען, וועסטו דאָך מיט קיינע מיטלען ניט איינברעכען... געזינדיגט האָב איך, זינדיגער מענש... געזינדיגט... און גאָר!"

דאָס אריינקומען פון קאַפּיטאָן'ען האָט איבערגעריסען גאַווריי־

לא׳ס געדאַנקען. דער לייכטזיניגער שוסטער איז אריין, פערלייגט די הענד אויף הינטען און פרעך אַנגעשפּאַרט זיך אַן דעם אַנגעזעץ־הענסטען ווינקעל פון דער וואנד, ביי דער טהיר, האָט ער איבערגע־לייגט די רעכטע פוס אויף דער לינקער און אַ טרייסעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ: „אָט, הייסט עס בין איך, וואָס פערלאַנגט איהר?״

גאווריל׳א האָט אַ קוק געטהאָן אויף קאַפּיטאָן׳ען און געגומען קלאַפּען מיט די פינגער איבער דעם פענסטער־געזימס. קאַפּיטאָן האָט בלויז אביסעל פערזשמורעט זיינע מוטנע אויגלאַך, האָט זיי אָבער ניט אַרונטערגעלאָזט, האָט זאָגאַר שפּאָטיש אַ שמייכעל געטהאָן און אַ פיהר געטהאָן מיט אַ האַנד איבער זיינע וויסליכע האָאַר, וועלכע האָבען זיך ביי איהר געדרעהט אין אַלע זייטען. „נו, יאָ, דאָס בין איך, איך בין דאָס. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן!״

— אַ שעהנער מענש — האָט אַרויסגערעדט גאווריל׳א און איז אויף אַ ווײַלע אַנשוויגען געוואָרען — זעהר אַ שעהנער, נישטאָ וואָס צו ריידען!

קאַפּיטאָן האָט בלויז אַ דרעה געטהאָן מיט די אַקסלען.

„און דו ביזט אודאי בעסער?״ האָט ער אַ טראַכט געטהאָן ביי זיך.

— נו, טהו אַ קוק אויף זיך, אדרבה טהו אַ קוק — האָט גאווריל׳א פאָרטגעזעצט מיט אַ פּאָרוואורף — נו, זאָג אליין, ווי קוקסטו אויס?

קאַפּיטאָן האָט געוואָרפען אַ רוהיגען בליק אויף זיין אָבגעקראָ־כענעם, צוריסענעם רעקעל, זיינע פערלטאַטעטע הויזען, האָט מיט בע־זונדערער אויפמערקזאַמקייט בעטראַכט זיינע לעכערדיגע שטיוועל, בעזונדערס יענעם אויף וועמענס שפּיץ עס האָט זיך אַזוי שטאָלץ אָנ־געשפּאַרט זיין רעכטע פּיסעל, און ווידער אַנגעשטעלט זיינע אויגען אויף דעם הויז־מייסטער.

— וואָס איז?

— וואָס איז? — האָט איבערגעמישט גאווריל׳א — וואָס איז? דו פרעגט נאָך: וואָס איז? ווי אַ שד קוקסטו אויס, שולדיג בין איך, זינדיגער מענש, ווי אַ שד, אַ טייפעל, אָט ווי דו זעהסט אויס.

קאַפּיטאָן האָט גענומען פלינק פינטלען מיט די אויגען.

— „זידעלט זיך, הייסט עס, זידעלט זיך, גאווריל׳א אַנדריי־איטש!״ האָט ער אַ טראַכט געטהאָן ביי זיך.

— דו ביזט שוין ווידער געוועזן שיכור — האָט אָנגעהויבען גאַוורילא — שוין ווידער? הא? נו, ענטפער־זשע!

צוליעב מיין שוואַכען געזונד, האָב איך געמוזט איינגעהמען אַבי־סעל בראַנפען, ווירקליך, — האָט געענטפערט קאַפּיטאָן.

צוליעב דעם שוואַכען געזונד?... מען בעשטראָפט דיך ניט גע־נוג, אָט וואָס; און איז נאָך אין פעטערסבורג אויף דער לעהרע געוועזן... אַ סך האָסטו זיך דאָרט אויסגעלערנט אויף דער לעהרע! אומזיסט נור עסטו ברויט.

— אין דעם פאַל, גאַוורילא אַנדרייאַיטש, איז דאָ נור איין ריכ־טער דער רבונו של עולם אליין, און מעהר קיינער ניט. ער אליין וויים, וואָס איך בין פאַר אַ מענש אויף דער וועלט און אויב איך עס ווירקליך אומזיסט דעם ברויט. און וואָס אַנבעלאַנגט צו שיכרות — איז אין דעם פאַל בין איך אויך ניט שולדיג, נור איינער מיינער אַ חבר; ער אליין האָט מיך פערפיהרט און דערנאָך האָט ער מיר אָנגעפייפט, איז אַוועק, הייסט עס, און איך...

— און דו גולם, ביזט געבליעבען אויף דער גאַס. אַך, דו, פער־לאָרענער מענש! נו, מילא, עס האַנדעלט זיך אָבער ניט וועגען דעם — האָט דער הויז־מייסטער געערדט ווייטער — נור אָט וואָס. דער פּריצה׳טע... דאָ האָט ער אַ ווײַלע געשוויגען: די פּריצה׳טע וויל, אַז דו זאָלסט חתונה האָבען. הערסט? זיי דענקען, אַז דו וועסט ווערען אַ שטיקעל מענש נאָכדעם, ווי דו וועסט הייראַטהען. פערשטעהסט?

— פאַר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן?

— נו, יאָ. נאָך מיין מיינונג נאָך, האָט מען דיך בעסער גע־דארפט גוט אין די הענד אריינגעהמען. אָבער דאָס איז שוין זייער זאַך. איז וואָס אַלזאָ? ביזטו צופריעדען?

קאַפּיטאָן האָט אויסגעשצירעט די צייהן.

— די הייראַטה איז אַ גוטע זאַך פאַר׳ן מענשען, גאַוורילא אַנ־דרעאיטש; און איך, פון מיין זייט, בין בערייט מיט זעהר אנגענעהמען פערגעניגען.

— נו, יאָ — האָט זיך אָנגערופען גאַוורילא און אַ טראַכט געטהאָן ביי זיך: — „ריידען רעדט דער מענש שעהן, מען קען ניט זאָגען” נור אָט וואָס — האָט ער צוגעלייגט אין דער הויך אַ כלה האָט מען דיר אויסגעזוכט ניט קיין פּאַרשוין.

— און ווער איז דאָס, ערלויבט מיר צו פרעגען?...

— טאַטיאַנאַ.

— טאַטיאַנאַ?

און קאַפּיטאַן האָט אויסגעשצירעט די אויגען און זיך אָבגערוקט פון דער וואַנד.

— נו וואָס־זשע האָסטו זיך אַזוי צופּלאָשעט?... איז זי דיר דען ניט געפעלען?

— פאַרוואָס ניט געפעלען, גאַווריליא אַנדרעאיטש! אַ מיידעל איז זי אַ נישקשה'דיגס, אַן ארבייטערין, אַ שטיל מיידעל.. אָבער איהר ווייסט דאָך אליין, גאַווריליא אַנדרעאיטש, אַז יענער, דער טייפעל, דאָס פאַרזעהעניש דאָס ווילדע, ער האָט דאָך געוואָרפען אַן אויג אויף איהר....

— איך וויים, ברודער, אַלעס וויים איך — האָט איהם מיט פערדרוסט איבערגעשלאָגען דער הויז־מייסטער: — אָבער אַז די פּריצה'טע...

— אָבער גאָט איז מיט אייך, גאַווריליא אַנדרעאיטש! ער וועט דאָך מיך דער'הרג'ענען, ביי גאָט, ער וועט דער'הרג'ענען, ווי אַ פליג וועט ער מיך צוקוועטשען; ער האָט דאָך אַ האַנד, טהוט איהר אליין אַקאָרשט אַ קוק, וואָס פאַר אַ האַנד ער האָט; מינין און פּאָזשאַרסקי *) אליין האָבען דאָך ניט געהאַט קיין שטאַרקערע הענד פון איהם. ער איז דאָך אַ טויבער, ער שלאָגט און הערט ניט ווי ער שלאָגט! אַזוי ווי אין חלום מאַכט ער מיט זיינע גרויסע פויסטען. און איינגעהמען איהם איז נישטאָ קיין שום מעגליכקייט, פאַרוואָס? ווייל איהר ווייסט אליין, גאַווריליא אַנדרעאיטש, ער איז טויב און אַלס צוגאָב, איז ער נאָך נאַריש, ווי מיין פּיאַטע. דאָס איז דאָך עפּעס אַ חיה, אַ געטש, גאַווריליא אַנדרעאיטש, נאָך ערגער פון אַ געטש... עפּעס אַ שטיק פלאָקען; היינט פאַר וואָס זשע זאָל איך פון איהם דאַרפען ליידען? געוויס, מיר איז שוין אַצינד אַלץ איינס: איך בין אַ מענש אַ פערלאָרענער, אַ פערליטענער, אַ דורכגעריבענער, ווי אַן אַלטער טעפּעל — אָבער דאָך, בין איך, פון דעסטוועגען, פאָרט אַ מענש און ניט עפּעס דאָרט אַ נישטיגער טעפּעל.

---

*) רוסישע היסטאָרישע העלדען. ל. פ.

— איך ווייס, איך ווייס, טענה ניט אזוי פיעל...

— גאַטעניו, גאָט מיינער! — האָט מיט היץ ווייטער גערעדט דער שוסטער: — ווען וועט שוין נעהמען א סוף? ווען, גאָטוניו? א שלים מזל בין איך, אן אייביגער שלים מזל! א שיקזאל אביסעל, נו א שיקזאל האָב איך, בעטראַכט נור! אין די יונגע יאָהרען האָט מיך געשלאָגען מיין בעל הבית, דער דייטש; אין דער סאמע שעהנסטער צייט פון מיין לעבען האָב איך געקראָגען קלעפּ פון מיינע אייגענע ברידער, און צום סוף, אויף די עלטערע יאָהרען, האָב איך זיך אָט צו וואָס דערדיענט...

— אַך דו, פאַרקלאָגטע נשמה — האָט ארויסגערעדט גאַוורילא — וואָס האָסטו זיך צו טענה׳ט, איך פרעג דיך?

— וואָס הייסט, גאַוורילא אנדרעאיטש! ניט פאַר די קלעפּ האָב איך מורא, גאַוורילא אנדרעאיטש. ווי זאָגט יענער: שטראָף מיך הינ־טער דער וואנד און גרים מיך פאַר מענשען, וועל איך זיך נאָך אַלץ רעכענען פאַר א מענשען מיט מענשען גלייך; אזוי אָבער, פון וועמען, אימשטיינס געזאָגט, קומט מיר אויס צו...

— נו, ארויס, וואָן! — האָט איהם אונגעדולדיג איבערגעשלאָ־גען גאַוורילא.

קאַפּיטאָן האָט זיך אָבגעקעהרט און זיך אוועקגעשלעפּט ווײַ־טער...

— און זאָל דאכטען, אז ער איז נישטאָ — האָט נאָכגעשריען דער הויז־מייסטער — דו אליין, ביזט צופריעדען?

— יאָ, צופריעדען — האָט געענטפערט קאַפּיטאָן און איז אוועק.

דער הויז־מייסטער איז זיך עטליכע מאָל דורכגעגאנגען איבער׳ן צימער.

— נו, איצט רופט מיר אהער טאַטיאַנאַ׳ן — האָט ער צום סוף ארויסגערעדט.

אין א פּאָאָר מינוטען ארום איז שטיל אָהן געררויש אריינגעקו־מען טאַטיאַנא און זיך אוועקגעשטעלט ביים שוועל.

— וואָס בעפעהלט איהר, גאַוורילא אנדרעאיטש? — האָט זי געפרעגט מיט א שטילען קול.

דער הויז־מייסטער האָט אויף איהר אויפמערקזאם א קוק גע־טהאָן.

— נו, — האָט ער ארויסגערעדט — טאַניושאַ, ווילסט חתונה האָבען? — די פּריצה'טע האָט פאר דיר א חתן אויסגעזוכט.

— איך פּאָלג, גאַווריליאַ אַנדרעאיטש. און וועמען האָט מען מיר פאר א חתן בעשטימט? — האָט זי צוגעזעצט מיט אונזיכערקייט.

— דעם שוסטער קאַפּיטאָן.

— איך פּאָלג.

— ער איז א לייכטזיננינער מענש — דאָס איז אמת. אָבער אין דעם פאַל האָפט די פּריצה'טע אויף דיר.

— איך פּאָלג.

— איז אָבער א צרה... דער טויבער, געראַסימקאַ, לויפט דאָך נאָך דיר נאָך און מיט וואָס האָסטו דעם דאָזיגען בער צו זיך צוגעצוי־גען? ער וועט דאָך דיר נאָך דער'הרג'ענען, אזא בער, ווי ער איז...

— ער וועט דער'הרג'ענען, גאַווריליאַ אַנדרעאיטש, אודאי וועט ער דער'הרג'ענען.

— דער'הרג'ענען... נו, דאָס וועלען מיר נאָך זעהן. ווי רעדסטו דאָס אזוי גלאַט: דער'הרג'ענען? האָט ער דען א רעכט דיך צו שלאָ־גען, טהו אליין א טראַכט?

—איך ווייס ניט, גאַווריליאַ אַנדרעאיטש, צו ער האָט, צו ניט.

— ס'אַרא מאָדנע! דו האָסט דאָך איהם קיין זאַך ניט צוגע־זאָגט...

— וואָס זאָגט איהר?

דער הויז־מייסטער האָט א ווײַלע געשוויגען און א טראַכט גע־טהאָן:

— „א ווילענלאָזע באַשעפעניש ביזטו!" נו, גוט — האָט ער צו־געזעצט: מיר וועלען נאָך וועגען דעם איבעררײַדען, און איצט געה, טאַניושאַ; איך זעה, דו ביזט טאַקע אויף אַן אמת א גוטע נשמה.

טאַטיאַנאַ האָט זיך אומגעקעהרט, לייכט אָנגעשפּאַרט זיך אָן דער פּריטאַלקע און איז אוועק.

„און אפשר וועט די פּריצה'טע מאָרגען אין גאַנצען פאַרגעסען וועגען דער דאָזיגער חתונה — האָט א טראַכט געטהאָן דער הויז־מייסטער — וואָס האָב איך זיך דאָ אזוי צוטומעלט! און אויפ'ן

ערגסטען פאַל וועלען מיר דעם עזות פּנים לעהרנען אביסעל דרך ארץ — מיר וועלען לאָזען וויסען אין דער פּאָליציי, אויב נויטיג...״ אוסטי־ניא פעאָדאָראָוונאַ ! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן מיט אַ הויך קול צו זיין ווייב : — שטעל אקאָרשט דעם סאַמאָוואַרטשיק, מיין פערעהרטע...

טאַטיאַנאַ איז כּמעט דעם גאַנצען טאָג ניט ארויס פון וועשעריי. אפריהער האָט זי אביסעל אַ וויין געטהאָן, דערנאָך האָט זי אָבגעווישט די טרעהרען, און זיך גענומען, ווי פריהער צו דער ארבייט. קאַפּיטאָן איז ביז שפּעט אין דער נאַכט אָבגעזעסען אין שיינק מיט עפּעס אַ חבר, וועלכער האָט געהאַט אַ פינסטערען אויסזעהן, און האָט איהם מיט איינצעלהייטען דערצעהלט, ווי ער האָט געאַרבייט אין פּעטערס־בורג ביי אַ געוויסען פּריץ, וועלכער איז אין אַלעם געווען גוט און האָט אויפגעפּאַסט אויף דער אָרדנונג. נור איין חסרון האָט ער געהאַט: ער האָט ליעב געהאַט דעם טראָפּען און וואָס בעלאַנגט דעם ווייבערשען געשלעכט, דאָ האָט ער טאַקע אויף אַן אמת געהאַט אַלע מעלות . . . דער פינסטערער חבר האָט נאָר צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.. אָבער ווען קאַפּיטאָן האָט, צום סוף, ערקלעהרט, אַז מאָרגען מוז ער צוליעב אַ געוויסער אורזאַך זיך אליין דאָס לעבען נעהמען, האָט דער פינסטע־רער חבר בעמערקט, אַז עס איז צייט צו שלאָפען. און זיי זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען גראָב און שווייגענדיג.

אין דער זעלבער צייט זיינען דעם הויז־מייסטער׳ס האָפנונגען ניט מקוים געוואָרען. דער פּריצה׳טע האָט דער געדאַנק וועגען קאַפּי־טאַנ׳ס חתונה אַזוי אַמוזירט, אַז זי האָט זאָגאַר ביי דער נאַכט וועגען דעם גערעדט מיט איינער פון איהרע קאָמפּאַניאָנקעס, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטען ביי איהר אין הויז נור אויף דעם פאַל פון שלאָפ־לאָזיגקייט און, ווי אַ ביינאַכטיגער פוהרמאַן, האָט זי געשלאָפען ביי טאָג.

ווען גאַווריל האָט איז נאָך טהעע אריין צו איהר מיט אַ בעריכט, איז איהר ערשטע פראַגע געווען : נו, וואָס הערט זיך מיט אונזער חתונה, געהט עס ? ער האָט זעלבסט פערשטענדליך געענטפערט, אַז עס געהט, ווי געשמירט, און, אַז קאַפּיטאָן וועט נאָך היינט קומען צו איהר. די פּריצה׳טע האָט זיך עפּעס געפיהלט ניט גאָר אין גאַנצען ; זי האָט זיך ניט לאַנג פערנומען מיט געשעפטען. דער הויז־מייסטער האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיך אין צימער און צוזאַמענגערופען אַלע

דיענער, אום זיך מיט זיי אַן עצה צו האַלטען. און די זאַך האָט טאַקע ווירקליך געדאַרפט, אַז מען זאָל זי גוט אַרומקלעהרען. טאַטיאַנאַ האָט געשוויגען; אָבער קאַפּיטאָן האָט פאַר אַלעמען ערקלעהרט, אַז ער האָט נור איין קאָפּ אויף די פּלייצעס און ניט צוויי און ניט דריי... געראַסים האָט אויף אַלעמען געקוקט מיט בייזע, שאַרפע בליקען, איז ניט אָבגעטראָטען פון דעם באַלקאָן, וואָס האָט געפיהרט צו די מיידלאַך־אין שטוב און ווי עס האָט געשיינט האָט ער זיך אָנגעשטויסען, אַז עס פערפיהרט זיך עפּעס נישט גוטעס פאַר איהם. די פאַרקליעבענע (צווישען זיי איז אויך געווען פערטראָטען דער אַלטער קעלנער מיט׳ן צונעמעניש פעטער ווײדעל, צו וועלכען אַלע האָבען מיט גרויס דרך ארץ זיך נאָך עצות געווענדעט. כאָטש זיי האָבען פון איהם מעהר ניט געהערט, ווי — אַזוי איז די מעשה, יאָ! יאָ, יאָ, יאָ!) — מען האָט אָנגעהויבען דערמיט, וואָס מען האָט אויף יעדען פאַל פערשטאַרקט קאַפּיטאָן׳ען אין אַ קעמערל מיט אַ וואַסער־לויטער מאַשין און מען האָט זיך גענומען טראַכטען, קנייטשען די שטערענס און זעהן וואָס ווייטער צו טהאָן. געוויס, עס איז געווען לייכט צו האַנדלען מיט געוואַלד; אָבער זאָל גאָט אויסהיטען! עס וועט ווערען אַ טומעל, דאָס וועט בעאונרוהיגען די פּריצה׳טע און דאַן — איז צרות! וואָס טהוט מען? מען האָט געטראַכט, געטראַכט און צום סוף האָט מען אויסגעטראַכט אַ שפּיצעל.

מען האָט פיעלע מאָל בעמערקט, אַז געראַסים קען ניט פערטראָגען קיין שיכורים... זיצענדיג פאַר׳ן טויער, האָט ער זיך יעדעס מאָל מיט פעראַכטונג אָבגעקעהרט, ווען פערביי איהם פלעגט מיט אונזיכערע טריט און מיט דעם היטעל אָן אַ זייט פערבייגעהן אַ שיכור. האָט מען בעשלאָסען אָנצורײדען טאַטיאַנאַ׳ן, זי זאָל זיך מאַכען פאַר אַ שיכור׳ע און זאָל פאַרבייגעהן, שאָקלענדיג זיך און וואַנקענדיג אין גאַנג, פערביי געראַסים׳ען. דאָס אָרים מיידעל האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט בעשטעהן דערויף, נור מען האָט איהר ווי עס איז איינגערעדט; דערצו האָט זי אַליין איינגעזעהן, אַז אַנדערש וועט זי זיך ניט אָבטשעפּען פון איהר ליעבהאָבער. זי איז אַוועק. קאַפּיטאָן׳ען האָט מען אַרויסגעלאָזט פון קעמערל. ווי די זאַך איז, זי האָט דאָך פאָרט געהאַט מיט איהם איצט אַ שטיקעל שייכות. געראַסים איז געזעסען פאַר׳ן טויער און האָט געשטורכעט מיט אַ שאָפעל די ערד...

פון הינטער אלע ווינקלען, פון הינטער די שטארעס אויף די פענסטער האט מען געקוקט אויף איהם...

דער שפיצעל האט זיך איינגעגעבען נאך בעסער ווי געוואונשען. דערזעהענדיג טאטיאנא'ן, האט ער צוערשט ווי געוועהנליך גענומען מאכען צו איהר מיט'ן קאפ און פריינדליך ברילען; דערנאך האט ער זיך אין איהר גוט איינגעקוקט, האט ארויסגעלאזט די לאפעטע פון די הענד, איז צוגעגאנגען צו איהר, צוגערוקט זיין פנים נאהענט צו איהר פנים... פאר שרעק האט זי זיך נאך מעהר גענומען טרייסלען און אזש די אויגען פערמאכט... ער האט זי געכאפט פאר א האנד, דורכגעשלעפט זי דורכ'ן גאנצען הויף, און, אריינגעקומען מיט איהר אין צימער, וואו עס זיינען געזעסען אלע בעלי עצות, האט ער זי א שטויס געטהאן גלייך צו קאפיטאן'ען. טאטיאנא איז געבליעבען א פערשטארבענע... געראסים איז נאך געשטאנען א ווייל'ע, געקוקט אויף איהר, א מאך געטהאן מיט א האנד, שפאטיש א שמייכעל געטהאן און איז אוועק, טרעטענדיג שווער, צו זיך אין קעמערל... א גאנצען מעת לעת איז ער פון דארט ניט ארויסגעגאנגען. דער דיענער אנטיפקא האט דערנאך דערצעהלט, אז ער האט דורך א שפארונע געזעהן, ווי געראסים, זיצענדיג אויף דער בעט, די באק אויף'ן האנד אנגעשפארט, האט שטיל, גלייכמעסיג און נור זעלטען ברילענדיג, — געזונגען, דאס הייסט ער האט זיך געשאקעלט, פערמאכט די אויגען און געטרייסעלט מיט'ן קאפ, ווי די פוהרמאנעס אדער בורלאקעס, ווען זיי נעהמען זינגען זייערע אומעטיגע ליעדער. אנטיפקא'ן איז געווארען מורא'דיג און ער איז אוועק פון דער שפארונע.

ווען געראסים איז אויפ'ן צווייטען טאג ארויס פון זיין קעמערל, האט מען אין איהם קיין בעזונדערע ענדערונג ניט געקענט בעמערקען. ער איז בלויז געווארען עפעס ווי נאך פינסטערער, און אויף טאטיאנא'ן און קאפיטאן'ען האט ער אפילו ניט א קוק געטהאן. אין דעם אייגענעם אבענד זיינען זיי ביידע אוועק צו דער פריצ'טע, און אין א וואך ארום האבען זיי חתונה געהאט.

אין דעם טאג פון דער חתונה האט געראסים זיך אויפגעפיהרט פונקט אזוי ווי אלע טאג; נור פון טייך איז ער געקומען אהן וואסער: ער האט עפעס אויפ'ן וועג צובראכען די פעסעל; און ביי דער נאכט האט ער אין שטאל מיט אזא אייפער גערייניגט און געריבען זיין פערד,

אז יענער האט זיך געטרייסעלט, ווי א שטויבעלע אויפ'ן ווינד און זיך געוואָרפען פון איין פוס אויף דער אנדערער אונטער זיינע אייזערנע פויסטען.

דאָס אלעס איז פאָרגעקומען אין פריהלינג.

עס איז אוועק נאָך א יאָהר און קאַפּיטאָן האָט זיך אין גאַנצען אריינגעלאָזען אין שיכרות און אלס א מענש, וואָס טויג אויף קיין שום זאך ניט, האָט מען איהם אוועקגעשיקט ערגעץ ווייט אין א דאָרף, צוזאמען מיט זיין ווייב. אין דעם טאָג, וואָס ער האָט געדארפט אָב־פאָהרען, האָט ער זיך אין אָנהויב געהאלטען מוטהיג און פערזיכערט, אז וואוהין מען זאָל איהם ניט שיקען, כאָטש ביים טייפעל אויפ'ן עק, וועט ער אלץ נישט פערלאָרען געהן; נור דערנאָך איז ער ביי זיך אראָבגעפאלען, האָט זיך גענומען קלאָגען, אז מען שיקט איהם צו אונ־געבילדעטע מענשען, און איז, צום סוף, אזוי אָבגעשוואכט געוואָרען, אז ער האָט אפילו זיין אייגענע היטעל אויף זיך ניט געקענט אָנטהאָן; עפּעס א גוטע נשמה האָט זי איהם אויפ'ן שטערן אראָבגעקרוקט, פער־ריכט דעם קאָזיראָק און פון אויבען איהר צוגעקלאַפּט.

ווען אלעס איז שוין פערטיג געווען, און די פויערים האָבען שוין געהאלטען די לייצעס אין די הענד און בלויז געוואַרט אויף די ווער־טער: „א גליקליכער וועג!" איז געראַסים ארויס פון זיין קעמערל, איז צוגעגאנגען צו טאַטיאַנאַ'ן און איהר געשענקט צום אנדענקען א לייווענטענע טיכעל, וואָס ער האָט געקויפט פאר איהר נאָך מיט א יאָהר צוריק. טאַטיאַנאַ, וועלכע האָט ביז דיעזען מאָמענט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט איבערגעטראָגען אלע קלעפּ פונ'ם שיק־זאַל, האָט דאָ שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, האָט זיך צו־וויינט און, זעצענדיג זיך אין וואָגען, האָט זי אויפ'ן קריסטליכען שטייגער, זיך דריי מאָל צוקושט מיט געראַסים'ן. ער האָט זי געוואָלט בעגליי־טען ביז'ן שלאַגבוים און האָט שוין געהאַט גענומען געהן נעבען איהר וואָגען, נור פּלוצים האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען קרימער בריק, האָט א מאך געטהאָן מיט א האנד און איז אוועק פּאַזע טייך.

דאָס איז געווען פארנאַכט צייט. ער איז געגאנגען און געקוקט אויפ'ן טייך. פּלוצים האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז עפּעס צאַפּעלט זיך אין בלאָטע ביים סאַמען ברעג. ער האָט זיך איינגעבויגען און דערזעהן א קליין הינטעל, א ווייס מיט שווארצע פלעקען, וואָס האָט

זיך געמאַרטערט מיט אַלע כוחות ארויסצוקריכען פון דער בלאָטע און בשום אויפ'ן ניט געקענט, האָט זיך געדראַפּעט, געוואָרפען אויסגע־גליטשט מיט זיין נאַסען און מאָגערען קערפּער'ל. געראַסים האָט א קוק געטהאָן אויף דאָס אונגליקליכע הינטעלע, א כאַפּ געטהאָן איהם עס מיט איין האנד, אריינגעשפּארט צו זיך אונטער'ן בוזעם און גענומען זיך געהן מיט גרויסע טריט אהיים...

ער איז אריין אין זיין קעמערל, אוועקגעלייגט דעם געראַטעווע־טען הינטעלע אויפ'ן בעטעל, צוגעדעקט איהם מיט זיין שווערען פּעל־צעל, האָט א לאָף געטהאָן א פריהער אין פערד־שטאַהל נאָך שטרוי, דערנאָך אין קיך נאָך א טעצעלע מילך. אָבגערוגט פאָרזיכטיג דאָס פּעלצעל און אויסגעשפּרייט די שטרוי, האָט ער אוועקגעשטעלט די מילך אויף דער בעט. דאָס אָרים הינטעלע איז געווען ערשט דריי וואָ־כען אַלט, די אויגען האָבען זיך ערשט ניט לאַנג געהאַט דורכגעשניטען, איין אויג האָט זיך זאָגאַר אויסגעוויזען אביסעל גרעסער פון דער אַנ־דערער; עס האָט נאָך אפילו ניט געקענט טרינקען פון טעצעל און האָט נור געציטערט און מיט די אויגען געזשמורעט. געראַסים האָט איהם לייכט, מיט צוויי פינגער, אָנגענומען פאַר'ן קאָפּ און צוגעבויגען זיין מאָרדעטשקע צו די מילך. דאָס הינטעל האָט פּלוצים גענומען טרינ־קען מיט גרויס דורשט, פאָרשקענדיג, טרייסלענדיג זיך.

געראַסים האָט געקוקט, געקוקט און פּלוצים גענומען לאַכען... די גאַנצע נאַכט האָט ער געפּאַדעט ארום איהם, האָט איהם אוועקגע־לייגט, ארומגעווישט איהם און איז צום סוף, איינגעשלאָפען נעבען איהם מיט עפּעס א מין פרעהליכען שטילען שלאָף.

קיין מוטער איז נישט אזוי ארומגעגאַנגען ארום איהר קינד, ווי געראַסים איז אַרומגעגאַנגען ארום זיין הינטעל. די ערשטע צייט איז דאָס הינטעל געווען שוואַך, מאָגער און ניט שעהן, ביסלאכווייז איז עס געוואָרען שטאַרקער, האָט זיך אויסגעגלייכט און איין א מאָנאַטען אכט אָרום, א דאַנק דער גוטער פּפלעגע פון זיין רעטער, איז עס געוואָ־רען גאָר א וואויל הינטעל פון שפּאַנישער פּאַראָדע, מיט לאַנגע אויע־רען, מיט א האָאָריגען וויידעל, ווי א האָרן, און מיט גרויסע אויס־דרוקספאָלע אויגען. עס האָט זיך לײדענשאַפטליך צוגעבונדען צו גע־ראַסים'ען און איז ניט אָבגעשטאַנען פון איהם אויף איין טריט, איז אַלץ נעגאַנגען נאָך איהם, דרעהענדיג מיט'ן עק. ער האָט איהם אויך א

נאָמען געגעבען — די שטומע ווייסען, אז זייער ברילען ציהט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אנדערע — ער האָט איהם אָנגערופען מומו. אַלע מענשען אינ'ם הויז האָבען איהם ליעב געקראָגען און האָבען איהם אויך גערופען מומוניא. דאָס הינטעל איז געווען זעהר קלוג, האָט זיך צו אַלעמען געלאַסטשעט, אָבער געליעבט האָט עס נור געראַסים'ען. און געראַסים אליין האָט איהם געליעבט אָהן א ברעג... און איהם איז אונאַנגענעהם געווען, ווען אַנדערע האָבען דעם הינטעל געגלעט: צו האָט ער מורא געהאַט פאַר איהם, צו איז ער געווען צו איהם אייפער־זיכטיג — גאָט ווייסט! דאָס הינטעל האָט איהם געוועקט אין דער פריה, ציהענדיג איהם פאַר א פּאָלע, פלעגט איהם ברייגגען צו פיהרען פאַר איין לייצע דאָס אַלט פערדעל אויף וואַסער פיהרען, מיט א ערנסטען פּנים פלעגט עס אוועק צוזאַמען מיט איהם אויפ'ן טייך, האָט געהיט די בעזימער און די לאָפּאַטעס, האָט קיינעם ניט צוגעלאָזען צו זיין קעמערל. ער האָט אומיסטנע פאַר'ן הינטעל אויסגעשניצט א שפּאַלט אין זיין טהיר און דאָס הינטעל האָט עפּעס ווי געפיהלט, אַז נור אין געראַסים'ס קעמערל איז ער א פאָלשטענדיגער בעל הבית, און דערפאַר, אריינקומענדיג אהין, איז עס גלייך מיט א צופריעדע־נער מינע ארויפגעשפרונגען אויפ'ן בעט. ביי דער נאַכט איז עס גאָר אין גאַנצען ניט געשלאָפען, האָט אָבער ניט געבילט גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין, ווי א פּראָסט הינטעל, וועלכעס, זיצענדיג אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און אויפגעהויבען די מאָרדע און פערזשמורעט די אויגען, בילט סתם אין דער וועלט אריין אויף דער לבנה, און גע־וועהנליך, עטליכע מאָל כסדר — ניין! מומו'ס דין קול'כעל האָט זיך קיין מאָל ניט געהערט אומזיסט! אָדער א פרעמדער איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום צוים, אָדער ערגעץ־וואו האָט זיך געהערט א פערדעכטי־גער טומעל, אָדער גערויש.... מיט איין וואָרט, מומו האָט אויסגע־צייכענט געהיט. אמת, אויסער איהם איז אויפ'ן הויף געווען נאָך אַן אַלטער הונד, א געלער מיט שוואַרץ־ברוינע פלעקען, מיט'ן נאָמען וואָלטשאָק, נור יענעם האָט מען קיין מאָל, אפילו ביי נאַכט, ניט אראָבגעלאָזט פון קייט, און ער אליין, האָט צוליעב זיין שוואַכקייט ניט געפאָדערט קיין פרייהייט — איז זיך געלעגען צוזאַמענגעדרעהט אין זיין קאָנורע און בלויז צייטענווייז ארויסגעלאָזט א הייזעריגען, כמעט קלאַנגלאָזען געברילל, וועלכען ער האָט גלייך איבערגעריסען,

ווי ער וואָלט אַליין פּיהלען די גאַנצע נוצלאָזיגקייט דערפון.

אין דעם פּריצישען הויז איז מומו ניט געגאַנגען, און ווען גע־ראַסים האָט געטראָגען אַהין האָלץ אין די צימערען, איז ער שטענדיג געבליבען פון הינטען און האָט אונגעדולדיג געוואַרט ביים גאַניק מיט אָנגעשטעלטע אויערען און דרעהענדיג דעם קאָפּ דאָ אויף רעכטס, דאָ פּלוצים אויף לינקס, ביי דעם קלענסטען קלאַפּ הינטער די טהי־רען . . .

אַזוי איז אַוועק נאָך אַ יאָהר. געראַסים האָט ווייטער געטהאָן זיין אַרבייט אַלס הויז קנעכט און איז געווען גאַנץ צופריעדען מיט זיין שיקזאַל, ווען פּלוצים האָט זיך געטראָפען אַן אונערוואַרטעטער צו־פאַל . . . און נעמליך: אין איין שעהנעם זומערדיגען טאָג איז די פּריצה׳טע אַרומגעגאַנגען מיט איהרע הויף־פרויען איבער׳ן גאַסט־צימער. זי איז געווען אויפגעלייגט, האָט געלאַכט און געשפּאַסט; די פרויען האָבען געלאַכט און אויך געשפּאַסט, אָבער קיין בעזונדער פרייד האָבען זיי ניט געפיהלט. אין שטוב האָט מען ניט שטאַרק הנאה גע־האַט, ווען אויף דער פּריצה׳טע איז אָנגעקומען אַ פרעהליכע שעה, ווייל ערשטענס, האָט זי דאַן פון אַלעמען געפאָדערט, אַז זיי זאָלען גלייך ווערען לוסטיג און פרעהלאַך און האָט זיך געבייזערט, ווען ביי וועמען עס איז האָט דאָס פּנים ניט געשטראַהלט פאַר פערגעניגען, און צווייטענס, ווייל דער דאָזיגער גוטער מוטה איהרער האָט, געוועהנ־ליך, אָנגעהאַלטען זעהר ניט לאַנג און נאָכדעם פלעגט זי אימער אַרומ־געהן אַ פינסטערע, אַ זויערע, אַ פערקרימטע.

אין יענעם טאָג, איז זי באַלד אין דער פריה אויפגעשטאַנען אַ גליקליכע; אין קאָרטען איז איהר אויסגעפאַלען פּיער אונטערס: דאָס מיינט, אַז אַלע איהרע פערלאַנגען וועלען מקוים ווערען. (זי האָט אימער אין די פריהמאָרגענס געוואָרפען קאָרטען), און דער טהעע האָט זיך איהר אויסגעוויזען בעזונדערס געשמאַק, פאַרוואָס די דיענסט האָט געקראָגען געלויבט מיט ווערטער און אַ צוואַנציגער אין געלד. מיט אַ זיסען שמייכעלע אויף איהרע צוקאַרטשעטע ליפּען האָט די פּריצה׳טע געשפּאַצירט איבער׳ן גאַסט־צימער און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. פאַר׳ן פענסטער איז געווען פאַרזעעט אַ גערטעל, און אויף דער סאַמע מיטעלסטער בעעט אונטער אַ ראָזען־בוש איז געלעגען מומו און געגריזשעט אַ ביינדעל. די פּריצה׳טע האָט איהם דערזעהן.

— מיין גאָט! — האָט זי פּלוצים אויסגעשריען — וואָס איז דאָס פאַר א הינטעל?

די פרוי, צו וועלכע די פריצה'טע האָט זיך געווענדעט מיט דער פראַגע, איז צומישט געוואָרען, זי האָט זיך גענומען דרעהען אויף אַלע זייטען, די אָרעמענקע, מיט יענער אומעדיגער אונרוהיגקייט, וועלכע עס פאלט געוועהנליך אָן אויף אָן אונטערגעאָרדענטען מענשען, ווען ער פערשטעהט נאָך ניט גענוי, ווי צו פערשטעהן דעם אויסרוף פון זיין פאָרגעזעצטען, פון זיין נאַטשאַלניק.

— אי־יי־ך וויים ניט — האָט זי אַרויסגעשטאַמעלט — דאכט זיך דעם שטומען'ס.

— גאָט מיינער! — האָט זי אונטערבראָכען די פריצה'טע: ער איז דאָך עפּעס גאָר א שעהן הינטעל! הייסט איהם ברייננגען אהער. ער איז שוין לאַנג ביי איהם? ווי אזוי האָב איך עס איהם ניט געזעהן ביז אהער? הייסט איהם ברייננגען אהער.

די פרוי האָט גלייך אַרויסגעשוועבט אין פיהר־הויז.

— הערט נור, הערט! — האָט זי גענומען שרייען — ברייננגט אויף גיך אהער מומו'ן! ער איז אין גערטעל.

אזוי, מען רופט איהם מומו? — האָט אַרויסגערעדט די פריצה'טע זעהר א שעהנער נאָמען.

— אָך, זע־ה־ר! — האָט געענטפערט די פרוי. — גיכער, סטעפּאַן!

סטעפּאַן, א געזונדער יונג, וועלכער האָט דאָ געדיענט אַלס לאַקעי, האָט זיך א וואָרף געטהאָן און גענומען שטעלען פיס צום גערטעל און האָט שוין געהאט געוואָלט כאַפּען מומו'ן, נור דאָס הינטעל האָט זיך פלינק אַרויסגעדרעהט פון זיינע פינגער און, פעררייסענדיג דעם עק, האָט עס זיך געלאָזט לויפען צום געראַסים'ען, וועלכעל האָט אין דער זעלבער צייט נעבען קיך אַרויסגעקייקעלט און אויסגעשאָקעלט א פאַס, דרעהענדיג זי אין די הענד, ווי א קינדערשען באַראַבאַן. סטעפּאַן האָט זיך געלאָזט לויפען נאָכ'ן הונד און איהם געהאט שוין אָנגעכאַפּט נעבען געראַסימ'ס פיס; אָבער דאָס פלינק הינטעל האָט זיך ניט געלאָזט כאַפּען פון פרעמדע הענד, איז געשפּרונגען און האָט זיך אַרויסגעדרעהט. געראַסים האָט געקוקט מיט א שפּאָטישען שמייכעל אויף דעם גאַנצען עסק; צום סוף, האָט סטעפּאַן

מיט כעס זיך אויפגעהויבען און איילענדיג האָט ער מיט צייכענס איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז די פריצה'טע פערלאַנגט דאָס הינטעל צו זיך.

געראַסים האָט זיך אביסעל פערוואונדערט, פון דעסטוועגען האָט ער צוגערופען מומו'ן, האָט איהם אויפגעהויבען פון דר'ערד און איי־בערגעגעבען סטעפּאַן'ען. סטעפּאַן האָט איהם געבראַכט אין גאַסט־צימער און אַראָבגעשטעלט אויף דעם פּאַרקעט. די פריצה'טע האָט מיט א פריינדליכען קול איהם גענומען רופען צו זיך. מומו, וועלכער איז אין זיין לעבען ניט געווען אין אזעלכע גרויסאַרטיגע צימערען, האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט זיך געהאַט א וואָרף געטהאָן צו דער טהיר, נור, א שטויס געטהאָן צוריק פון סטעפּאַן'ען, האָט ער גע־נומען ציטערען און זיך צוגעדריקט צו דער וואַנד.

— מומו, מומו, קום צו מיר, קום צו דער פריצה'טע, — האָט זי גערופען די פריצה'טע — קום אַהער, נאַרעלע... האָב ניט מורא...

— געה צו, געה צו, מומו, צו דער פריצה'טע — האָבען אויך געזאָגט די פרויען: — געה צו!

אָבער מומו האָט זיך אומעטיג אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען און זיך ניט געריהרט פונ'ם אָרט.

— ברייגנגט איהם עפּעס צו עסען— האָט געזאָגט די פריצה'טע — וואָס פאַר א נאַר ער איז! צו דער פריצה'טע וויל ער ניט געהן. וואָס האָט ער מורא?

— ער איז נאָך ניט געוועהנט — האָט מיט א צושראָקענעם און איינשמייכלענדען קול אַרויסגערעדט איינע פון די פרויען.

סטעפּאַן האָט געבראַכט א טעצעלע מיט מילך, האָט עס אוועק־געשטעלט פאַר מומו'ן; אָבער מומו האָט די מילך אפילו ניט א שמעק געטהאָן, האָט אַלץ געציטערט און זיך אַרומגעקוקט, ווי פריהער.

— אַך, וואָס פאַר א מאָדנער דו ביזט! — האָט אַרויסגערעדט די פריצה'טע, צוגעהענדיג צו איהם, זיך איינגעבויגען און געוואָלט א גלעט טהאָן איהם, אָבער מומו האָט קאָנוואולסיוו א קעהר געטהאָן דעם קאָפּ און האָט אויסגעשצירעט די צייהן.

די פריצה'טע האָט פלינק א כאַפּ געטהאָן די האַנד צוריק...

א מאָמענט האָבען אַלע געשוויגען. מומו האָט שוואַך א סקאַ־וואוטשע געטהאָן, ווי זי וואָלט זיך קלאָגען און ענטשולדיגען... די

פריצה'טע איז אבגעגאנגען און זיך אנגעכמורעט. די פלוצימדיגע בע־וועגונג פונ'ם הונד האט זי דערשראקען.

— אך! — האבען א געשריי געטהאן אלע פרויען אין איין קול

— צו האט ער אייך ניט, זאל גאט אויסהיטען, א ביס געטהאן? (זייט מומו לעבט, האט ער נאך קיינעם ניט געביסען) אך, אך!

— איהם גלייך פון דאנען ארויסיאגען — האט ארויסגערעדט די אלטע שוין גאר מיט אן אנדער קול — א שלעכטער הונד! וואס פאר א בייזער ער איז!

און לאנגזאם א קעהר געטהאן זיך, האט זי גענומען געהן צו זיך אין קאבינעט. די פרויען האבען צושראקען זיך איבערגעקוקט און גע־האט זיך געלאזט געהן נאך איהר, נור זי האט זיך אבגעשטעלט, קאלט אויף זיי א קוק געטהאן, ארויסגערעדט: „צו־וואס איז דאס? איך רוף דאך אייך ניט", און איז אוועק.

די פרויען האבען גענומען מאכען פערצווייפעלט מיט די הענד צו סטעפאן'ען; יענער האט אונטערגעכאפט מומו'ן און איהם ארויס־געווארפען וואס גיכער דורך די טהיר, גלייך צו געראסים'ס פיס — און אין א האלבע שעה ארום האט אין הויז שוין געהערשט א טיעפע שטילקייט, און די אלטע פריצה'טע איז געזעסען אויף איהר זאפע פינסטערער פון א שווארצען וואלקען.

מערקווירדיג, וואס פאר א קלייניגקייטען עס קאנען אמאל צו־רודערען א מענשען!

ביז שפעט אין אבענד איז די פריצה'טע געווען שלעכט אויפ־געלייגט, האט מיט קיינעם ניט גערעדט, ניט געשפיעלט אין קארטען און די נאכט האט זי געהאט א שלעכטע. האט אויסגעטראכט, אז דער אדעקאלאן איז ניט דער ריכטיגער, אז פון איהר קישען שמעקט מיט זייף און האט געצוואונגען איהר הויז־אויפזעהערין דורכשמעקען די גאנצע וועש. מיט איין ווארט, זי האט זיך שטארק אויפגערעגט און געהיצט. אויף מארגען אין דער פריה האט זי געהייסען רופען צו זיך גאווריל'א'ן מיט א שטונדע פריהער, ווי געוועהנליך.

— זאג נור, איך בעט דיך — האט זי אנגעהויבען, ווי נור יע־נער האט מיט ציטערענדיגען הארצען אריבערגעטראטען דעם שוועל פון איהר קאבינעט: — וואס פאר א הונד האט עס ביי אונז אויפ'ן הויף א גאנצע נאכט געבילט? מיך שלאפען ניט געלאזט!

— אַ הונד... וועלכער... אפשר דעם שטומענ׳ס הונד — האָט ער אַרויסגערעדט מיט ניט גאָר קיין פעסטען קול.

— איך וויים ניט, צו דעם שטומענס, צו אַן אַנדערענס, אָבער ער האָט מיך שלאָפען ניט געלאָזט. און, בכלל, וואונדער איך זיך, אויף וואָס דאַרף מען אַזוי פיעל הינד! איך וויל וויסען. עס איז דאָך ביי אונז פאַראַן איין הונד אין הויף?

— ווי־דען, אודאי איז דאָ. וואָלטשאָק.

— נו, איז וואָס דאַרף מען נאָך, אויף וואָס טויג אונז נאָך אַ הונד? דאָס ברייננגט בלויז אריין אונאָרדנונג. עס איז נישטאָ קיין אויפזעהער אינ׳ם הויז — אָט וואָס. און צו־וואָס דאַרף דער שטומער אַ הונד? ווער האָט איהם ערלויבט ביי מיר אין הויף הינד צו האַל־טען? נעכטען געה איך צו צום פענסטער, ערשט ער ליעגט זיך אין גערטעל, געבראַכט צו שלעפען עפּעס אַ שטיק שוויינעריי און גריזשעט עס— און ביי מיר זיינען דאָרט ראָזען פערזעעט...

די פּריצה׳טע האָט אַ ווײַלע געשוויגען.

— היינט נאָך זאָל זיך זיין דוך דאָ מעהר ניט געפינען... הערסט?

— איך הער.

— היינט נאָך. און אַצינד געה. מיט דיין בעריכט וועל איך דיך רופען שפּעטער.

גאַווריל איז אַרוים.

דורכגעהענדיג דורכ׳ן גאַסט־צימער, האָט ער פון אָרדנונג וועגען איבערגעשטעלט דעם גלעקעל פון איין טיש אויפ׳ן צווייטען, האָט שטילינקערהייד אויסגעשמאַרקעט אין זאַאל זיין נעזעל, ווי ביי אַן ענטעל, און איז אַרוים אין פיהר׳הויז.

אין פיהר־הויז אויף אַ סיעניק אַז געשלאָפען סטעפּאַן, ווי אַ דער׳הרג׳עטער העלד אויף אַ קריעגס־בילד מיט קראַמפּהאַפט אויסגע־צויגענע נאַקעטע פיס פון אונטער דעם רעקעל, וועלכער האָט איהם געדיענט אַנשטאָדט אַ קאָלדרע. דער הויז מייסטער האָט איהם אַ טריי־סעל געטהאָן און געגעבען איהם אין דער שטיל עפּעס אַ בעפעהל, אויף וועלכען סטעפּאַן האָט געענטפערט מיט אַ האַלב־געגעץ, האַלב־געלעכ־טער. דער הויז־מייסטער איז אַוועק, און סטעפּאַן איז אויפגעשפּרונגען, האָט אַרויפגעשלעפּט, אויף זיך דעם קאַפּטען און שטיוועל,

איז ארוים און אָבגעשטעלט זיך ביים בריקעל. עס איז ניט אוועק קיין פינף מינוט, ווי עס האָט זיך בעוויזען געראַסים מיט זעהר א גרויסען בינטעל האָלץ אויפ'ן רוקען, הינטער איהם איז געגאַנגען זיין שטענדגער בעגלייטער, מומו. (די פריצה'טע האָט איהר שלאָף צימער און דעם קאַבינעט געהייסען הייצען אפילו זומער) געראַסים האָט זיך געשטעלט מיט א זייט פאַר דער טהיר, האָט זי א שטויס געטהאָן מיט א פלייצע און איז אריינגעפאַלען אין שטוב צוזאַמען מיט זיין משא.

מומו איז, ווי געוועהנליך, געבליבען וואַרטען אויף איהם. דאַן האָט סטעפּאַן, אויסוואַרטענדיג א פּאַסענדען מאָמענט, זיך פלוצים אויף איהם א וואָרף געטהאָן, ווי א רויב־פויגעל אויף א ציפּליאָנאָק'ל האָט איהם צוגעשטיקט מיט'ן ברוסט צו דער ערד, א כאַפּ געטהאָן מיטביידע הענד און, ניט אָנטהועענדיג אפילו די היטעל, איז ער ארויסגעלאָפען מיט איהם אויפ'ן הויף, האָט זיך געזעצט אוף דער ערשטער בעסטער דראָזשקע און איז אוועקגעפלויגען אין דעם אַנדער עק שטאָדט. דאָרט האָט ער שנעל געפונען א בעלן, וועמען ער האָט מומו'ן אוועקגעגעבען פאַר א האַלבען רובעל, מיט דעם בעדינג, אז ער זאָל דעם הינטעל לכל הפּחות א וואָך האַלטען אויפ'ן קייט, און האָט זיך גלייך צוריק אומגעקעהרט; אָבער, ניט דערפאָהרענדיג צום הויז, איז ער אַראָבגעקראָכען פון דער דראָזשקע און, אַרומגעהענדיג דעם הויף אַרום און אַרום, איז ער פון א הינטערשטער געסעל אריבער־געשפרונגען איבער'ן פּאַרקאַן אין הויף אריין; דורך דער גאָרטען־טהירעל האָט ער מורא געהאַט צו געהן, ער זאָל דאָרט ניט אָנטרעפען זיך מיט געראַסים'ען.

זיין מורא איז אייגענטליך געוועזן אן אומזיסטע: געראַסים איז שוין אויפ'ן הויף ניט געוועזן. ארויסגעהענדיג פון שטוב, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אז מומו איז נישטאָ; עס האָט נאָך ניט געטראָפען אז מומו זאָל ווען עס איז ניט וואַרטען, ביז ער וועט צוריק ארויס־קומען, און ער האָט גענומען ארומלויפען, זוכען איהם, רופען אויף זיין שטייגער... האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו זיין קעמערל, געזוכט און די קופּעס הייה, איז ארויסגעשפּרונגען אויף דער גאַס, — אהער, אהין... פערפאַלען געוואָרען! מאַכענדיג פערצווייפעלטע צייכענס, האָט ער זיך געווענדעט צו מענשען, געפרעגט וועגען זיין הינטעל,

אַנוווייזענדיג אויף אַ האַלב אַרשין פון דער ערד, האָט איהם געמאַה־לען מיט די הענד... אַנדערע האָבען טאַקע ניט געוואוסט, וואו מומו איז אַהינגעקומען און האָבען בלויז געשאָקעלט מיט די קעפּ און אַנ־דערע האָבען געוואוסט און שפּאָטיש געשמייכעלט אַלס ענטפער, און דער הויז־מייסטער האָט געמאַכט אַ זעהר שטרענגע מינע און גענומען שרייען אויף די קוטשערס. דאַן איז געראַסים ארויס פון הויף און זיך געלאָזט לויפען.

עס איז שוין דונקעל געוואָרען, ווען ער האָט זיך צוריק אומגע־קעהרט. נאָך זיין אויסגעמאַטערטען פּנים, נאָך די פערשטויבטע קליי־דער און דעם אונזיכערען גאַנג, האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסען, אַז ער איז דורכגעלאָפען אַ האַלב מאָסקווע. ער האָט זיך אָבגעשטעלט אַנטקעגען די פּריצה׳שע פענסטער, האָט געוואָרפען אַ בליק אויף דעם בריקעל, אויף וועלכען עס האָבען זיך צוזאַמען געקליבען ביי אַ זיעבען פּאַרשוין, אַלץ בעדיענטע, האָט זיך אָבגעקעהרט און נאָך אַמאָל אַ קוויטשע געטהאָן: „מומו!" — מומו האָט זיך ניט אָבגערו־פען. ער איז אַוועק ווייטער. אַלע האָבען איהם נאָכגעקוקט, אָבער קיי־נער האָט ניט אַ שמייכעל געטהאָן, ניט געזאָגט קיין וואָרט... און דער נייגעריגער דיענער אַנטיפּקאַ האָט אויף מאָרגען אין דער פריה דער־צעהלט אין קיך, ווי דער שטומער האָט אַ גאַנצע נאַכט געאָכצט און געקרעכצט.

אויף מאָרגען האָט זיך געראַסים דעם גאַנצען טאָג ניט געוויזען און אַנשטאָדט איהם האָט דער קוטשער פּאָטאַפּ געמוזט פּאָהרען נאָך וואַסער פון וואָס דער קוטשער פּאָטאַפּ איז געווען שטאַרק ניט צו־פריעדען. די פּריצה׳טע האָט געפרעגט גאַווריל׳אַ׳ן, צו האָט מען אויס־געפיהרט איהר בעפעהל. גאַווריל׳אַ האָט געענטפערט, אַז יאָ.

אויפ׳ן צווייטען טאָג אין דער פריה איז געראַסים ארויס פון זיין קעמערל צו דער אַרבייט. צו מיטאָג איז ער געקומען, האָט אָבגעגעסען און איז צוריק אַוועק, קיינעם ניט גריסענדיג. זיין פּנים, וואָס איז אַזוי אויך געווען אָהן שום לעבען, ווי ביי אַלע טויב־שטומע, איז איצט ווי פערשטיינערט געוואָרען. נאָך מיטאָג איז ער ווידער אַוועק פון הויף, אָבער ניט אויף לאַנג, ער האָט זיך אומגעקעהרט און איז גלייך אַוועק צו די קופּעס הייה...

עס איז צונעפאַלען די נאַכט, אַ העלע און אַ ליכטיגע. שווער זיפ־

צענדיג און זיך דרעהענדיג אָהן אויפהער פון איין זייט אויף דער אַנדערער, איז געלעגען געראַסים, און פּלוצים האָט ער דערפיהלט, ווי מען רייסט איהם עפּעס פאַר אַ פּאָלע; ער האָט זיך אין גאַנצען גענומען טרייסלען, דאָך האָט ער ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט זיך זאָגאַר פערזשמורעט; נור אָט, האָט מען איהם ווידער אַ שלעפּ געטהאָן, נאָך שטאַרקער ווי פריהער; ער איז אויפגעשפּרונגען... פאַר איהם, מיט אַן אָבגעריסען קייטעל אויפ׳ן האַלז, האָט זיך געדרעהט מומו. אַ לאַנגער געשריי פון פרייד האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין שטומער ברוסט; ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן מומו׳ן, און איהם געדריקט אין זיינע אָרעמס; אין איין אויגענבליק האָט איהם דאָס הינטעל אַרומגעלעקט די נאָז, די אויגען, די וואָנצעס און די באָרד... געראַסים איז אַ ווײַלע געשטאַנען, האָט געטראַכט, דערנאָך איז ער פאָרזיכטיג אַראָבגעקראָכען פון די הייה, זיך אַרומגעקוקט און, פערזיכערענדיג זיך, אַז קיינער וועט איהם ניט זעהן, איז ער אריין צוריק צו זיך אין קעמערל. ער האָט זיך נאָך פריהער אָנגעשטויסען, אַז דאָס הינטעל איז ניט אליין פון זיך פערפאַלען געוואָרען, אַז איהם האָט מען, מסתמא צוגענומען אויף דעם בעפעהל פון דער פּריצה׳טע; מענשען האָבען איהם מיט אַ צייכענס ערקלעהרט, אַז זיין מומו האָט זיך צו איהר געוואָרפען בייסען — און ער האָט בעשלאָסען אָנצונעהמען געוויסע מיטלען.

צוערשט האָט ער מומו׳ן אָנגעקאָרמעט מיט ברויט, האָט איהם אַ צייט געגלעט, געלאַסטשעט, שלאָפען געלעגט, דערנאָך האָט ער גענומען מאַכען פּלענער, טראַכטען... און די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד האָט ער אַזוי געטראַכט, ווי אַם בעסטען מומו׳ן צו בעהאַלטען. צום סוף, האָט ער אויסגעטראַכט, אַז אַ גאַנצען טאָג זאָל ער איהם לאָזען ביי זיך אין קעמערל און זאָל נור צייטענווייז קומען צו איהם געוואָהר ווערען, און ביי דער נאַכט זאָל ער איהם ארויספיהרען. דעם שפּאַלט אין טהיר האָט ער פעסט פערקלאַפּט מיט זיין אַלטען פּעלצעל און ווי נור עס איז טאָג געוואָרען, איז ער שוין געווען אויפ׳ן הויף, ווי עס וואָלט גאָר ניט געטראָפען, איינהאַלטענדיג זאָגאַר די פריהערדיגע אומעדיגקייט אויפ׳ן פּנים. (אונשולדיגע שלויקייט!) דעם אָרימען טויבען איז גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז מומו וועט זיך ארויסגעבען מיט זיין ביללען: און ווירקליך האָבען אַלע אין הויז זיך גלייך דערוואוסט,

אַז דעם שטומענ׳ס הינטעל האָט זיך צוריקגעקעהרט און זיצט פערשפּאַרט ביי איהם אין צימער, נור אוים מיטלייד צו געראַסים׳ען, צום הינטעל, און טהיילווייז אויך אוים מורא פאַר איהם, האָט מען איהם ניט נעגעבען צו מערקען, אַז מען ווייס פון זיין געהיימנים. איין גאַווריל נור האָט זיך אַ קראַץ געטהאָן אויף דער פּאַטילניצע, און האָט אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האַנד, ווי איינער זאָגט: „זאָל זיין, זאָל איהם גאָט העלפען! אפשר וועט די פּריצה׳טע זיך ניט דערוויסען!”

דערפאַר האָט דער שטומער נאָך קיינמאָל ניט געאַרבייט אַזוי פלייסיג, ווי אין יענעם טאָג: ער האָט אויסגערייניגט און אויסגעסקראָבעט דעם גאַנצען הויף, האָט אויסגעגלייכט יעדער גרעזעלע, האָט מיט זיינע אייגענע הענד אַרויסגעריסען יעדער שטאַכעטעל אין דעם צוים פון גערטעל, אום זיך צו פערזיכערען, אויב זיי זיינען גענוג שטאַרק, און האָט זיי דערנאָך אַליין ווידער אַריינגעקלאַפּט. — מיט איינעם וואָרט, ער האָט אַזוי פיעל געהאַוועט און געסמאַיעט, אַז אפילו די פּריצה׳טע האָט בעמערקט זיין פלייסיגקייט.

דורכ׳ן טאָג איז געראַסים אַמאָל צוויי בגנבה געגאַנגען בעזוכען זיין געפאַנגענעם; ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען, האָט ער זיך מיט איהם אין איינעם אין קעמערל שלאָפען געלעגט, ניט אויף די הייה, און ערשט אַרום צוויי ביינאַכט איז ער מיט מומו׳ן אַרוים אַביסעל שפּאַצירען אויף דער פרישער לופט. אָפּגעשפּאַצירט מיט איהם אַ היבשע צייט אַבער׳ן הויף, האָט ער שוין געהאַט זיך געקליעבען אומצוקעהרען צוריק, ערשט פּלוצים האָט זיך הינטער׳ן טויער, פון יענער זייט געסעל, דערהערט אַ גערויש. מומו האָט אָנגעשטעלט די אויערען, האָט אַ קוויטש געטהאָן, איז צוגעגאַנגען צום פּאַרקאַן, האָט אַ שמעק געטהאָן און גענומען הויך און שניידענדיג ביללען. עפּעס אַ שיכור האָט זיך פאַרוואָלט מאַכען דאָרט זיין נאַכט-לעגער יענע נאַכט.

גראַד אין דער אייגענער צייט, מעשה שטן, האָט די פּריצה׳טע נור וואָס גענומען איינדרימלען נאָך אַ לייגגערע „נערוועזער אויפרעגונג”: די דאָזיגע אויפרעגונגען האָבען ביי איהר תמיד פּאַסירט נאָך אַ זאַטען נאַכט מאָהלצייט. דער פּלוצים׳דיגער ביללען פון הונד האָט זי אויפגעוועקט. דאָס האַרץ האָט ביי איהר גענומען קלאַפּען און איז פערשטאָרבען.

„מיידלאך, מיידלאך!" — האט זי ארויסגעקרעכצט — מייד־לאך!

די צושראקענע מיידלאך זיינען ניט טויט ניט לעבעדיג אריינגע־שפרונגען צו איהר אין שלאף־צימער.

— „אך, אך, איך שטארב! — האט זי ארויסגערעדט, א מאך טהאנדיג אומעדיג מיט די הענד: — ווידער, ווידער יענער הונד!... אך, שיקט נאך א דאקטאר. זיי ווילען מיך אומברייננגען... דער הונד, ווידער דער הונד! אך!" און זי האט פערוואָרפען מיט'ן קאפ, וואס האט געזאָלט בעדייטען, אז זי געהט חלש'ען.

מען האט זיך א ווארף געטהאן נאך א דאקטאר, דאס הייסט, נאך דעם היימישען רופא כאריטאן. דער דאזיגער רופא, וועמעס גאנ־צע קונסט איז בעשטאנען אין דעם, וואס ער האט געטראגען שטיוועל מיט ווייכע פאדאשוועס, האט געקאנט אננעהמען עדעל פאר'ן פולס, געשלאפען פיערצעהן שעה אין מעת לעת און די איבעריגע צייט האט ער אלץ געזיפצט און געהאלטען אין איין מכבד זיין די פריצה'טע מיט לארבערבלאט־טראפענס — אט דער דאזיגער רופא איז גלייך געקו־מען צולויפען, האט אויסגערויכערט דעם צימער מיט געברענטע פעדרן, און, ווען די פריצה'טע האט געעפענט די אויגען, האט ער אויף א זילבערנעם טאץ איהר דערלאנגט א גלעזעלע מיט די בעריהמטע טרא־פענס.

די פריצה'טע האט זיי איינגענומען, און גלייך האט זי ווידער מיט א וויינענדיגען קול גענומען זיך קלאגען אויפ'ן הונד, אויף גאווריל'ן, אויף איהר שיקזאל, אויף דעם, וואס אלע האבען זי פערלאזען, זי, די ארימע אלטע פרוי, אז קיינער האט אויף איהר קיין רחמנות ניט, און אלע ווינשען איהר דעם טויט.

דערווייל האט דער אונגליקליכער מומו נאך אלץ געבוללען, און אומזיסט האט געראסים זיך געמאטערט איהם אוועקצונעהמען פונ'ם פארקאן.

— אט... אט... ווידער... — האט ארויסגעמורמעלט די פריצה'טע און איבער־א־נייעם פערגלאצט די אויגען ארויף.

דער רופא האט עפעס א שעפטצע געטהאן צו דער מיידעל, דאס מיידעל האט זיך א ווארף געטהאן אין פיהר־הויז, האט אויפגעוועקט

סטעפּאַן׳ען, יענער איז אוועקגעלאָפן ווּעקן גאַווּרילאַ׳ן, און גאַווּ־רילאַ האָט פאַר שרעק געהייסען אויפהויבען דאָס גאַנצע הויז.

גערַאסים האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, דערזעהן, ווי עס מיניען זיך פייערלאַך און שאָטענס אין די פענסטער און דערפיהלט מיט׳ן האַר־צען אַ צרה, האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן מומו׳ן אונטער׳ן פאַכווע, איז אריינגעלאָפען אין זיין קעמערל און זיך פערשפּאַרט.

אין עטליכע מינוט ארום האָבען זיך אַ מאַן פינף געריסען צו איהם אין טהיר, נור דערפיהלט, אַז די טהיר איז פערשפּאַרט מיט אַ שטאַרקען שלאָס, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. גאַווּרילא איז געקומען צולויפען אין גרויס איילעניש, האָט געגעבען אַ בעפעהל, אַז אַלע זאָלען דאָ בלייבען היטען ביז אין דער פריה, און אליין האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער מיידעלשער אָבטהיילונג און דורך דער עלטסטער קאָמפּאַניאָנקע ליובאָוו ליובימאָוונא, מיט וועלכער ער האָט צו־זאַמען גע׳גנב׳עט און אַראָבגענומען פון דעם טהעע, צוקער און אנדע־רע שפּייזען, האָט ער געהייסען מעלדען דער פּריצה׳טע, אַז דער הונד איז, צום אונגליק, געקומען צו לויפען פון וואַנען עס איז, נור אַז מאָר־גען וועט ער שוין ניט זיין קיין לעבעדיגער און אַז די פּריצה׳טע זאָל זיין גנעדיג, זאָל זיך נישט בייזערען און זעהן בערוהיגען. די פּריצה׳טע וואָלט מסתמא ניט אַזוי גיך זיך בערוהיגט, אָבער דער רופא האָט אין איילעניש, אַנשטאָדט צוועלף טראָפּענס איהר געגעבען גאַנצע פערציג: דאָס האָט געווירקט — אין אַ פערטעל שעה ארום איז די פּריצה׳טע שוין געשלאָפען פעסט און רוהיג; און גערַאסים איז געלעגען אַ בליי־כער, ווי קאַלך אויף זיין בעטעל און שטאַרק געדריקט מומו׳ס פּיסק.

אויף מאָרגען איז די פּריצה׳טע אויפגעשטאַנען גאַנץ שפּעט. גאַווּרילא האָט געוואַרט אויף איהר ערוואַכען, אום צו געבען אַ בע־פעהל, אַז מען זאָל בעפאַלען גערַאסים׳ס שטיבעל, און אליין האָט ער זיך פאַרגעברייט אויסצושטעהן אַ שטאַרקען שטורעם. אָבער קיין שטורם האָט ניט אויסגעבראָכען. ליגענדיג אין בעט, האָט די פּריצה׳טע געהייסען רופען צו זיך איהר עלטסטע קאָמפּאַניאָנקע.

— ליובאָוו ליובימאָוונא — האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ שטילען און שוואַכען קול (זי האָט צייטענווייז ליעב געהאַט צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ עלענדער, פער׳יתומ׳טער, ליידענדער נעבאַכקע; אַלע מענ־שען אין הויז האָבען זיך דאַן געפיהלט זעהר אונבעקוועם) — ליובאָוו

ליובימאָוונאַ, איהר זעהט אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך געפין זיך, געהט, נשמה מיינע, צו גאַווריל'ן, רעדט זיך מיט איהר דורך: שוין־זשע איז ביי איהם עפּעס אַ הינטעל טהייערער פון זיין פּריצה'טעס רוה, פון איהר לעבען, איך וואָלט עס ניט וועלען גלויבען — האָט זי צוגע־זעצט מיט אַן אויסדרוק פון טיעפען געפיהל — געהט, נשמה מיינע, זייט אזוי גוט, געהט אריבער צו גאַווריל אַנדרעאיטש'ען.

ליובאָוו ליובימאָוונאַ איז אוועק צו גאַווריל'ן אין צימער עס איז נישט בעקאַנט וועגען וואָס זיי האָבען דאָרט גערעדט: נור אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט אַ גרויסער עולם מענשען זיך אַ לאָז געטהאָן איבער'ן גאַנצען הויף צו גערואַסים'ס קעמערל צו: אין פאָראויס האָט געטראָטען גאַווריל, צו האַלטענדיג מיט אַ האַנד דאָס היטעל, כאָטש קיין ווינד איז ניט געוועז; נעבען איהם זיינען געגאַנגען די לאַקעיען און די קוכאַרעס; פון פענסטער האָט אַרויסגעקוקט פעטער ווײַדעל און גע'בעלהבית'עוועט, דאָס הייסט, ער האָט נור מיט די הענד גע־מאַכט; אַהינטער אַלעמען זיינען געשפּרונגען און זיך געקרימט אינג־לאַך, פון וועלכע אַ גוטע העלפט איז געוועזען פרעמדע, אָנגעלאָפענע. אויף די שמאָלע טרעפּ, וואָס האָט געפיהרט צום קעמערל, איז געזעסען איין שומר; ביי דער טהיר זיינען געשטאַנען נאָך צוויי מיט שטעקענס אין די הענד. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אויבען און די גאַנצע ליינג פון די טרעפּ איז גלייך פערנומען געוואָרען מיט מענשען, גאַווריל־לאַ איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר, האָט אַ קלאַפּ געטהאָן אין איהר מיט'ן פויסט און אַ געשריי געטהאָן:

— עפען!

עס האָט זיך דערהערט אַ פערשטיקטער בייללען; אָבער קיין ענטפער.

— עפען, זאָגט מען דיר! — האָט ער איבערגע'חזר'ט.

— אָבער, גאַווריל אַנדרעאיטש — האָט צו איהם געזאָגט סטע־פּאַן פון אונטען — ער איז דאָך אַ טויבער — ער הערט ניט.

אַלע האָבען זיך צולאַכט.

— איז וואָס־זשע טהוט מען? — האָט געפרעגט פון אויבען גאַווריל.

— ביי איהם איז דאָרט אַ שפּאַלט אין דער טהיר — האָט גע־ענטפערט סטעפּאַן — טאַ טהוט דאָרט אַ שטורכע מיט אַ שטעקען.

גאוורילא האָט זיך איינגעבויגט.

— ער האָט פערשטאָפּט די לאָך, מיט עפּעס א פּעלצעל.

— איהר שטופּט דאָרט דאָס פּעלצעל אינעווייניג אריין.

דאָ האָט זיך ווידער דערהערט א פערשטיקטער ביללען.

— הערט, הערט, ער גיט זיך אליין ארויס — האָט עמעצער בעמערקט צווישען עולם און זיי האָבען זיך ווידער צולאכט.

גאוורילא האָט זיך א קראַץ געטהאָן הינטער'ן אויער.

— ניין, ברודער, האָט ער צום סוף ארויסגערעדט — דעם פּעלצעל שטורכע דו אליין דורך, אויב דו ווילסט.

— וואָס איז? לאָזט מיך!

און סטעפּאַן האָט זיך ארויפגעקאראבקעט אויבען, האָט גענומען א שטעקען, אריין געשטופּט דאָס פּעלצעל אינעווייניג און גענומען דרעהען אין לאָך מיט'ן שטעקען, ריידענדיג דערביי: „קום ארויס! קום ארויס!" ער האָט נאָך גערדרעהט מיט'ן שטעקען, ערשט פּלוצים האָט זיך די טהיר פונ'ם קעמערל שנעל פונאנדערגעעפענט — די גאנצע חברה האָט זיך געלאָזט לויפען פון די טרעפּ, ווי פער'סם'טע, גאוורילא פריהער פאר אלעמען. פעטער ווײדעל האָט פערמאכט דאָס פענסטער.

— נו, נו, נו, — האָט געשריען גאוורילא פון הויף — דו וועסט שוין כאַפּען פון מיר, וואַרט אויס!

געראסים איז אונבעוועגליך געשטאנען אויפ'ן שוועל. דער עולם האָט זיך פערקליבען אונטען ביי די טרעפּ. געראסים האָט אראָבגעקוקט אויף די אלע מענשעלאך אין די דייטשע רעקלאך, האַלטענדיג די הענד אין די זייטען; אין זיין רויטען, פּויערשען העמדעל האָט ער אויסגעזעהן אַנטקעגען זיי, ווי א ריעז. גאוורילא האָט געטהאָן א טריט אין פאָראויס.

— גיב אכטונג, ברודער — האָט ער ארויסגערעדט — מיט מיר זאָלסטו קיין קאַטאָוועס ניט טרייבען.

און ער האָט איהם גענומען ערקלעהרען מיט צייכענס, אז די פּריצה'טע, פערלאַנגט אונבעדינגט, ניט אנדערש, דו זאָלסט גלייך אָבגעבען דעם הינטעל: אלזאָ גיב איהם, גלייך אהער, אז ניט וועסטו כאַפּען געברענטע צרות.

געראסים האָט א קוק געטהאָן אויף איהם, האָט אָנגעוויזען אויף דעם הינטעל, געמאכט א צייכען מיט די הענד אויף זיין האַלז, ווי ער

וואָלט פערצויגען א פּעטליע, און מיט א פרעגענדיגען פּנים א קוק גע־טהאָן אויפ'ן הויז־מייסטער.

— יאָ, יאָ, — האָט יענער געענטפערט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ: יאָ, אונבעדינגט.

געראַסים האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען, דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים א טרייסעל געטהאָן, האָט ווידער אָנגעוויזען אויף מומו'ן, וועל־כער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבען איהם, דרעהענדיג אונשולדיג מיט'ן עק, און אָנשטעלענדיג נייגעריג די אויערען, האָט ער איבער א נייס געמאַכט דעם צייכען פון דערשטיקען אויף זיין האַלז און האָט זיך מיט אימפּעט א קלאַפּ געטהאָן אין ברוסט, ערקלעהרענדיג דערמיט, אז ער אליין נעהמט זיך אָן מומו'ן אומצוברייגנגען.

— דו וועסט עס ניט טהאָן, וועסט אונז אָפּנאַרען האָט געגומען גאַוורילא מאַכען מיט די הענד אַלס ענטפער.

געראַסים האָט אויף איהם א קוק געטהאָן מיט א פערעכטליכען שמייכעל, האָט זיך ווידער א קלאַפּ געטהאָן אין ברוסט און פערקלאַפּט די טהיר.

אַלע האָבען זיך שווייגענדיג איבערגעקוקט.

— וואָס זאָגט איהר צו איהם? — האָט אָנגעהויבען גאַוורילא — ער האָט זיך פערשפּאַרט?

— לאָזט איהם אָב, גאַוורילא אַנדרעאיטש — האָט געזאָגט סטעפּאַן — ער וועט עס טהאָן, ווען ער האָט צוגעזאָגט. ער איז שוין אַזא מענש... אז ער זאָגט עפּעס צו, איז דאָס זיכער. אויף דערויף איז ער ניט ווי אונזערער א ברודער. וואָס אמת איז אמת. יאָ.

— יאָ. — האָבען אַלע צוגעבאַמקעט און צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ — אַזוי איז עס טאַקע. יאָ.

דער פעטער וויידעל האָט געעפענט דעם פענסטער און אויך גע־זאָגט: „יאָ."

— נו, מילא, לאָמיר זעהן — האָט געענטפערט גאַוורילא: — אָבער די וואַך זאָל מען פון דעסטוועגען ניט אַראָבנעהמען. העי דו, יעראַשקאַ! — האָט ער צוגעזעצט, ווענדענדיג זיך צו עפּעס אַן אָרי־מען מענשען, אין א געל רעקעל, וועלכער איז כלומרשט געווען א גערטנער: — דו האָסט גאָר ניט, וואָס צו טהאָן! נעהם א שטעקען און זיץ דאָ, און ווי נור עפּעס, לויף גלייך צו מיר אָנזאָגען!

יעראַשקאַ האָט גענומען אַ שטעקען און זיך געזעצט אויפ'ן לעצ־טען שטאַפּעל פון די טרעפּ. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אויסער עטליכע נייגעריגע אינגלאַך, און גאַווריליאַ האָט זיך צוריק־געקעהרט אַהיים און דורך ליובאָוו ליובאָוונאַ'ן געהייסען מעלדען דער פּריצה'טע, אַז איהר בעפעהל איז אויסגעפיהרט.

די פּריצה'טע האָט געמאַכט אַ קניפּעל אין איהר נאָז־טיכעל, האָט אָנגעגאָסען אין איהם אָדעקאָלאָן, האָט עס אַ ווײַלע געשמעקט, איינגע־ריבען זיך די שלייפען, אָנגעטרונקען זיך מיט טהעע און זייענדיג נאָך אונטער דעם איינפלוס פון די טראָפּענס, איז זי ווידער איינגע־שלאָפען.

אין אַ שטונדע ארום נאָך דער דאָזיגער מהומה, האָט זיך די טהיר פון קעמערל געעפענט און אויפ'ן שוועל האָט זיך בעוויזען געראַסים. ער האָט געטראָגען זיין יום טוב'דיגען קאַפּטען און האָט געפיהרט מומו'ן אויף אַ שטריקעלע. יעראָשקאַ האָט זיך אָבגערוקט און איהם דורכגעלאָזט. געראַסים האָט זיך געלאָזט געהן צו די טויערען. אַלע אינגלאַך, וואָס האָבען זיך געפונען אין הויף, האָבען איהם שווייגענדיג בעגלייט מיט די אויגען. ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט; דאָס הי־טעל האָט ער ערשט אויפ'ן גאַס אָנגעטהאָן.

גאַווריליאַ האָט איהם נאָכגעשיקט דעם אייגענעם יעראָשקאַ'ן און געהייסען איהם גוט אכטונג געבען אויף דעם שטומען. דערזעהענדיג פון וויטען, ווי ער איז אריין אין אַ שענק צוזאַמען מיט'ן הינטעל, האָט יעראַשקאַ זיך אָבגעשטעלט און גענומען אויף איהם וואַרטען.

אין שענק האָט מען געראַסים'ן געקענט און פערשטאַנען זיינע צייכענס. ער האָט פערלאַנגט ראָסעל מיט פלייש און זיך געזעצט, אָנשפּאַרענדיג בײדע הענד אויפ'ן טיש. מומו איז געשטאַנען נעבען זיין שטוהל, קוקענדיג אויף איהם רוהיג מיט זיינע קלוגע אויגען. זיינע האָאָר האָבען געגלאַנצט, עס איז קענטיג געווען, אַז מען האָט איהם נור וואָס אויסגעקאַמט. מען האָט געראַסים'ען געבראַכט די ראָסעל. ער האָט אין דעם אָנגעבראָקט ברויט, האָט צושניטען דאָס פלייש אין קליינע שטיקלאַך און אָוועקגעשטעלט דעם טעלער אויף דער ערד. מומו האָט גענומען עסען מיט זיין געוועהנליכער העפליכ־קייט, זיך קוים צוריהרענדיג מיט דער מאָרדקע צו דעם עסענוואַרג; געראַסים האָט לאַנג געקוקט אויף איהם; צוויי גרויסע טרעהרען האָ־

בען זיך פלוצים ארויסגעקייקעלט פון זיינע אויגען; איינער איז גע־
פאלען אויף דעם קרומען שטערן פון דעם הינטעל, דער צווייטער
— אינ'ם ראסעל אריין... ער האט פערדעקט דעם פנים מיט דער
האנד. מומו האט אויפגעגעסען א העלפט פון טעלער'ל און איז אפ־
געטראטען, באלעקענדיג זיך. געראסים איז אויפגעשטאנען, האט בע־
צאהלט פאר'ן ראסעל און איז ארויסגעגאנגען, בעגלייט מיט א פער־
וואונדערטען בליק פונ'ם קעלנער.

דערזעהן געראסים'ן, איז יעראשקא אבגעשפרונגען אין א ווינ־
קעל, פערבייגעלאזען אהים אפריהער און איז ווידער אוועק נאך
איהם.

געראסים איז געגאנגען ניט געאיילט, און ניט אבגעלאזען מו־
מו'ן פונ'ם שטריקעלע. צוגעקומען צום ראג גאס, האט ער זיך אבגע־
שטעלט, ווי ער וואלט זיך וועגען עפעס מיישב געווען, און פלוצים
האט ער מיט שנעלע טריט גענומען געהן גלייך צום קרומען בריק צו.
אויפ'ן וועג איז ער אריין אין א הויף פון א הויז, צו וועלכען עס
האט זיך צוגעבויגט א פליגעל, און האט ארויסגעטראגען פון דארט
צוויי ציגעל אונטער'ן פאכווע. פונ'ם קרומען בריק האט ער זיך אומ־
געקעהרט צום ברעג, איז צוגעגאנגען צו א פלאץ, וואו עס זיינען גע־
שטאנען צוויי שיפעלאך מיט רודערס, צוגעבונדענע צו א שטאנג (ער
האט זיי נאך פריהער בעמערקט) און איז אריינגעשפרונגען אין איינע
פון זיי, צוזאמען מיט מומו'ן. א הינקעדיגער אלטינקער איז ארויס
פון הינטער א ביידעל, און גענומען שרייען אויף איהם. אבער גערא־
סים האט בלויז מיט'ן קאפ א מאך געטהאן און אזוי שטארק גענומען
רודערען, הגם עס איז איהם אויסגעקומען צו געהן געגען שטראם,
אז אין איין אויגענבליק האט ער זיך א טראג געטהאן אויף א הונ־
דערט קלאפטער אודאי. דער אלטער איז געשטאנען א ווייל, געשטא־
נען, א קראץ געטהאן זיך אין רוקען אפריהער מיט דער לינקער, דער־
נאך מיט דער רעכטער האנד און אומגעקעהרט זיך, הינקענדיג, צו־
ריק אין ביידעל אריין.

און געראסים האט אלץ גערודערט און גערודערט. אט איז שוין
מאסקווע געבליעבען ווייט, פון הינטען. אט האבען זיך שוין ארום די
ברעגעס גענומען ציהען פעלדער, גערטנער, לאנקעס, וועלדלאך, עס הא־
בען זיך געוויזען שטיבלאך. עס האט א וועהע געטהאן מיט דארף. ער

האַט אַ וואָרף געטהאָן די רודערס, איז צוגעפאַלען מיט'ן קאָפּ צו מו־מו'ן, וועלכער איז געזעסען פאַר איהם אויף אַ טרוקענער ברעטעל — דער דעק איז געווען פול מיט וואַסער — און איז אַזוי געבליבען אינ־בעוועגליך, ארויפליעגענדיג די מעכטיגע הענד צו מומו'ן אויפ'ן רוקען, בעת די כוואַליעס האָבען דערווייליע ביסלעכווייז געטראָגען דאָס שיי־פעל צוריק צום שטאָדט צו...

צום סוף, האָט זיך געראַסים אויסגעגלייכט, פיבערהאַפט, מיט עפּעס אַ מין קראַנקהאַפטער פערביסענקייט אויפ'ן פּנים, האָט ער ארומגעבונדען מיט אַ שטריקעל די מיטגעבראַכטע ציגעל, האָט גע־מאַכט אַ פעטליע, אָנגעטהאָן עס מומו'ן אויפ'ן האַלז... אויפהויבענדיג דעם הינטעל איבער'ן וואַסער, האָט ער צום לעצטען מאָל אויף איהם אַ קוק געטהאָן... יענער האָט מיט פול צוטרויען און אָהן מורא געקוקט אויף איהם און לייכט געדרעהט מיט'ן עק געראַסים האָט זיך אָבגע־קעהרט, פאַרזשמורעט די אויגען און פונאַנדערגענומען די הענד... ער האָט גאָר ניט געהערט, ניט דעם שאַרפען קוויטש פון דעם פאַלענדי־גען מומו'ן, ניט דעם שווערען פּליוסק פונ'ם וואַסער; פאַר איהם איז דער טומולדיגסטער טאָג געווען שטום און קלאַנגלאָז, ווי פאַר אונז, גע־וועהנליכע מענשען, איז ניט אפילו די שטילסטע נאַכט.. און ווען ער האָט ווידער די אויגען געעפענט, האָבען איבער'ן טייך, אַזוי ווי פריהער געאיילט, יאָגענדיג זיך איינער נאָכ'ן אַנדערען, קליינינקע כוואַליעלאַך, ווי פריהער האָבען זיי זיך געפּליוסקעט אָן די זייטען פונ'ם שיפעל, און נור ווייט פון הינטען, ערגעץ ביים ברעג זיינען זיי זיך אין ברייטע פאַסען צולאָפען...

אַזוי שנעל, ווי יעראָשקאַ האָט געראַסים'ען פון די אויגען פער־לאָרען, האָט ער זיך אומגעקעהרט אהיים און האָט דערצעהלט, וואָס ער האָט געזעהן.

— נו, יאָ, — האָט בעמערקט סטעפּאַן — ער וועט מומו'ן דער־טרינקען. מען קאָן שוין זיין גאַנץ רוהיג. ווען ער האָט נור צוגע־זאָגט...

אַ גאַנצען טאָג האָט קיינער ניט געזעהן געראַסים'ען. ער האָט ניט געגעסען קיין מיטאָג אין דער היים. עס איז נאַכט געוואָרען; אַלע האָבען זיך פערקליעבען צו דער וועטשערע. אַלע, אויסער איהם.

— ס'ארא מאָדנער, ער איז דאָס, דער געראַסים! — האָט גע־קוואָקטשעט א גראָבע וואש־פרוי: — ס'טגעזעהען, זיך געהן נעהמען דאָס לעבען צוליעב א הינטעל!!... אן עסק, אביסעל!..

— אָבער געראַסים איז דאָ שוין געוועזן — האָט פּלוצים אויס־געדופען סטעפּאַן — צושארענדיג צו זיך מיט א לעפעל, קאַשע.

— ווי? ווען?

— אָט, מיט א שעה צוויי צוריק. איך האָב זיך מיט איהם גע־טראָפען אין טויער, ער איז שוין ווידער פון דאנען אוועק ערגעץ־וואו, איך האָב געזעהן, ווי ער איז ארויס פון הויף. איך האָב איהם געהאַט געוואָלט פרעגען וועגען הינטעל, אָבער ער איז, קאָנטיג, גע־ווען ניט גוט אויפגעלעגט. נו, האָט ער מיך א שטויס געטהאָן: הפנים ער האָט נור געוואָלט אָבשטופּען מיך פון וועג: ווי יענער זאָגט, ניט קריך, טשעפּע זיך אָב, און האָט מיר דערלאַנגט אזא טרעמבעבעני אין בויך אריין, אז מיר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען! — און סטעפּאַן האָט ניט ווילענדיג א שמייכעל געטהאָן, און גענומען זיך רייבען די פּאַטילניצע — יאָ — האָט ער צוגעזעצט — א האנד האָט ער, א געבענשטע האנד, נישטאָ וואָס צו ריידען.

אלע האָבען אביסעל א לאַך געטהאָן פון סטעפּאַן'ען און נאָך דער וועטשערע, זיינען זיי זיך צוגאַנגען שלאָפען.

אין דער אייגענער צייט האָט איבער דעם ט... שאָסע שנעל און אָהן אויפהער געשפּרייזט עפּעס א גיגאַנט, מיט א זאַק איבער די פּלייצעס און מיט א לאַנגען שטעקען אין די הענד. דאָס איז געווען געראַסים. ער האָט זיך געאיילט, ניט ארומקוקענדיג זיך, איז ער איי־לענדיג געלאָפען אהיים, צו זיך אין דאָרף, אין זיין היימאַט. דערטריג־קענדיג דעם אָרימען מומו, איז ער געקומען צולויפען צו זיך אין קע־מערל, האָט אויף גיך צוזאַמענגענומען זיינע זיעבען זאַכען, זיי איינ־געפּאַקט אין אן אַלטער פערדישער דעקע, פערבונדען מיט א קנופּ, ארויפגעוואָרפען אויף די פּלייצעס און ניטאָ איהם מעהר. דעם וועג האָט ער גוט בעמערקט נאָך דאַן, ווען מען האָט איהם געפיהרט אין מאָסקווע; דער דאָרף פון וועלכען די פּריצה'טע האָט איהם גענומען איז געלעגען אן ערך פינף און צוואַנציג וויאָרסט פונ'ם שאָסע. ער האָט געטראָטען איבער'ן וועג מיט עפּעס א מין פעסטער העלדיש־קייט, מיט א פערצווייפעלטער און אין דער אייגענער צייט פריידיגער

ענטשלאָסענהייט. ער איז געגאַנגען; זיין ברוסט האָט זיך ברייט פונאַנדערגעעפענט; די אויגען זיינע האָבען דורשטיג און גלייך געקוקט אין פאָראויס. ער האָט זיך געאיילט, אַזוי ווי אַ מוטער אַן אַלטיטשקע וואָלט אויף איהם אין זיין דאָרף געוואַרט, ווי זי וואָלט איהם גערופען צו זיך נאָך אַ לאַנגען וואַנדערען אין דער פרעמד, צווישען פרעמדע מענשען... די נאַר וואָס צוגעפאַלענע זומערדיגע נאַכט איז געווען שטיל און וואַרעם; פון איין זייט, דאָרט וואו די זונן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, איז אַ ברעג הימעל נאָך ליכטיג געווען און האָט זיך שוואַך גערויטעלט מיט דעם לעצטען אָבשיין פון דעם פערשוואונדענעם טאָג, — פון דער אַנדערער זייט האָט זיך שוין אויפגעהויבען אַ טונקעלער, גרויער נעבעל. די נאַכט איז געקומען פון דאָרט. הונדערטער וואַכטעל־פויגעלאַך האָבען געליאַרעמט אַרום, נאָכאַנאַנד האָבען געסוויסטשערט די פעלד־גרילען... געראַסים האָט זיי ניט געקענט הערען, ער האָט אפילו ניט געקענט הערען דעם ביינאַכטיגען סודען זיך פון די בוימער, פאַרביי וועלכע עס האָבען איהם פערביי געטראָגען די שטאַרקע פיס זיינע, ער האָט בלויז געפיהלט דעם בעקאַנטען גערוך פון די פרישע רייפע קאָרן, מיט וועלכע עס האָט אַזוי שטאַרק געוועהט פון די דונקעלע פעלדער, האָט געפיהלט דעם ווינד, וואָס האָט זיך געטראָגען איהם אַנטקעגען, דעם היימישען ווינד — וועלכער האָט פריינדליך איהם געפּאַטשט אין פּנים, זיך געשפּיעלט אין זיינע האָאָר און אין באָרד; האָט געזעהן פאַר זיך דעם ווייסלאַכען וועג אהיים, אַ גלייכער, ווי אַ סטרונע; האָט געזעהן אויפ'ן הימעל די אונצעהלבאַרע שטערן, וועלכע האָבען איהם די וועג בעלייכטעט, און איז געטראָטען, ווי אַ לייב שטאַרק און דרייסט, אַזוי, אַז בעת די אויפגעהענדיגע זונן האָט מיט איהרע פייכט־רויטע שטראַהלען בעלייכטעט דעם דרייסטען וואַנדערען, איז צווישען איהם און מאָסקווע שוין געלעגען פינף און דרייסיג וויאָרסט...

אין צוויי טעג אַרום איז ער שוין געווען אין דער היים, אין זיין קליין שטיבעלע, צום גרויס וואונדער פון דער סאָלדאַטקע, וועלכער מען האָט אין זיין אָבוועזענהייט, אהין בעזעצט. איבערגעצ'לם'ט זיך אַנטקעגען די הייליגע בילדער, איז ער דערנאָך אַוועק צום סטאַראָסטאַ (צום עלסטען). דער סטאַראָסטאַ האָט זיך אפילו אין אָנהויב פער־

וואונדערט; אָבער די שניט־צייט האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבען: געראַסים'ען, אַלס אַן אויסגעצייכענטען ארבייטער האָט מען גלייך אריינגעשטופּט אַ שנייד־מעסער אין די הענד אריין — און ווידער איז ער אַוועק שניידען, קאָשען, ווי אַמאָל, קאָשען אַזוי, אַז די פּויערים האָט אַזש דורכגענומען, קוקענדיג אויף יעדען מאַך זיינעם, אויף יע־דען קעהר...

און אין מאָסקווע האָט מען זיך אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך גע־ראַסים'ס אַנטלויפען געכאַפּט, אַז ער איז נישטאָ. מען איז אַוועק צו איהם אין קעמערל, אַרומגעזוכט יעדער ווינקעלע, געמעלדעט גאַוורי־לאַ'ן. יענער איז געקומען צו געהן, האָט אַ קוק געטהאָן, געקוועטשט מיט די אַקסלען און בעשלאָסען, אַז דער שטומער איז אָדער אַנטלאָ־פען, אָדער ער איז דערטרונקען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין נארישען הינטעל.

מען האָט געלאָזט וויסען דער פּאָליציי, געמעלדעט דער פּריצה'טע. די פּריצה'טע האָט זיך צוקאָכט, צו־וויינט זיך און געהייסען איהם אונבעדינגט אויפזוכען, פּערזיכערט, אַז זי האָט קיין מאָל ניט גע־הייסען אומברייננגען דעם הינטעל און, צום סוף, האָט זי געגעבען אַזאַ גאָב גאַוורילאַ'ן, אַז יענער האָט אַ גאַנצען טאָג געטרייסעלט מיט'ן קאָפּ און געמורמעלט: „נו!" ביזוואַנען פּעטער ווידעל האָט איהם בערוהיגט, זאָגענדיג צו איהם: „נו—ו!"

צום סוף, איז אָנגעקומען אַ ידיעה פונ'ם דאָרף, אַז געראַסים איז אהין אָנגעקומען. די פּריצה'טע האָט זיך אַביסעל בערוהיגט; צוערשט האָט זי געהאַט געגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל איהם גלייך ברייננגען צוריק, קיין מאָסקווע, דערנאָך אָבער האָט זי ערקלעהרט, אַז אַזאַ אונ־דאַנקבאַרען מענשען דאַרף זי אין גאַנצען ניט. אויסער דעם, איז זי אין קורצען נאָך דעם געשטאָרבען; און איהרע יורשים איז געראַסים אין זינען ניט געלעגען: זיי האָבען אַפילו די איבעריגע מענשען, דער מאַמעס, אויך אַוועקגעשיקט.

און נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג לעבט זיך געראַסים אַלס אַלטער בחור אין זיין איינזאַמען שטיבעל; געזונד און מעכטיג ווי פריהער, און ארבייט פאַר פיערען ווי פריהער, און איז ווי פריהער וויכטיג און ערנסט. נור די שכנים האָבען בעמערקט, אַז זייט ער איז צוריק גע־קומען פון מאָסקווע, האָט ער אין גאַנצען אויפגעהערט זיך אַרומצו־

פיהרען מיט פרויען, קוקט אפילו ניט אין זייער זייט, און קיין איין הונד האַלט ער ניט ביי זיך. „אייגענטליך — טענעה׳ן צווישען זיך די פויערים — איז דאָס זיין גליק, וואָס ער דאַרף נישט קיין ווייב; און אַ הונד — צו וואָס טויג איהם אַ הונד? צו איהם אויפ׳ן הויף וועט מען אַ גנב אפילו מיט געוואַלט ניט פערשלעפּען!״

אַט אַזאַ קלאַנג טראָגט זיך וועגען דער העלדישער גבורה פון דעם שטומען.



# וואלד און סטעפּע

עטליכע ווערטער וועגען געיעג.

דאס געיעג מיט א ביקס און מיט א הונד איז זעהר אנגענעהם אן און פיר זיך, ווי מען פלעגט זאָגען אין די אַלט־פראקטישע צייטען; אַנגענומען אפילו, אז איהר זייט ניט קיין געבאָרענער יעגער, האט איהר, פון דעסטוועגען, אַלץ ליעב די נאטור, הייסט עס, אז סיי ווי סיי מוזט איהר מקנא זיין אונז, יעגערס.... הערט.

ווייסט איהר, למשל, וואס פאר א תענוג עס איז ארויסצופאָהרען פריהלינגס־צייט אין א פארטאָג? איהר געהט ארוים אויפ'ן גאניק... אויף דעם דונקעל־גרויען הימעל פינקלען וואו־ניט־וואו שטערען; א פייכט ווינטעלע לויפט אָן פון צייט־צו־צייט, ווי א לייכטע כוואליע; עס הערט זיך דאס איינגעהאלטען, דונקעל שעפּצעריי פון דער נאכט; די בוימער, אין שאָטענס פערהילט, רוישען שוואך. אָט לייגט מען א טעפּיך אויפ'ן וואָגען, מען שטעלט אוועק די קאסטען מיט'ן סאמאָ־וואר. די איינגעשפּאנטע פערד, קאָרטשען זיך, פּאָרשקען און בעוועגען מיט די פים מעשה פראנטען; א פּאָאָר ווייסע גענז, וואס האבען זיך נור וואס אויפגעכאפּט פון שלאָף, טרעטען לאנגזאם און שטיל איבער'ן וועג. הינטער'ן צוים, אין גאָרטען, כראָפּעט רוהיג דער וועכטער; יע־דער קלאנג בלייבט ווי שטעהן אין דער פערגליווערטער לופט, שטעהט און געהט ניט אוועק.

אָט האט איהר זיך אין וואָגען אריינגעזעצט; די פערד האבען זיך מיט אמאָל א ריהר געטהאָן; דער וואָגען האט הויך גענומען ליארמען.... איהר פאָהרט—פאָהרט פערביי דעם קלויסטער, פון'ם בארג ארונטער, איבער'ן דאם... דער טייך האט קוים־קוים זיך גענו־מען רויכענען. אייך ווערט אביסעלע קאלט, איהר רוקט אריין דעם פּנים אין דעם קאָלנער פון אייער שינעל; איהר הויבט אָן צו דרעמ־לען. די פערד שליאָפּען הילכיג מיט די פים איבער די בלאָטעס; דער

פוהרמאַן פייפט... אבער אַט זייט איהר אַבגעפאָהרען א ווייאָרסט פיער... דער ברעג פון׳ם הימעל רויטעלט זיך, אין די בירקען־בוימער כאַפּען זיך אויף די גאַלקעס, הויבען אָן אונגעשיקט ארומצופליהען; די שפּערלינג־פויגעלאך טשריקען נעבען די דונקעלע קופּעס אויפ׳ן פעלד. אין דער לופטען ווערט העלער, דער וועג דייטליכער, דער הימעל קלערער, די וואָלקענדלאך ווייסער, די פעלדער גרינער. אין די פויערשע כאַטקעס ברענען קינעלאך מיט א רויטען פייער, פון הינטער די טויערען הערען זיך פערשלאָפענע שטימען. און דערווייל צופלאַקערט זיך דער מאָרגען־שטערן; אַט האבען זיך גאָלדענע שטרייפען אויסגעליינט איבער׳ן הימעל; אין די שלוכטען רויכערט זיך דער נעבעל; די לערכען־פויגעלאך קלינגען מיט זייער געזאנג; דער פאַר־טאָגיגער ווינד האט א בלאָז געטהאָן — און שטיל שווימט ארויס די רויט־פייערדיגע זונן. דאס ליכט גיסט אזוי גאַנצע שטראָהמען־וויין; דאָס הארץ טהוט זיך אין אייך א צאַפּעל, ווי א פויגעל. פריש, פרעה־לאַך, א מחיה! דאס אויג זעהט ווייט־ווייט ארום. דאָרט, הינטער׳ן וועלדעל איז א דאָרף; און דאָרט, ווייטער, א צווייטע, מיט א ווייסען קלויסטער; און דאָרט, אויפ׳ן באַרג, איז א בירקען־וועלדעל, הינטער איהם א זומפּף, אַהין פאָהרט איהר.... נו, לעבעדיגער, פערדלאַך, פרעהליכער, שטעלט פיס!..

א דריי ווייאָרסט זיינען פערבליעבען, ניט מעהר.

די זונן הויבט זיך אויף מיט אן אימפּעט; דער הימעל איז קלאָהר... א שעהן וועטער וועט היינט זיין. אנטקעגען אונז, ציהט זיך א טשערעדע בהמות... מיר זיינען ארויפגעפאָהרען אויפ׳ן באַרג... וואָס פאַר א בילד! דער טייך שלענגעלט זיך אויף א ווייאָרסט צעהן, אויסזעהענדיג דורך׳ן נעבעל דונקעל־בלוי; הינטער איהם וואַסערדיג־גרינע לאָנקעס; הינטער די לאָנקעס משופּע׳דיגע בערגלאַך; פון ווייטען דרעהען זיך ארום ווילדע ענטלאַך מיט א ליארם איבער׳ן זומפּף; דורך דער פייכטער העלקייט, וואס איז צוגאָסען אין לופטען, טרעט דייטליך ארויס די ווייטקייט... גאָר ניט ווי זומער צייט. ווי פריי עס אטהעמט די ברוסט, ווי פלינק עס בעוועגען זיך די גליעדער, ווי קרעפ־טיג עס ווערט דער מענש אין גאַנצען אונטער דעם פרישען אָטהעם פון׳ם פריהלינג!...

היינט א זומערדיגער פריהמאָרגען אין חודש יולי! ווער, אויסער

א יעגער, ווייס דעם טעם פון וואנדערען צווישען די בושעס אין אזא פריהמארגען?

די שפורען פון אייערע פיס לייגען זיך אויס, ווי גרינע צייכענס, איבער די פערטהויטע ווייסליכע גראז. איהר רוקט פונאנדער א נאסען בוש — און עס טהוט א הויך אויף אייך מיט דעם אנגעזאפטען ווארימען אטהעם פון דער נאכט; די לופט איז אין גאנצען אנגעזאפט מיט דער פרישער ביטערקייט פון פאלין, מיט האניק פון גריקע און „קאשקע"; ווייט שטעהט, ווי א וואנד, א דעמבען-וואלד און פינקעלט און רויטעלט זיך געגען דער זונן; עס איז נאך קיהל, עס פיהלט זיך שוין אבער די נאהענטקייט פון דער היטץ. דער קאפ דרעהט זיך פון צופיעל ריחות... די בושעס זיינען אהן צאהל... סיידען וואר־ניט-וואו אין דער ווייטקייט בלישצעט ארוים די רייפע גאלדענע קא־רען-זאנגען און די רויטע גריקע...

את האט זיך דערהערט דאס סקריפען פון א וואגען; א פויער בעוועגט זיך צופוס, שטעלט אוועק זיין פערד אונטער'ן שאטען. איהר האט זיך געגריסט מיט איהם, אוועק ווייטער — און א קלינגעריי פון א קאסע (שניידמעסער) דערהערט איהר הינטער זיך... די זונן איז אלץ העכער און העכער. די גראז איז שנעל אויסגעטריקענט. עס איז שוין היים געווארען. עס געהט אוועק איין שעה, א צווייטע... דער הימעל הויבט אן צו דונקלען ביי די ברעגען; די פערגליווערטע לופט אטהעמט, ווי מיט ברענענדיגע נאדלען. — וואו טרינקט מען זיך דא אן? — פרעגט איהר דעם פויער, וואס קאשעט. — אן דארט, אין'ם שלוכט, איז א ברונים. — דורך די געדיכטע בושעס פון'ם וועלדעל מיט ניס-בוימער לאזט איהר זיך גלייך ארונטער אויפ'ן גרונט פון'ם שלוכט. דארט איז דא א קוואל; א דעמב האלט דורשטיג צוואוארפען איבער'ן וואסער זיינע ברייטע צווייגען; גרויסע, ווי בעזילבערטע בלעזלאך, שווימענדיג, הויבען זיך פון'ם גרונט, וואס איז בעדעקט מיט א סאמעטענעם מאך. איהר טהוט זיך א ווארף אויף דר'ערד, האט זיך אנגעטרונקען און פוילט זיך אויפצושטעהן. איהר ליעגט אין'ם שאטען, איהר אטהעמט איין א דופטענדיגע פייכטקייט, איהר פיהלט זיך אזוי גוט, און די בושעס געגענאיבער אייך, ברענען זיך אן און אזוי ווי זיי ווערען געל פון דער זונן. אבער וואס איז דאס? א ווינד איז פלוצים אנגעפלויגען און זיך אוועקגעטראגען. די לופט ארום האט

זיך א טרייסעל געטהאָן; צו האט עס ניט א דונער געטהאָן? ...

איהר פערלאָזט דעם שלוכט... וואס איז עס דאָרט פאַר א בלייענער שטרייף אויפ'ן האָריזאָנט? צו דאס איז פון היטץ? ... צו דאס רוקט זיך אזוי א וואָלקען? ... אבער אָט האט א בליץ שוואַך א פלאם געטהאָן... עהע, דאס איז טאַקי א שטורם! .. ארום שיינט נאָך העל די זונן; אבער דער וואָלקען וואַקסט, דער פאָדערשטער ברעג זיינער האט זיך אויסגעצויגען ווי א האַנדשוה, בויגט זיך ארונטער פון'ם האָריזאָנט. די גראָז, די בוימער, אלסדינג ארום האט זיך מיט א דונקעלקייט בעצויגען.... לויף! אויף גיך! דאָרט, דאַכט זיך, זעהט זיך א שייער פון היי... לויף!... איהר זייט דערלאָפּען, ארייגגעגאַנגען... וואס פאַר א רעגענדעל? וואס פאַר א בליצען? וואו־ניט־וואו האבען זיך דורך'ן שטרויענעם דאַך פון'ם שייער דורכגעריסען רעגען־טראָפּענס און זיינען ארונטערגעפאַלען אויפ'ן דופטענדיגען היי. אבער אָט האט די זונן זיך ווידער גענומען שפּיעלען, דער שטורם איז פאַראיבער, איהר געהט ארויס. גאָט מיינער, ווי פרעהלאַך אלסדינג פינקעלט, ווי פריש און שיטער איז די לופט, ווי עס שמעקט מיט שווארצע יאַגעדעס און שוועמלאַך! ...

און אָט קומט אָן דער פאַרנאַכט. דער אבענד־שטערן ברענט און פלאַקערט, האט א האַלבען הימעל ארומגעכאַפּט. די זונן געהט אונטער. די לופט אין דער נאָהענט איז בעזונדערס דורכזיכטיג, אזוי ווי פון גלאָז. ווייט צושפּרייט זיך א ווייכע פּארע, א ווארימע אויפ'ן קוק; צוזאַמען מיט'ן טהוי פאַלט א רויטער גלאַנץ אויף די פעלדער, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג פערגאָסען געוועזן מיט שטראָמען פון שיטערען גאָלד; פון די בוימער, פון די בושעס, פון די הויכע קופּעס היי האָבען זיך גענומען ציהען לאַנגע שאָטענס...

די זונן איז אונטערגעגאַנגען; א שטערן האָט זיך אָנגעצונדען און ציטערט אין דעם פייערדיגען ים פון דעם זונען אונטערגאַנג... דער פייערדיגער ים לעשט זיך; דער הימעל ווערט בלויער; איינצעלנע שאָטענס פערשווינדען; די לופט פילט זיך אָן מיט פינסטערניש. שוין צייט אהיים, אין דאָרף, אין דער כאטקע, וואו איהר נעכטיגט איבער. איבערגעוואָרפען דעם ביקס איבער'ן אַקסעל, געהט איהר שנעל, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איהר זייט מיעד...

און דערווייל פאַלט צו די נאַכט; פאַר צוואַנציג טריט קען מען

גאָר נישט זעהן; קוים־קוים וואָס איהר זעהט די הינט אין דעם חושך. דאָרט, איבער די שוואַרצע בושעס, הויבט אָן צו לייכטען א ברעג הי־מעל... וואָס איז דאָס? — א שריפה?... ניין, דאָס געהט אויף די לבנה... און דאָרט, אונטען, אויף דער רעכטער האַנד, שיינען שוין ארוים די פייערלאַך פון דאָרף... אָט איז, צום סוף, אונזער כאַטקע אויך. דורכ'ן פענסטער זעהט איהר דעם טיש, בעדעקט מיט א ווייסען טישטוך, א ברענענדיג ליכט, די וועטשערע...

אָדער אמאָל הייסטו גאָר איינשפּאַנען דעם לייכטען וועגעל און פאָהרסט אוועק אין וואַלד אויף גע׳עג נאָך קאַזעל־היהנער (ריאַבטשי־קעם). עס איז פרעהלאַך צו פאָהרען איבער'ן שמאָלען וועג, צווישען צוויי ווענד פון הויכע קאָרען־זאַנגען. די זאַנגען שמייסען אייך שטיל איבער'ן פּנים, די וואַכטעל פויגלען שרייען ארום; דאָס פערד לויפט פוילענדיג זיך... אָט איז דער וואַלד. שאָטען און שטילקייט. די שלאַנ־קע עספּען־בוימער מורמלען איבער אייך פון דער הויך, די לאַנגע ארונטערגעהאַנגענע צווייגען פון די בירקען־בוימער ריהרען זיך קוים. דער מעכטיגער דעמב שטעהט, ווי א העלד, נעבען א שעהנעם לינדען־בוים. איהר פאָהרט איבער'ן גרינעם, שאָטענדיגען וועג; גרויסע געלע פליעגלען הענגען דאָ אומבעוועגליך אין דער גאָלדענער לופט און דאָ הויבען זיי אָן צו פליהען; קליינע פליעגלאַך דרעהען זיך גאַנצע זיילען וויַיז, קוקען אויס העל אינ'ם שאָטען און דונקעל געגען דער זון; פייג־לאַך זינגען רוהיג... ווייטער, ווייטער אין וואַלד, טיעפער... ארום איז אַלסדינג שטיל און דרימעלט, א מערקווירדיגע שטילקייט צו־שפּרייט זיך אויך איבער אייער נשמה. אָבער אָט האָט א ווינד א בלאָז געטהאָן, און די שפּיצען פון די בוימער האָבען אָנגעהויבען צו רוישען, אַזוי ווי פאַלענדיגע כוואַליעס... אונטער די פאַר־א־יאָהריגע דונקעל־גרויע בלעטער וואַקסט וואו־ניט־וואו גראָז; די שוועמלאַך שטעהן בע־זונדער אונטער זייערע היטעלאַך.

א ווייסע האַזעל־הוהן וועט פּלוצים ארויסשפּרינגען, דער הונד וועט זיך א וואָרף טהאָן נאָך איהר מיט א הילכענדיג בילען...

היינט ווי שעהן איז דער דאָזיגער וואַלד שפּעט אין הערבסט, בעת עס קומען צופליהען די וואַלד־שנעפּען! זיי האַלטען זיך ניט אויף טיעף אינ'ם וואַלד, נור ארום וואַלד. קיין ווינד איז ניטאָ, קיין זון, ניט קיין ליכט און ניט קיין שאָטען, ניט קיין בעוועגונג, ניט קיין

רויש; אין דער ווייכער לופט איז צוגאָסען דער גערוך פון הערבסט, וואָס איז עהנליך צו דעם גערוך פון וויין; א לייכטער נעבעל איז צו־שפּרייט איבער די געלע פעלדער. דורך די נאַקעטע, דונקעל־גרויע צווייגען פון די בוימער קוקט פריינדליך ארויס דער אונבעוועגליכער הי־מעל; וואו־ניט־וואו הענגען אויף די לינדען־בוימער די לעצטע גאָל־דענע בלעטער; די פייכטע ערד איז שטייף אונטער די פיס; לאַנגע פעדים פינקלען אויף די בלייך־געוואָרענע גראָז. די ברוסט אָטהעמט רוהיג און די נשמה כאַפּט ארום א מאָדנע אונרוהיגקייט. דו געהסט ארום וואַלד, קוקסט אויף דיין הונד, וואָס לויפט אין פאָראויס, און אין דער אייגענער צייט לעבען אָפּ פאַר דיינע אויגען ליעבע געשטאַלטען, ליעבע געזיכטער, טויטע און לעבעדיגע, פון דער פערגאַנגענער צייט; איינדריקע, וואָס האָבען שוין לאַנג־לאַנג געשלאָפען אין דיר, ערוואַכען פּלוצים; די פאַנטאַזיע שוועבט און טראָגט זיך, ווי א פויגעל, און אלס־דינג שטעהט און בעוועגט זיך פאַר דיינע אויגען אזוי קלאָהר און בולט. דאס האַרץ טהוט דאָ פּלוצים זיך א צאַפּעל און הויבט אָן צו קלאַפּען, אזוי ווי עס וואָלט זיך געריסען ארויס, און דאָ ווערט עס פערזונקען אין די עראינערונגען, אין דער פערגאַנגענהייט. דאָס גאַנץ לעבען וויקעלט זיך פונאַנדער פאַר דיר לייכט און שנעל; דיין גאַנצע פערגאַנגענהייט, אַלע דיינע געפיהלען, קרעפטען, דיין גאַנצע נשמה האָסטו דאן בעהערשט, און ארום שטערט דיר גאָר נישט — קיין זון איז ניטאָ, קיין ווינד, קיין ליאַרם...

היינט דער העלער, אביסעלע קאַלטער אין דער־פריה, פראָסטיגער הערבסט־טאָג, בעת דער בירקען־בוים, אזוי ווי יענער בוים אין דער לעגענדע, מאָהלט זיך רייצענד, אין גאַנצען א גאָלדענער, געגען דעם בלייך־בלויען הימעל, ווען די ניעדריגע זונן וואַרעמט ניט מעהר, אָבער גלאַנצט העלער פון דער זומערדיגער; ווען דער קליינער עספּען־וועל־דעל גלאַנצט אין גאַנצען דורך און א פּרעטטעל זילבערט די טהאָלען, און א קיהלער ווינד טרייסעלט און טרייבט די ארונטערגעפאַ־לענע בלעטער; ווען איבער'ן טייך יאָגען זיך פריידיג די בלויע כוואַ־ליעס, אָפּטונקענדיג די גענז און ענטלאַך, וואָס שווימען דאָרט, און פון ווייטען ליאַרעמט דער מיהל, אויף דער העלפּט פאַרשטעלט פון ווער־בעס, און איבער איהם, אין דער העלער לופטען, דרעהען זיך בונט־קאָלירטע טויבען...

עס זיינען אויך שעהן די זומערדיגע נעבעלדיגע טעג, הגם די יעגערס האבען זיי ניט ליעב. אין אזוינע טעג קען מען ניט שיסען; דער פויגעל, ארויסגעפליוגען פון אונטער אייערע פיס, פערשווינדעט באלד אין דעם ווייסען שלייער פונ'ם נעבעל. אבער אזוי שטיל, אזוי שטיל איז אלסדינג ארום! אלסדינג האט זיך אויפגעכאפט און אלסדינג שווייגט. איהר זייט פערבייגעגאנגען א בוים, ער טהוט זיך ניט א ריהר, ער צערטעלט זיך. דורך דעם דינעם נעבעל, וואס איז גלייך צוגאסען אין דער לופטען, דונקעלט פאר אייך א לאנגער שטרייף. איהר מיינט, אז דאס איז דער נאהענטער וואלד, איהר געהט צו, — דער וואלד האט זיך פערוואנדעלט אין א הויכען בוש פון פאלין ביים וועג. איבער אייך, ארום אייך — אומעדום בלויז נעבעל... אבער אט טהוט זיך אביסעלע א ריהר א ווינד — א שטיקעל פונ'ם בלייך־בלויען הימעל טרעט דייטליך ארויס דורך דעם, ווי רויכענדיגען נעבעל, א גאלדענער שטראהל רייסט זיך פלוצים אריין, צוגיסט זיך אין לאנגע שטראמען, טהוט א קלאפ איבער די פעלדער, שפארט אן אינ'ם וועלדעל און באלד איז ווידער אלסדינג פערצויגען מיט נעבעל. לאנג געהט אן דער דאזיגער שטרייט, אבער ווי הערליך און שעהן זעהט אויס דערנאך דער טאג, ווען דאס ליכט האט, צום סוף, מנצח געווען און די לעצטע כוואליעס פון דעם צו־ווארעמטען נעבעל קייקלען זיך דא ארונטער און צושפרייטען זיך, ווי טישטוכער, און דא שלענגלען זיי זיך און דרעהען זיך, און פערשווינדען אין דער בלויער צערטליך־שטראלענדיגער הויכקייט...

און אט פאהרען מיר מיט'ן פעלד צו דער סטעפע. א וויארסט צעהן שלעפען מיר זיך מיט די זייטיגע וועגלאך, ביז מיר קומען ארויס, צום סוף, אויפ'ן גרויסען שליאך. פערביי פוהרען אהן א צאהל, פערביי איינפאהר־הייזער מיט קאכעדיגע סאמאווארען אונטער'ן וועטער־דאך, פון איין דארף אין די אנדערע, איבער לאנגע פעלדער, פאהרען מיר לאנג, לאנג... איבער די פעלדער, פליהען קראען, ווייבער מיט גראבליעס אין די הענד שלעפען זיך; א וואנדערער אין אן אלטען לייווענדענעם קאפטען מיט א קלומיק הינטער'ן אקסעל שלעפט זיך מיט מיעדע טריט; א שווערער פריצישער קאוטש, געשפאנט מיט זעקס גרויסע פערד, טראגט זיך אונז אנקעגען. פונ'ם פענסטער שטעקט ארויס א ווינקעל פון א קישען און פון הינטען אויף א זעקעל, אנהאלטענדיג זיך פאר א שטריק, זיצט מיט א זייט א לאקעי אין א שינעל,

פערבריזגעט אבער'ן קאָפּ מיט בלאָטע. אָט איז אַ קליין שטעדטעל מיט הילצערנע, קרומע הייזלאַך, מיט פארקאנס אָהן אַ צאָהל, מיט ניט־בעוואוינטע מויערען, מיט אַן אלטען בריק איבער אַ טיעפען שלוכט... ווייטער, ווייטער!... די סטעפּע האָט זיך געוויזען. טהוסט אַ קוק פונ'ם בארג ארונטער — וואָס פאַר אַ בילד! רונדע, ניעדריגע בערגלאַך, צואַקערטע און פערזעעטע ביז'ן סאמע שפּיץ, צו־שפּרייטען זיך, ווי ברייטע כוואַליעס; שלוכטען, פערוואַקסענע מיט בושעס, שלענגלען זיך צווישען זיי; קליינע וועלדלאַך זיינען צו־וואָרפען ווי לענגליכע אינזלען; פון איין דאָרף נאָך די אנדערע לויפען שמאָלע וועגלאַך; ווייסע קלויסטערס זעהן זיך; צווישען די בוימעלאַך בלישצעט אַ טייך, וואָס איז אין פיער פּלעצער פערשפּארט געוואָרען מיט דאַמס; אַן אלטע פריצישע הויז מיט זיין פרוכט־גאָרטען און זיין שייער האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ קליין טייכעל...

אָבער איהר פאָהרט אַלץ ווייטער און ווייטער. די בערגלאַך זיינען אַלץ זעלטענער, קיין בוימער זעהט מען כמעט גאָר ניט. אָט איז זי, די ברייטע, פרייע, אָהן אַ גרענעץ פרייע סטעפּע!...

היינט אין אַ ווינטערדיגען טאָג צו געהן איבער די הויכע שנעע־בערגלאַך נאָך האָזען, אָטהעמען די פראָסטיגע, שארפע לופט, זשמור־רען זיך געגען דעם בלענדענדיגען גלאַנץ פון דעם ווייכען שנעע, אָנקווע־לען פון דעם גרינ־פארביגען הימעל איבער'ן רויטליכען וואַלד!... היינט די ערשטע טעג פונ'ם פריהלינג, בעת אַלסדינג ארום גלאַנצט און פאַלט, ווען דורך דער שווערער פּאַרע פון דעם צוגעהענדיגען שנעע שמעקט שוין מיט דער צו־וואַרעמטער ערד. און אונטער דעם קרומען שטראַהל פון דער זונן זינגען די לערכען פויגלאַך, פול צוטרויען, און שלוכט צו שלוכט טראָגען זיך די שטראָמען מיט פריידיגען ליארם פון געפילדער...

.אָבער, שוין צייט צו ענדיגען. אגב, איך האָב דערמאָנט דעם פריהלינג. אינ'ם פריהלינג איז לייכט זיך צו שיידען, אינ'ם פריהלינג ציהט אפילו די גליקליכע ערגעץ ווייט... זייט מיר, געזונד, לעזער, איך ווינש אייך גליק.

# דריי פּאָרטרעטען

איינע פון די וויכטיגסטע אונאַנגענעהמליכקייטען פון'ם דאָרפי־שען לעבען איז די „נאַכבאַרשאַפט". איך האָב געקאָנט אַ געוויסען גוטסבעזיצער, וועלכער פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט זאָגען אַזוי: „גאָט צו דאַנקען, איך האָב ניט קיין שכנים!" — און איך מוז מודה זיין, אז איך בין שטאַרק מקנא געוועזן דעם דאָזיגען גליקליכען מענ־שען. מיין דערפעל געפינט זיך אין איינער פון די געדיכט־בעפעלקער־טע רוסישע גובערניעס. איך בין אַרומגערינגעלט מיט אַ סך שכנים, אָנהויבענדיג פון בעל הבית'ישע און בכבוד'איגע, וועלכע זיינען אָנגע־טהאָן אין בעקוועמע פראַקען און נאָך בעקוועמערע וועסטען און ענ־דיגענדיג מיט די וואוילע יונגען, וואָס טראָגען ווענגערקעס מיט לאַנגע אַרבעל און מיט דעם בעוואוסטען קנופּ אויפ'ן רוקען. צווישען די אַלע גוטסבעזיצער האָב איך, פון דעסטוועגען, צופעליג ענטדעקט איינעם, אַ גאַנץ וואוילען מענשען: ער האָט פריהער געדיענט אין מיליטער, שפּעטער האָט ער זיך אָנגעגעבען אין דיסמיסיע און זיך בעזעצט אין דאָרף אויף אימער און אייביג. נאָך זיינע רייד נאָך האָט ער צוויי יאָהר געדיענט אין דעם ב— ער רעגימענט; איך קען בשום אופן ניט פערשטעהן, ווי אַזאַ מענש, ווי ער, האָט געקאָנט טראָגען אויף זיך אַ געוויסע פליכט, ניט נור צוויי יאָהר, נור אפילו צוויי טעג. ער איז געבאָרען געוואָרען „פאַר אַ לעבען אַ רוהיגען, פאַר דער דאָרפישער שטילקייט" דאָס הייסט, פאַר אַ פוילען, זאָרגלאָזען, איינטאָניגען לע־בען, וועלכעס צווישען אונז גערעדט, האָט זיך אויך זיינע גאַנץ בע־זונדערע שעהנע זייטען. ער האָט געהאַט אַ גאַנץ שעהן פערמעגען און ניט זאָרגענדיג איבעריג וועגען דער פערוואַלטונג פון זיין ווירטה־שאַפט, האָט ער פערלעבט צעהן טויזענד רובעל אַ יאָהר, האָט זיך איינ־געשאַפט אַן אויסגעצייכענטען קאָך (מיין חבר האָט ליעב געהאַט גוט

אריינצוועסען) ; און האָט זיך אויך אויסגעשריעבען פון מאָסקווע די נייעסטע פראַנצויזישע זשורנאַלען און ביכער. אויף רוסיש האָט ער בלויז געלעזען די בעריכטען פון זיין פריקאַזטשיק, און דאָס אויך קוים מיט צרות. ער האָט פון דער פריה אָן (אויב ער איז נור ניט געפאָהרען אויף יאגד) ביז מיטאָג און צום מיטאָג ניט אויסגעטהאָן דעם כאַלאַט ; האָט איבערגעקוקט געוויסע צייכנונגען, אָדער איז אוועק אין שטאַהל, צו די פערד, אָדער אין שפייכלער, וואו מען האָט געדרעשט און האָט זיך גלייכוועדטעלט מיט די ווייבער, וועלכע האָבען אין זיין געגענ־ווארט געאַרבייט מיט אַ ברען, אום איהם צו ווייזען, וואָס זיי קאָ־נען.

נאָך מיטאָג האָט מיין פריינד זיך זאָרגפעלטיג אָנגעטהאָן פאַר׳ן שפּיעגעל און איז געפאָהרען צו וועלכען עס איז אַ שכן, וואָס איז גע־בענשט געווען מיט צוויי אָדער דריי שעהנע טעכטער ; זאָרגלאָז און פרידליך האָט ער זיך ארום איינער פון זיי ארומגעדרעהט, האָט גע־שפּיעלט מיט זיי אין בלינדע קוה, איז אַהיים געקומען גאַנץ שפּעט און באַלד איינגעשלאָפען מיט אַ פעסטען, געשמאַקען שלאָף. לאַנג־ווייליגען זיך האָט ער ניט געקענט, ווייל ער האָט זיך קיין מאָל ניט איבערגעגעבען אין גאַנצען צום פוילענצען ; און אויף זיינע בעשעפטי־גונגען איז ער ניט געווען קיין שטאַרקער אויסקלייבער, ער האָט זיך ווי אַ קינד, געפרעהט מיט יעדער קלייניגקייט. פון דער צווייטער זייט ווידער, האָט ער קיין בעזונדערע צוגעבונדענקייט צום לעבען ניט גע־פיהלט און עס פלעגט טרעפען, ווען עס פלעגט אויסקומען צו יאָגען זיך נאָך אַ וואָלף אָדער אַ פוקס, פלעגט ער זיך אַ לאָז טהאָן אויף זיין פערד איבער אַזעלכע גראָבענס און זומפּען, אַז איך קען נאָך ביז היינ־טיגען טאָג ניט פערשטעהן, ווי ער האָט ניט אַ מאָל הונדערט זיך האַלז און נאַקען צובראָכען.

ער איז פון יענע מענשען, וואָס ערוועקען אין אייך אַ געדאַנק, אַז זיי אליין פערשטעהען ניט זייער ווערטה, אַז אונטער זייער אויסער־ליכער גרויסמוטיגקייט זיינען בעהאַלטען גרויסע און מעכטיגע ליידענ־שאַפטען ; ער אָבער וואָלט זיך צולאַכט אייך אין פּנים אריין, ווען ער וואָלט זיך געקאָנט אָנשטויסען, אַז איהר האָט וועגען איהם אַזאַ מיי־נונג. און, דעם אמת געזאָגט, דענק איך אליין אויך, אַז אויב מיין פריינד האָט אפילו יאָ ווען עס איז אין דער יוגענד געהאַט אַ שטרע־

בונג צו וואָס מען רופט, אַ העכערען אידעאַל, האָט די דאָזיגע שטרע־בונג אין איהם לאַנג, לאַנג זיך בערוהיגט און ער אליין האָט שוין אויך לאַנג אָן דעם פערגעסען.

ער איז געוועזן גאַנץ דיק און געזונד, ווי אַ נוס. אין אונזער צייט איז אונמעגליך ניט צו ליעבען מענשען, וועלכע טראַכטען ווייניג פון זיך אליין, ווייל זיי זיינען אַזאַ זעלטענהייט... און מיין פריינד האָט כמעט אין גאַנצען פערגעסען אָן זיין אייגענער פערזאָן. אָבער, דאַכט זיך, אַז איך רייד שוין צופיעל וועגען איהם — איבערהויפּט איז מיין פּלוידעריי ניט פּאַסיג, ווייל ער איז ניט דער געגענשטאַנד, פון וועלכען איך געה אייך דאָ דערצעהלען. מען האָט איהם גערופען פּיאָטער פּיאָ־דאָראָוויטש לוטשינאָוו.

אין אַ געוויסען הערבסט טאָג, זיינען אונזערע אַ מאָן פינף, פער־ברענטע יעגער, זיך צוזאַמענגעפאָהרען צו פּיאָטער פּיאָדאָראָוויטש'ען. אַ גאַנצען פריה מאָרגען האָבען מיר פערבראַכט אין פעלד, האָבען גע־כאַפּט צוויי וועלף און אַ סך האָזען און האָבען זיך אומגעקעהרט אַהיים אין יענעם ענטציקענד־פרעהליכען מוטה, וואָס בעהערשט יעדען אָנ־שטענדיגען מענשען נאָך אַן ערפאָלגרייכער יאַגד. די נאַכט איז צו־געפאַלען. דער ווינד האָט זיך צושפּיעלט אין די דונקעלע פעלדער און האָט מיט אַ געפּילדער בעוועגט די נאַקעטע שפּיצען פון די בירקען און לינדען־בוימער, וועלכע האָבען ארומגערינגעלט לוטשינאָווס הויז.

מיר זיינען געקומען צו פאָהרען, אַראָבגעקראָכען פון די פערד. אויפ'ן גאַניק בין איך שטעהן געבליבען און זיך ארומגעקוקט: איבער'ן גרויען הימעל האָבען שווער געפּויזעט לאַנגע וואָלקענס; די דונקעלע שוואַרץ־ברוינע בושעס האָבען זיך געצאַפּעלט אויפ'ן ווינד און רחמנות'־דיג גערוישט; דאָס געלע גראָז האָט מאַכטלאָז און אומעדיג צו דער ערד געבויגען; מחנות דראָסעל־פויגלאָך זיינען ארומגעפלויגען צווישען די בוימער, בעשאָטענע מיט העל־רויטע ראַבינעס, צווישען די דינע און ברעכענדיגע צווייגלאָך פון די בירקען־בוימער זיינען מיט אַ פּייפעריי אַרומגעשפּרונגען קאָהל מייזען; אין דאָרף האָבען הייזעריג געבילט די הינד. מיר איז אומעטיג געוואָרען... דערפאַר בין איך מיט אַן אמת'ער פרייד אריין אין עס־צימער די לאַדענס זיינען געווען צוגעמאַכט, אויף אַ רונדען טיש, בעדעקט מיט אַ קלאָהר ווייסען טישטוך, צווישען קרים־טאָלענע גראַפינען מיט רויטען וויין, האָבען געברענט אַכט ליכט אין

זילבערנע לייכטער ; אין קאמין האט פרעהלאך געפלאקערט א פייער — און אן אלטער גאנץ בכבוד׳איגער הויז־מייסטער מיט זעהר א גרויסען פליך אויפ׳ן קאפ, אנגעטהאן אין ענגלישע קליידער, איז אונבעוועגליך געשטאנען פאר א צווייטען טיש, וואו עס האט זיך געפונען א וואזע מיט סופ, פון וועלכער עס האט זיך געטראגען א לייכטע שמעקענדיגע פארע. אין פיהר־הויז זיינער מיר פערבייגעגאנגען פאר נאך אבכבוד׳־איגען מענשען, וועלכער איז געווען פערנומען מיט איינפריהרען שאמ־פאניער, — „נאך די שטריינגסטע רעגעלען פון קונסט״.

דער מיטאג, ווי געוועהנליך אונטער דיעזע אומשטענדען, איז געווען זעהר אן אנגענעהמער ; מיר האבען געלאכט, דערצעהלט פאסי־רונגען, וועלכע האבען זיך געטראפען אויף יאגד, און האבען מיט בע־גייסטערונג דערמאנט וועגען צוויי בעריהמטע נאכיאגענישען נאך חיות.

אבגעגעסען זאט, האבען מיר זיך צולעגט אויף ברייטע פאטעלען ארום קאמין ; אויפ׳ן טיש האט זיך בעוויזען א גרויסער זילבערנער טאץ, און אין עטליכע מינוטען ארום האט דער לויפעדיגער פלאקער׳ל פון דעם ברענענדיגען ראם אונז אנגעזאגט, אז אונזער פריינדליכער בעל הבית האט אנגעגרייט פאר אונז אונזער געליעבטען געטראנק. פיאטער פיאדאראוויטש איז געווען א מענש ניט אהן געשמאק ; ער האט, למשל געוואוסט, אז קיין זאך ווירקט ניט אזוי שלעכט אויף דער פאנטאזיע, ווי דער גלייכער, קאלטער און פעדאנטישער פייער פון א לאמפ — דערפאר האט ער געהייסען לאזען אין צימער בלויז צוויי ליכט. מאדנע האלבע שאטענס האבען ארומגעטאנצט איבער די ווענט, ארויסגערופען פון דעם וואונדערליכען פייער אין קאמין און דעם פלאקערען פון דעם ראם... א שטילע, מערקווירדיג־אנגענעהמע פרייד האט אין אונזערע הערצער פערנומען דעם פלאץ פון דער אביסעל צו־טומולדיגער פרעהליכקייט, וועלכע האט געהערשט צו מיטאג.

געשפרעכען האבען זיך זייער מזל — ווי ביכער, ווי אלעם אויף דער וועלט. אונזער געשפרעך אין יענעם אבענד איז געווען בעזאנדערס פערשיעדענארטיג און לעבעדיג. פון געוועהנליכע זאכען איז ער אי־בערגעגאנגען צו גאנץ וויכטיגע אלגעמיינע פראגען און דערנאך לייכ־טע און אונגעצוואונגען זיך צוריקגעקעהרט צום אלטעגליכען לעבען.... אבגעפלוידערט א גאנץ לאנגע צייט, זיינען מיר פלוצים אלע אנשווייגען

געוואָרען. אין דיעזער צייט, זאָגט מען, לויפט אַ שטילער מלאך פאַר־איבער.

איך ווייס ניט פאַרוואָס מיינע חברים זיינען שטיל געוואָרען. אָבער איך בין אנשוויגען געוואָרען דערפאַר, ווייל מיינע אויגען האָבען זיך פלוצים אָבגעשטעלט אויף דריי פערשטויבטע פאָרטרעטען אין שוואַר־צע הילצערנע ראהמען. די פאַרבען האָבען זיך אָבגעריבען און וואו ניט וואו אין גאַנצען אָבגעבליאַקירט, אָבער די פנים׳ער האָט מען נאָך געקאָנט אונטערשיידען. דער מיטעלסטער פאָרטרעט האָט פאָרגע־שטעלט אַ יונגע פרוי אין אַ ווייס קלייד, מיט שפּיצען בעפּוצט, און אין אַ הויכער פריזור פון די אכציגער יאָהרען. רעכטס פון איהר, אויף אַ גאַנץ שוואַרצען הינטערגרונד, האָט זיך געזעהן אַ רונדער און פולער פנים פון אַ גוטען רוסישען גוטס־בעזיצער פון אַ יאָהר פינף און צוואַנ־ציג, מיט אַ נידעריגען און ברייטען שטערן, אַ טעמפּער נאָז און אַ גוט־מוטיגען שמייכעל. די פראַנצויזישע אָנגעפּודערטע פריזור האָט זיך זעהר ניט געפּאַסט צו דעם אויסדרוק פון זיין סלאַוויאַנישען פנים. דער מאַהלער האָט איהם פאָרגעשטעלט אין אַ העל־רויטען קאַפּטען מיט גרויסע קנעפּ; אין אַ האַנד האָט ער געהאַלטען עפּעס אַ ניט גע־שטויגענע און ניט געפלויגענע בלום. דער דריטער פאָרטרעט, געמאָהלען פון אַ מעהר פעהיגער האַנד, האָט פאָרגעשטעלט אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, אין אַ גרינעם מונדיר פון יעקאַטערינאַ׳ס צייטען, מיט רויטע לאַצען, אין אַ ווייסען וועסט און אַ פיינעם באַטיסטענעם שניפּס. מיט איין האַנד האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקעלע מיט אַ גאָלדע־נער הענטעל, די צווייטע האָט ער געהאַלטען פערלייגט הינטער׳ן וועסט. זיין דונקעלער, מאָגערער פּנים האָט געאָטהעמט מיט פרעכען אויפגעבלאָזענעם שטאָלץ. דינע לאַנגע ברעמען זיינען כמעט צוזאַמענ־געוואַקסען געוועזען איבער זיינע פעך־שוואַרצע אויגען; אויף די בלייכע, קוים בעמערקבאַרע ליפּען האָט געשפּיעלט אַ ניט גוטער שמייכעל.

— וואָס האָט איהר זיך אזוי פערקוקט אויף די פנים׳ער? — האָט מיך געפרעגט פּיאָטער פּיאָדאָראָוויטש.

— אָט, אזוי זיך! — האָב איך געענטפערט, אַ קוק טהאָנדיג אויף איהם.

— ווילט איהר אויסהערען אַ גאַנצע מעשה וועגען די דאָזיגע דריי פּערזאָנען?

— אדרבה — האבען מיר אלע אין איין קול געענטפערט.

פיאטער פיאדראוויטש איז אויפגעשטאנען, האט גענומען א ליכט, צוגעטראגען עס צו די בילדער און מיט דעם טאן פון א מענשען, וועלכער ווייזט ווילדע חיות, האט ער אויסגערופען:

— מיינע הערין, דיעזע דאמע — אן אדאפטירט קינד פון מיין לייבליכען עלטער זיידען, אלגא איוואנאוונא, וועלכער מען האט צו־געגעבען דעם נאמען לוטשינאווא, איז געשטארבען מיט א יאהר פער־ציג צוריק, אלס מיידעל. דיעזער הערר — ער האט אנגעוויזען אויף דעם מאן אין מונדיר — א סערזשאנט פון גווארדיע, וואסילי איוואנא־וויטש לוטשינאוו, איז מיט גאט'ס ווילען געשטארבען אין טויזענד זיעבען הונדערט נײַנציגסטען יאהר. און דיעזער הערר, מיט וועלכען איך האב ניט די עהרע צו זיין קרובים, א געוויסער פאוועל אפאנאס־יעוויטש ראגאטשאוו, האט, דאכט זיך, אויף ווי פיעל מיר איז בע־קאנט, אין ערגעץ ניט געדיענט. אצינד קוקט זיך אויפמערקזאם צו צו דער לאך, וואס געפינט זיך ביי איהם אויף דער ברוסט, אויפ'ן ריכטי־גען פלאץ פונ'ם הארצען. די דאזיגע לאך, ווי איהר זעהט, א גאנץ גלייכע, אן אויסגעמאסטענע, האט, וואהרשיינליך, ניט געקענט ווערען נאר צופעליג... איצט — האט ער ווייטער גערעדט מיט זיין געוועהנ־ליכען קול — זייט מוחל, זעצט זיך, נעהמט זיך אן מיט געדולד און הערט.

— מיינע הערין! — האט ער אנגעהויבען — איך קום ארויס פון א גאנץ אלטען יחוס. איך שטאלציר ניט דערמיט, ווייל אלע מיינע עלטער־עלטערען זיינען געוועזען שרעקליכע פערשווענדער. אייגענטליך, קאן מען דיעזען פארוואורף ניט מאכען מיין עלטער־זיידען איוואן אנ־דרעיעוויטש לוטשינאוו, פארקעהרט: יענער האט געהאט א נאמען פאר א מענשען זעהר א שפארזאמען און זאגאר א קארגען לכל הפחות אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען. זיין יוגענד האט ער פערבראכט אין פעטערסבורג און האט דארט אויך חתונה געהאט. מיט זיין פרוי, דאס הייסט, מיין עלטער־באבען, האט ער געהאט פיער קינדער — דריי זיהן, וואסילי, איוואן און פאוועל (מיין לייבליכער זיידע) און איין טאכטער נאטאליע. און אויסער דעם, האט איוואן אנדרעאיטש צוגענומען צו זיך אין הויז א טאכטער פון א ווייטען קרוב, א יתומה אהן א טאטען און אהן א מאמען — אלגא אנדרעעוונא, וועגען וועלכער איך האב

איך שוין געזאָגט. מיין זיידענס אונטערטהאַנען האָבען הפּנים יאָ געוואוכט, אַז ער לעבט ערגעץ אויף דער וועלט, ווייל זיי פלעגען איהם וועט ניט ווען, (אַז עס האָט ניט געטראָפען קיין בעזונדערער אונגליק) ארויסשיקען גאַנץ קליינע אָבצאָהלונגען — אָבער אין די אויגען האָבען זיי איהם קיין מאָל ניט אָנגעזעהן. דאָס דערפעל לוטשינאָווקאַ ניט האָבענדיג אויף זיך קיין פּריץ, האָט געבליהט. ביז פּלוצים, אין איין שעהנעם פריהמאָרגען, איז אַ גרויסער שווערער וואָגען אריינגעפּאָהרען אין דאָרף און זיך אָבגעשטעלט פאר'ן סטאַראָסטאַ'ס הויז. די פּויערים אונרוהיגע און צושראָקענע פון אַזאַ אונגעוועהנליכער פּאַסירונג, זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען און דערזעהר זייער פּריץ, די פּריצה'טע און זייער גאַנצער הויז־געזיכט, אויסער דעם עלטסטען, וואסילי, וועלכער איז געבליבען אין פּעטערסבורג.

פון יענעם טאָג אָן ביז צו זיין סאַמער טויט, איז איוואַן אַנדרעיעוויטש ניט ארויסגעפאָהרען פון לוטשינאָווקע. ער האָט זיך אויסגעבויט אַ הויז, דאָס אייגענע, אין וועלכען איך האָב איצט דאָס פּערגעניגען מיט אייך צו פּערברייניגען; ער האָט אייך אויסגעבויט אַ קירכע און זיך גענומען לעבען אַלס גוטס־בעזיצער.

איוואַן אַנדרעיעוויטש איז געווען אַ מענש פון אַ זעהר הויכער וואוקס, אַ מאָגערער, אַ שווייגענדיגער און זעהר אַ לאַנגזאַמער אין אַלע זיינע בעוועגונגען; ער האָט קיין מאָל ניט געטראָגען קיין שלאָף־ראָק, און קיין מענש, אויסער זיין קאַמערדיענער, האָט איהם ניט געזעהן אַנדערש, ווי אַ געפּודערטען. איוואַן אַנדרעיעוויטש איז, געוועהנליך, ארומגעגאַנגען, פערלייגט די הענד הינטער'ן רוקען און לאַנגזאַם דרעהענדיג מיט'ן קאָפּ ביי יעדען טראָט זיינעם. יעדען טאָג האָט ער שפּאַצירט איבער דער לאַנגער לינדען־אַלעע, וועלכע ער האָט מיט זיינע אייגענע הענד פערפלאַנצט — און ערשט פאר'ן טויט האָט ער געהאַט דאָס פּערגעניגען צו פיהלען דעם שאָטען פון די דאָזיגע לינדען־ביימער.

איוואַן אַנדרעיעוויטש איז געווען זעהר קאַרג אויף רייד; אַלס בעווייז פון זיין שווייגעדיגקייט קען דיענען דער זאָנדערבאַרער צופאַל, וואָס ער האָט אין פערלויף פון גאַנצע צוואַנציג יאָהר ניט אויסגערעדט קיין איין וואָרט מיט זיין פרוי, אַננאַ פּאַוולאָוונאַ. בכלל, האָט ער זיך זעהר מאָדנע פערהאַלטען צו אַננאַ פּאַוולאָוונאַ'ן. זי האָט געפיהרט

די גאנצע ווירטהשאפט, צום מיטאָג איז זי געזעסען נעבען איהר מאָן — ער וואָלט אָהן רחמנות, בעשטראָפט א מענשען, וועלכער וואָלט געוואגט איהר א גראָב ווארט צו זאָגען — און אין דער אייגענער צייט האָט ער אליין מיט איהר קיין מאָל ניט גערעדט, ניט צוגעריהרט זיך צו איהר האנד.

אננא פּאוולאָוונא איז געווען א שרעקענדיגע, בלייכע, דערשלאָ־גענע פרוי; איז יעדען טאָג אין קירכע געגאַנגען, אויף די קניע תפילה געטהאָן און קיינמאָל ניט געשמייכעלט. מען האָט גערעדט, אז פריהער, איידער זיי זיינען געקומען אין דאָרף, האָבען זיי צווישען זיך געלעבט זעהר שעהן; מען האָט אויך גערעדט, אז אננא פּאוולאָוונא האָט גע־בראָכען איהרע פּפליכטען אלס פערהייראטע פרוי אז איהר מאן האט זיך וועגען דעם דערוואוסט... אָבער ווי די זאך זאָל דאָרט ניט האָבען געווען, איוואן אנדרעיעוויטש האָט זיך אפילו פאר'ן טויט מיט איהר ניט איבערגעבעטען. אין דער צייט פון זיין לעצטער קראנקהייט, איז זי ניט אָבגעטראָטען פון איהם; נור ער האָט זי, ווי עס האָט געשיינט, ניט בעמערקט. איין מאָל ביינאכט, אננא פּאוולאָוונא איז געזעסען אין איהר מאן'ס שלאָפצימער, ער האָט געליטען פון שלאָפלאָזיגקייט — פאר דאָס הייליגע בילד האָט געברענט א לעמפּעל; מיין זיידענס דיע־נער, יודיטש, וועגען וועלכען איך וועל אייך שפּעטער דערצעהלען, איז ארויסגעגאנגען. אננא פּאוולאָוונא איז אויפגעשטאנען, איז אריבער איבער'ן גאנצען צימער און, א וואָרף געטהאָן זיך כליפּענדיג אויף די קניע פאר'ן מאנס בעט, האָט זי געוואָלט עפּעס זאָגען — האָט אויסגע־שטרעקט די הענד... איוואן אנדרעיעוויטש האָט אויף איהר א קוק גע־טהאָן — און מיט א שוואכען, אָבער זיכערען קול, האָט ער גענומען שרייען: „יודיטש!” עס איז אריין דער דיענער, אננא פּאוולאָוונא האָט זיך שנעל אויפגעהויבען, און שאָקלענדיג זיך אויף די פיס, האָט זי זיך צוריקגעקעהרט אויף איהר אָרט.

איוואן אנדרעיעוויטש'ס קינדער האָבען פאר איהם זעהר מורא געהאט. זיי זיינען אויסגעוואקסען אין דאָרף און האָבען בייגעוואָהנט דאָס מאָדנע באנעהמען זיך פון זייער פאָטער צו דער מוטער. זיי אלע האָבען ליידענשאפטליך געליעבט אננא פּאוולאָוונא'ן, האָבען אָבער ניט געוואגט ארויסצו־ווייזען זייער ליעבע. זי אליין האָט זיך אויך עפּעס געהאלטען פון זיי פון ווייטען... איהר, מיינע העררן, געדענקט דאָך

נאָך מיין זיידען: ער איז ביז אין טויט אריין געגאנגען אויף די שפּיץ־פינגער און גערעדט שטילערהייד... אָט דאָס הייסט א געוואָהנהייט! מיין זיידע און זיין ברודער זיינען געווען פראָסטע, גוטע, איינפאכע מענשען; מיין עלטער־מוהמע נאטאליע האָט, ווי אייך איז בעקאנט, חתונה געהאַט מיט א גראָבען, נארישען מענשען און ביז'ן טויט האָט זי צו איהם געפיהלט א שטילע, אונטערגעבענע, קעלבערנע ליעבע — ניט אזוי איז אָבער געווען זייער ברודער וואסילי.

איך האָב אייך, דאכט זיך, שוין געזאָגט, אז איוואן אַנדרעיעוויטש האָט איהם געלאָזען אין פּעטערבורג. ער איז דאן אַלט געווען דרייצעהן יאָהר. דער פאָטער האָט איהם אָבגעגעבען אונטער דער השגחה פון א ווייטען קרוב, א ניט קיין יונגען, אונפערהייראטהען מענשען, א פּערברענטען אָנהייגגער פון וואָלטער.

וואסילי איז אויסגעוואקסען און אריינגעטראָטען אין מיליטער. ער איז געווען ניט הויך געוואקסען, אָבער שעהן געבויט און זעהר פלינק; האָט אויסגעצייכענט גערעדט פראנצויזיש און איז געווען בע־ריהמט פאר זיין קאָנען פעכטען זיך מיט שווערדען. ער האָט זיך גע־רעכענט פאר איינעם פון די גלענצענדסטע יונגע לייט פון יענער צייט. מיין פאָטער פלעגט אָפט זאָגען, אז ער האָט געקאָנט ניט איין אַל־טימשקע, וועלכע האָט אָהן בעגייסטערונג ניט געקענט דערמאָנען זיך אָן וואסילי, איוואנאָוויטש לוטשינאָוו'ן.

שטעלט זיך פאַר א מענשען מיט אונגעוועהנליך שטארקער ווי־לענסקראפט, א ליידענשאפטליכען און א בערעכענטען, א געדולדיגען און א דרייסטען, א אונגעוועהנליך פערשלאָסענעם — און, ווי זיינע צייט גענאָסען דערצעהלען — א בעצויבערענד־ליעבענווירדיגען און פריינדליכען. ער איז געווען א מענש אָהן געוויסען אָהן גוטסקייט, אָהן עהרליכקייט, הגם קיינער האָט ניט געקענט זאָגען, אז ער איז א שלעכטער. ער האָט פון זיך געהאלטען אן עולם ומלואה — האָט אָבער געקענט בעהאלטען זיין אייגענ־ליעבע, און האָט ליידענשאפטליך גע־ליעבט די אונאבהענגיגקייט. ווען וואסילי איוואנאָוויטש פלעגט שמייכ־לענדיג פריינדליך, פארזשמורען זיינע שווארצע אויגען, וועלענדיג אי־מעצען געפעלען, דאן, זאָגט מען, איז אונמעגליך געווען איהם ווי־דערשטעהן — און אפילו מענשען, וועלכע זיינען געווען איבערצייגט אין דער טרוקענקייט און קאלטקייט פון זיין נשמה, זיינען ניט איין,

מאָל בעהערשט געוואָרען פון זיין מעכטיגען איינפלוס. ער האָט שטאַרק געהאַט זיך און נור זיך, אין זינען, און זיינע אָרומיגע האָט ער אויך געצוואונגען צו אַרבייטען פאַר זיינע נוצען, און ער האָט שטענדיג אין אַלסדינג, געהאַט ערפאָלג, ווייל ער האָט קיין מאָל ניט פערלאָרען דעם קאָפּ, האָט זיך געשעהמט צו בענוצען מיט חניפה אַלס מיטעל, און האָט אויסגעצייכענט געקאָנט חנפענען.

אין צעהן יאָהר אַרום נאָך איוואן אַנדרעיעוויטשעס בעזעצען זיך אין דאָרף, איז ער אַלס גלענצענדער גוואַרדיע אָפיציער געקומען צו־פאָהרען אויף פיער מאָנאַטען קיין לוטשינאָווקא — און אין פערלויף פון דער דאָזיגער קורצער צייט האָט ער פערדרעהט דעם קאָפּ אפילו דעם פינסטערען, אַלטען פאָטער זיינעם. מערקווירדיג! איוואן אַנדרע־יעוויטש האָט מיט פערגעניגען אויסגעהערט די מעשות, וואָס זיין זוהן האָט איהם דערצעהלט וועגען געוויסע זיעגען זיינע... די ברידער זיינע האָבען פאַר איהם דרך ארץ געהאַט, האָבען איהם בעוואונדערט, ווי עפּעס אַ העכערם וועזען. און אַננאַ פּאַוולאָוונאַ גופא האָט איהם אויך ליעב געקראָגען כמעט מעהר פון אַלע איהרע איבעריגע קינדער, וועל־כע זיינען איהר אַזוי איבערגעבען געוועזן.

וואַסילי איוואַנאָוויטש איז געקומען אין דאָרף, ערשטענס, אום זיך צו זעהן מיט די עלטערן; און, צווייטענס, אום צו קריעגען וואָס מעהר געלד פון פאָטער. אין פּעטערסבורג האָט ער געלעבט אַ זעהר רייכען, גלענצענדען לעבען און האָט אָנגעמאַכט אַ סך חובות. ניט גרינג איז איהם געווען אויסצוקומען מיט'ן פאָטער'ס קאַרגשאַפט, און, הגם איוואן אַנדרעיעוויטש האָט איהם אין דער צייט פון זיין בעזוך געגעבען מעהר געלד, ווי אַלע איבעריגע זיהן זיינע אין פערלויף פון צוואַנציג יאָהר, דאָך האָט וואַסילי, זיך געהאַלטען אָן דעם געוויסען רוסישען שפּריכווערטעל: „אַז נעהמען, איז נעהמען!"

ביי איוואן אַנדרעיעוויטש'ן איז געווען אַ דיענער מיט'ן נאָמען יודיטש, אויך אַזאַ הויכער, מאָגערער און שווייגעדיגער מענש, ווי זיין פּריץ אַליין. מען זאָגט, אַז דער דאָזיגער יודיטש איז טהיילווייז געווען די אורזאַך פון איוואן אַנדרעיעוויטש'עס פערהאַלטען זיך צו זיין ווייב: מען זאָגט, אַז ער האָט דאָס ענטדעקט דעם פערברעכערישען פערקעהר פון מיין עלטער־באָבען מיט איינעם פון מיין עלטער זיידענס בעסטע פריינד. יודיטש האָט, וואהרשיינליך, שפּעטער שטאַרק חרטה

געהאט אויף זיין איבערגעכאפטער איבערגעבענקייט, ווייל עס איז זיך שווער פארצושטעלען א בעסערען מענשען, ווי ער איז געווען. זיין אנדענקען איז נאך ביז'ן היינטיגען טאג הייליג ביי אלע מיינע בעדיענטע. צו דעם דאזיגען יודיטש האט מיין עלטער־זיידע געהאט פולען צוטרויען. אין יענער צייט האבען די גוטס־בעזיצער געהאט געלד ניט אין די באנקען, נור האבען עס אליין געהאלטען פערשלאסען אין קופערטען, אין פערבארגענע גריבער און אזוי ווייטער. איוואן אנדרעיעוויטש האט געהאלטען זיינע גאנצע געלד אין א גרויסען, געשמידטען קופערט, וועלכער איז געשטאנען ביי איהם אונטער זיין צוקאפענס. דער שליסעל פון דעם דאזיגען קופערט האט זיך געפונען אונטער יודיטש'ס השגחה. יעדע נאכט, בעת ער איז געגאנגען שלאפען, האט איוואן אנדרעיעוויטש געהייסען אין זיין געגענווארט עפענען דעם קופערט, און האט מיט א שטעקען נאך דער רייהע נאך געקלאפט איבער די אנגעשטאפטע זעק, און יעדען שבת האט ער אליין מיט יודיטש'ן פונאנדערגעבונדען די דאזיגע זעק און גאנץ פארזיכטיג איבערגעצעהלט דאס געלד.

וואסילי, האט דערשמעקט וועגען דיעזע אלע זאכען און האט גענומען ברענען מיט א פערלאנג א טאפ צו טהאן דעם פערכישופטען קופערטעל. אין פערלויף פון פינף־זעקס טעג האט ער איינגעביסען יודיטש'ן, דאס הייסט, ער האט געבראכט דעם ארימען אלטיטשקען אזוי ווייט, אז יענער וואלט די נשמה אוועקגעגעבען פאר זיין יונגען פריץ. פארגעברייט איהם, ווי געהעריג איז, האט וואסילי געמאכט אן אנשטעל, ווי ער וואלט געוועזן שטארק בעזארגט, איז ארומגעגאנגען מיט א פערדאגה'טען, פינסטערען פנים, האט לאנג ניט געוואלט ענטפערן אויף יודיטש'ס בעזארגטע פראגען און, צום סוף, האט ער איהם ערקלעהרט, אז ער האט פערשפיעלט זיין געלד אין קארטען און, אז ער וועט בעגעהן זעלבסטמארד, אויב ער וועט ניט קריגען וואו עס איז קיין געלד. יודיטש האט זיך צו־וויינט, געווארפען זיך פאר איהם אויף די קניע, דערמאהנט אן גאט און געבעטען, ער זאל זיך ניט רואינירען. ניט ענטפערענדיג א ווארט, האט וואסילי זיך פערשפארט אין זיין צימער. אין א קורצער צייט ארום, האט ער דערהערט, ווי עמיצער קלאפט פארזיכטיג צו איהם אין צימער; ער האט געעפענט דיר טהיר און דערזעהן אויפ'ן שוועל יודיטש'ן, א בלייכען, א ציטע־

רענדען, מיט׳ן שליסעל אין האַנד. וואָסילי האָט גלייך אַלעם פערשטאַ־נען. צוערשט האָט ער זיך לאַנג אָבגעזאָגט. יודיטש, מיט טרעהרען אין די אויגען האָט אַלץ גע׳טענה׳ט: „נאַט, פריץ! נעהמט״... ענד־ליך, האָט וואָסילי איינגעוויליגט. דאָס האָט פּאַסירט מאָנטאָג. וואָ־סילי׳ן איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק צו פערבייטען די ארויסגענומענע געלד מיט צובראָכענע שערבלאַך. ער האָט אויסגערעכענט, אַז איוואַן אַנדרעיעוויטש, קלאַפּענדיג מיט דעם שטעקען איבער די זעק וועט ניט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט דעם גאַנץ קליינעם אונטערשיעד אין די קלאַנגען... און ביז שבת האָט ער געהאָפט צו קריעגען דאָס געלד און עס צוריק לייגען אין קופערט אריין. געטראַכט און געטהאָן.

דער פּאָטער האָט טאַקע קיין זאַך ניט בעמערקט. אָבער ביז שבת האָט וואָסילי קיין געלד ניט געקראָגען: מיט די גענומענעם געלד האָט ער געהאָפט צו געווינען אַ גרויסע סומע ביי אַ ווייכען שכן — און, צום שלים־מזל, האָט ער אליין אַלעם פערשפּיעלט. דערווייל איז אָנגעקומען דער שבת: און עס איז דערגאַנגען די רייהע צו די זעק אָנגעפילטע מיט שערבלאַך. שטעלט זיך פאָר, מיינע העררען, איוואַן אַנדרעיעוויטש׳עס פערוואונדערונג!

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? — האָט ער גענומען דונערן.

יודיטש האָט געשוויגען.

— דו האָסט גע׳גנב׳עט דאָס געלד?

— ניין.

— דאַן האָט עמעצער ביי דיר גענומען דעם שליסעל?

— איך האָב קיינעם דעם שליסעל ניט אָבגעגעבען.

— קיינעם ניט? נו, אויב קיינעם ניט — דאַן ביזטו אַ גנב! זיי זיך מודה!

— איך בין ניט קיין גנב, איוואַן אַנדרעיעוויטש.

— טאַ פון וואַנען, צו אַלל די שוואַרץ יאָהר, האָבען זיך גענומען דיעזע שערבלאַך! הייסט עס, דו נאַרסט מיך? צום לעצטען מאָל זאָג איך דיר — זיי זיך מודה!

יודיטש האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און פערלייגט די הענד הינטער׳ן רוקען.

— אהער, מענשען! — האָט איוואַן אַנדרעיעוויטש גענומען

שרייען מיט א בענומענעם קול. — גיט איהם שמיץ, מיט שטע־קענס!

— ווי? מיך... שמייסען? — האט ארויסגעשעפּצעט יודיטש.

— אָט איז דיר נאָך עפּעס! און מיט וואָס ביזטו בעסער פון אנדערע? דו ביזט א גנב! נו, יודיטש, איך האב ניט ערווארט פון דיר אזא זאך!

— איך בין גרוי געוואָרען ביי אייך אין דיענסט, איוואַן אנדרע־יעוויטש — האט מיט מיה ארויסגעבראכט יודיטש.

— און וואָס איז דאָס מיין עסק צו דיינע גרויע האָאר? זאָל דיך דער טייפעל נעהמען מיט דיין דיענסט אין איינעם!

— נעהמט איהם, און קאָטעוועט, אָבער גוט!

ביי איוואַן אַנדרעיעוויטש׳ען זיינען די ליפּען בלייך געוואָרען, ווי קאלך, און האָבען זיך געטרייסעלט. ער איז ארומגעלאָפען איבער׳ן צימער, ווי א ווילדע חיה, אין א ענגער שטייג.

די דיענער האָבען ניט געוואגט אויסצופיהרען זיין בעפעהל.

— וואָס שטעהט איהר, חמורים? מוז איך אליין זיך נעהמען צו איהם, צו־וואָס?

יודיטש האָט געהאט גענומען געהן צו דער טהיר...

— שטעה! האָט א געשריי געטהאָן איוואן אנדרעיעוויטש — יודיטש, צום לעצטען מאָל רעד איך צו דיר, איך בעט דיך, יודיטש, זיי זיך מודה.

— איך קען ניט! — האָט ארויסגעקרעכצט יודיטש.

— טאָ נעהמט איהם, דעם אַלטען לומפּ!.. הרג׳עט איהם אויף טויט! פּאר מיין קאָפּ זאָל ער געהן! — האָט גענומען דונערען דער צויישעטער אַלטער. און די פּאָלטער־קוואַלען האָבען זיך אָנגעהוי־בען...

די טהיר האָט זיך פּלוצים געעפענט און וואסילי איז אריין. ער איז געוועזן כמעט אזוי בלייך ווי זיין פּאָטער, די הענד האָבען זיך ביי איהם געטרייסעלט, די אויבערשטע ליפּ האָט זיך עטוואָס אויפגעהוי־בען און ארויסגעשטעלט א ראָנד ווייסע, גלייכע צייהן.

— איך בין שולדיג — האָט ער געזאָגט מיט א דומפּען אָבער פעסטען קול — איך האָב גענומען דאָס געלד.

די דיענער האָבען זיך אָבגעשטעלט.

— דו! ווי? דו, וואסקא! אָהן יודיטש'ס הסכמה?

— ניין! — האָט יודיטש זיך אָנגערופען — מיט מיין הסכמה. איך אליין האָב אָבגעגעבען וואסילי איוואַנאָוויטש'ן דעם שליסעל — וואסילי אוויאַנאָוויטש, טאטעלע מיינער! צו־וואָס האָט איהר זיך גערארפט בעאונרוהיגען?

— איז אָט ווער עס איז דער גנב! — האָט אַ געשריי געטהאָן איוואַן אַנדרעיעוויטש — אַ דאַנק דיר, וואסילי, אַ דאַנק! און דיך, יודיטש, וועל איך אָנלערנען. פאַרוואָס האָסטו ניט גלייך אַלעס דער־צעהלט, זיך פאַר מיר ניט מודה געווען? הערט נור, איהר! וואָס האָט איהר זיך אָבגעשטעלט? אָדער איהר אַנערקענט שוין אפשר אויך ניט מיין מאַכט? און מיט דיר וועל איך שוין פערטיג ווערען, טהייע־רינקער מיינער! — האָט ער געזאָגט זיך ווענדענדיג צו זיין זוהן, וואסילי.

די דיענער האָבען זיך ווידער געהאט גענומען פאַר יודיטש'ן.

— ריהרט איהם ניט אָן! — האָט ארויסגעשעפּצעט וואסילי, צווישען די צייהן. — די דיענער האָבען איהם ניט געפאָלגט — צוריק! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן און זיך אויף זיי אַ וואָרף גע־טהאָן... — זיי זיינען געבליעבען שטעהן צושראָקענע.

—אַה! בונטעווען גאָר! — האָט ארויסגעקרעכצט איוואַן אַנ־דרעיעוויטש, און אויפהויבענדיג דעם שטעקען, האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן אויף זיין זוהן.

וואסילי איז אָבגעשפּרונגען, האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן הענטעל פון זיין שווערד און איהם ביז'ן העלפט ארויסגעצויגען פון שיידעל. אַלע אַרום האָבען זיך גענומען טרייסלען. אננא פּאַוולאָוונא, דערהערט אַ גערויש, איז געקומען צולויפען אַ דערשראָקענע, אַ בלייכע און איז געבליבען שטעהן אין דער טהיר.

איוואַן אַנדרעיעוויטש'ס פּנים האָט זיך שרעקליך פערענדערט. ער האָט זיך גענומען שאָקלען אויף די פיס, האָט ארויסגעלאָזט דעם שטע־קען און, פערשטעלענדיג דעם פּנים מיט ביידע הענד, האָט ער זיך שווער אַראָבגעלאָזט אויף אַ פאטעל. קיינער האָט זיך ניט גערירט, אַלע זיינען געשטאַנען, ווי צוגעשמידעטע, אפילו וואסיל, אַליין אויך. ער האָט קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעדריקט די שטאָלענע הענטעל פון

שווערד, זיינע אויגען האָבען געבליצט מיט אן אומעדיגען און בייזען גלאַנץ...

— געהט אלע... אלע ארויס, — האָט ארויסגערעדט איוואן אנדרעיעוויטש מיט א שטיל קול, ניט צונעהמענדיג די הענד פון פּנים.

דער גאַנצער עולם איז ארויסגעגאַנגען. וואסילי איז געבליעבען שטעהן אויפ'ן שוועל, פּלוצים האָט ער א טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, האָט ארומגענומען יודיטש'ן, א קוש געטהאָן דער מוטער אין האנד... און אין צוויי שעה ארום איז ער שוין ניט געווען אין דאָרף. ער איז אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערסבורג.

אין אבענד פון יענעם טאָג איז יודיטש געזעסען אויפ'ן גאַניק פון דעם הויז, וואו די דיענער האָבען זיך געפונען. אלע האָבען איהם ארומגערינגעלט, בעדויערט איהם און שטארק געטאדעלט דעם אלטען פּריץ.

— הערט אויף, קינדער — האָט ער צום סוף, געזאָגט — הערט אויף... וואָס זידעלט איהר איהם? ער גופא, דער טאטעלע אונזערער, איז, דאַכט מיר אליין ניט צופריעדען מיט זיין היציגקייט...

צוליעב דעם דאָזיגען צופאל, האָט וואסילי זיך שוין מעהר קיין מאָל ניט געזעהן מיט זיין פאָטער. איוואן אנדרעיעוויטש איז געשטאָרבען אָהן איהם, און געשטאָרבען איז ער, וואהרשיינליך, מיט אזא ביינקעניש אין הארצען, אז גאָט זאָל אונז אלעמען אויסהיטען פון אזא ביטערען געפיהל.

וואסילי איוואַנאָוויטש איז זיך דערוויייל אויסגעפאָהרען, האָט געלעבט א טאָג אויף זיין שטייגער און געוואָרפען מיט געלד. פון וואַנען ער האָט דאָס געלד גענומען, קאָן איך אויך געוויס ניט זאָגען. ער האָט דערטאפּט א דיענער, א פראַנצויז, א פעהיגען און קלוגען יונג, א געוויסען בורסיע. דער דאָזיגער מענש האָט זיך צו איהם ליידענ־שאַפטליך צוגעבונדען, און האָט איהם געהאָלפען אין אלע זיינע גוטע מעשים... איך האָב ניט בדעה אייך צו דערצעהלען אלע שפּיצלאָך פון מיין עלטער־פעטער; ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אזא אונבע־גרענעצטער געוואגטקייט, מיט אזא אונבעגרייפליכער קאלטבלוטיג־קייט, מיט אזא שארפען און פיינעם פערשטאַנד, האָט זיך אזוי געקאָנט, ווי א שלאַנג, פון אלעם ארויסדרעהען, אז איך בין זיך מודה, איך

פערשטעהע ניט די אונגעהויערע מאַכט, וואָס דיעזער אונמאָראַלישער מענש האָט געהאַט איבער די בעסטע און עדעלסטע נשמות...

אין גיכען נאָכ'ן פאָטער'ס טויט, האָט וואַסילי איוואַנאָוויטש, ניט קוקענדיג אויף זיין פעהיגקייט זיך ארויסצודרעהען, געהאַט אַ מיאוסע מפּלה... אַ בעליידיגטער מאַן האָט איהם ארויסגערופען אויף אַ דועל. ער האָט זיך געשלאָגען, האָט שווער פערוואונדעט זיין געגנער און איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען די הויפּט שטאָדט: מען האָט איהם בעפעהלען אויף אימער צו וואוינען אויף זיין גוט. וואַסילי איוואַנאָוויטש איז דאַן אַלט געווען דרייסיג יאָהר. איהר, מיינע העררן קאָנט זיך לייכט פאָרשטעלען, מיט וואָס פאַר אַ געפיהלען דיעזער מענש, וועלכער איז געוואוינט געווען צום גרויס שטאָדטישען, גלענצענדען לעבען, איז געפאָהרען אהיים, אין זיין דאָרף. מען זאָגט, אַז אויפ'ן וועג איז ער אָפט ארויסגעגאַנגען פון קאַרעטע, זיך געוואָרפען מיט'ן פּנים אין שנעע און געוויינט.

קיינער אין לוטשינאָווקע האָט ניט דערקענט דעם פריהערדיגען פרעהליכען, ליעבעסווירדיגען וואַסילי'ן. ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, פון פריה ביז נאַכט איז ער ארומגעפאָהרען אויף יאַגד, האָט מיט אָפענער אונגעדולד אַריבערגעטראָגען די ניט דרייסטע לאַסקעס פון זיין מוטער און האָט אָהן רחמנות אויסגעלאַכט זיינע ברידער, און פון זייערע ווייבער... (זיי האָבען שוין ביידע בעוויזען חתונה צו האָבען...)

איך האָב אייך ביז אהער, דאַכט זיך, גאָרניט דערצעהלט וועגען אָלגאַ איוואַנאָוונאַ'ן. אַלס זויג קינד האָט מען זי געבראַכט אין לוטשינאָווקע; זי איז שיער־שיער ניט געשטאָרבען אויפ'ן וועג. אָלגאַ איוואַנאָוונאַ איז ערצויגען געוואָרען, ווי מען זאָגט, מיט מורא פאַר גאָט און פאַר לייט... מען מוז צוגעבען, אַז איוואן אַנדרעיעוויטש און אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ ביידע האָבען זי בעהאַנדעלט ווי אַן אייגענע טאָכטער. אָבער אין איהר איז פערבאָרגען געווען אַ שוואַכער פונק פון יענעם פייער, וואָס האָט אַזוי העל געפלאַקערט אין וואַסילי איוואַנאָוויטש'ס נשמה. אין דער צייט, וואָס אַנדרעי איוואַנאָוויטש'ס אייגענע קינדער האָבען ניט געוואַגט אפילו צו טראַכטען וועגען דער אורזאַך פון דער מערקווירדיגער, שטומער מחלקה צווישען זייערע עלטערן — האָט אָלגאַ'ן פון איהרע פריהעסטע יאָהרען אָן געמאַטערט און גע־

פלאגט אננא פאוולאָוונא'ס לאגע. פונקט אזוי ווי וואסילי, האָט זי געליעבט די אונאבהענגיגקייט; יעדע פערשקלאפונג האָט זי אויפגע־בראכט. זי האָט מיט איהר גאנצער נשמה זיך צוגעבונדען צו איהר וואָהלטהעטערין; דעם אלטען לוטשינאָוו'ן האָט זי געהאסט, — און ניט איין מאָל, זיצענדיג ביים טיש, האָט זי געוואָרפען אויף איהם אזעלכע פינסטערע בליקען, אז אפילו דעם דיענער, וואָס האָט דער־לאנגט עסען, איז אויך מורא'דיג געוואָרען. איוואן אנדרעיעוויטש האָט ניט בעמערקט די דאָזיגע בליקען, ווייל ער האָט, אין אלגעמיין, זיך ניט אָרומגעקוקט אויף זיין פאמיליע.

אפיהער האָט אננא פאוולאָוונא געפרובט ארויסרייסען ביי איהר דעם דאָזיגען האס — אָבער עטליכע דרייסטע פראגען פון אָלגא'ן האָבען זי געצוואונגען אין גאנצען אנשוויגען צו ווערען. איוואן אנדרע־יעוויטש'עס קינדער האָבען פערגעטערט אָלגא'ן, און די אלטע האָט זי אויך געליעבט, כאָטש מיט א גאנץ קאלטער ליעבע.

דאָס שטענדיגע ליידען האָט דערשטיקט אין דער אָרימער פרוי יעדער פרעהליכקייט, יעדען שטארקען געפיהל. קיין זאך קען ניט אזוי קלאָהר בעווייזען וואסילי'ס בעצוויבערענדע ליעבענסווירדיגקייט, ווי דער פאקט, וואָס ער האָט אפילו אין זיין מוטער ערוועקט א היסע ליעבע צו זיך. עס איז ניט געוועזן אין דעם גייסט פון יענער צייט ארויסצו־ווייזען קינדערשע צערטליכקייט, דערפאר האָט אָלגא ניט געוואגט ארויסצו־ווייזען איהר ליעבע, כאָטש זי האָט שטענדיג מיט א בעזונדערען געפיהל געקושט אננא פאוולאָוונא'ס האנד יעדע נאכט פאר'ן שלאָפען געהן. זי האָט קוים געקענט לעזען און שרייבען. אין צוואנציג יאָהר אָרום האָבען די רוסישע פריילינס ערשט אָנגעהויבען צו לעזען ביליגע ראָמאנען; גענומען זיך לערנען שפיעלען פיאנאָ און זינגען ליעדלאך, וועלכע זיינען געוועזן פאָפולער אין די זיבעציגער יאָה־רען. אָבער אָלגא איוואנאָוונא איז געבאָרען געוואָרען אין 1757טען יאָהר. און אין יענער צייט האָבען אונזערע דאָרפישע שעהנהייטען נאָך ניט געהאט אפילו קיין בעגריף וועגען די דאָזיגע אלע זאכען. עס איז אונז איצט שווער פאָרצושטעלען זיך א רוסישע פריילין פון יענער צייט; אמת, מיר קענען נאָך אונזערע באָבעס אורטהיילען וועגען דער ענטוויקלונג פון די אדעליגע דאמען פון קאטערינא'ס צייטען, אָבער ווי וועט איהר דאָ אונטערשיידען דאָס, וואָס האָט זיך מיט דער צייט

צו זיי צוגעקלעפט, פון דעם, וואס זיי זיינען געווען אין די טעג פון זייער יוגענד?

אלגא איוואנאוונא האט גערעדט אביסעלע פראנצויזיש — און דאס אויך מיט א שטארקען רוסישען אקצענט: אין איהר צייט איז פון עמיגראנטען נאך אפילו קיין סימן ניט געווען. און מיט אלע איהרע גוטע מעלות איז זי פונדעסטוועגען נאך געווען א שעהן ביסעל ווילד — און האט, וואהרשיינליך, ניט פיעל געטראכט, ווען זי האט אליין, מיט איהרע אייגענע הענד בעשטראפט עפעס, א שלים מזל׳דיגען דיענסט...

מיט א קורצער צייט פאר וואסילי איוואנאוויטש׳ס קומען אהיים, האט מען מיט אלגא איוואנאוונא׳ן א שידוך געטהאן מיט א שכן. דער חתן פאוועל אפאנאסיעוויטש ראגאטשאוו איז געווען א זעלטען גוטער און עהרליכער מענש. די נאטור האט פערגעסען איהם איינטהיילען מיט גאל. די אייגענע דיענער האבען איהם ניט געפאלגט, פלעגען אמאל אוועקגעהן אלע ביז׳ן לעצטען און לאזען דעם ארימען ראגאטשאוו׳ן גאר אהן א מיטאג... אבער קיין זאך האט ניט געקענט שטערען זיין גייסטיגע רוה. ער האט פון זיינע קינדערשע יאהרען אן זיך אויסגעצייכענט מיט זיין דיקקייט און אונבעוועגליכקייט, האט אין ערגעץ ניט געדיענט, ליעב געהאט צו געהן אין קירכע און זינגען אין כאר. גיט א קוק, מיינע העררן, אויף דאס דאזיגע רונדע, גוטע געזיכט; קוקט זיך צו צו דעם שטילען, ליכטיגען שמייכעל... ניט אמת, אייך אליין ווערט ליכטיג אויפ׳ן הארצען?

זיין פאטער איז פון תמיד אן געפאהרען קיין לוטשינאווקע און אין די יום טובים פלעגט ער מיטנעהמען מיט זיך פאוולושא׳ן, וועמען די קליינע לוטשינאוו׳ס פלעגען אנטהאן געגרענטע צרות. פאוולושא איז אויסגעוואקסען, גענומען אליין פאהרען צו איוואן אנדרעיעוויטש׳ן, זיך פערליעבט אין אלגא איוואנאוונא און פארגעשלאגען איהר זיין האנד און זיין הארץ — ניט איהר פערזענליך נור איהרע וואהלטהעטער. די וואהלטהעטער האבען איינגעשטימט. ביי אלגא איוואנאוונא האט מען אפילו ניט געהאלטען פאר נויטיג צו פרעגען: אויב איהר געפעהלט ראגאטשאוו? אין יענער צייט, ווי די באבע זאגט, — „האט מען פון אזעלכע וואוילטאגען ניט געוואוסט״. אגב, האט זיך אלגא שנעל צוגעוואוינט צו איהר חתן: עס איז אונמעגליך געווען זיך

ניט צו בינדען צו דיעזען ווייבען, גוטמוטיגען מענשען. ראַגאַטשאָוו האָט ניט געקראָגען קיין שום ערציהונג; אויף פראַנצויזיש האָט ער בלויז געקאָנט זאָגען: „באָנזשור" און ביי זיך אין הארצען האָט ער דאָס דאָזיגע וואָרט אויך געהאלטען פאַר אונאַנשטענדיג. עפּעס אַ וויצלינג האָט איהם נאָך אויסגעלערנט אַ קאָמיש, כלומר'שט, פראַנצויזיש ליעדעל... דאָס דאָזיגע ליעדעל האָט ער שטענדיג געזונגען שטיל אונ־טער דער נאָז, ווען ער איז געווען גוט אויפגעלעגט.

דער פאָטער זיינער איז אויך געווען אַ דימענטענער מענש; איז שטענדיג ארומגעגאַנגען אין אַ לאַנגען לייוועגטענעם רעקעל, און וואָס מען זאָל איהם ניט זאָגען, האָט ער אויף אַלסדינג מיט אַ שמייכעל צו־געבאַמקעט. צייט פון די תנאים אָן, זיינעןביידע ראַגאַטשאָוו'ס — אי דער פאָטער, אי דער זוהן — געווען שטאַרק פערהאַוועט; האָבען איבערגעמאַכט זייער גאַנץ הויז, האָבען צוגעבויט פערשיעדענע „גאַל־ערעעס", האָבען פריינדליך געשמועסט מיט די ארבייטער און זיי מכבד געווען מיט בראַנפען. צום ווינטער האָט מען ניט בעוויזען צו ענדיגען אַלע געביידעס — האָט מען אָבגעלעגט די חתונה אויף זו־מער; זומער איז געשטאָרבען איוואַן אַנדרעיעוויטש — האָט מען אָבגעלייגט די חתונה ביז'ן נעכסטען פריהלינג.

ווינטער צייט איז געקומען צו פאָהרען וואַסילי איוואַנאָוויטש. מען האָט פאַר איהם פאָרגעשטעלט ראָגאַטשאָוו'ן; ער האָט איהם בעגעגענט קאַלט און אונפריינדליך און אין פערלויף פון דער שפּעטערדי־גער צייט, האָט ער איהם אַזוי אָנגעשראָקען מיט זיין שטאָלצער אויפ־געבלאָזענקייט, אַז דער אָרימער ראָגאַטשאָוו האָט זיך געטרייסעלט, ווי אַ בלאַט, אַזוי שנעל ווי ער האָט איהם נור דערזעהן, און אין זיין גע־גענוואַרט האָט ער געשוויגען און געצוואונגען געשמייכעלט. איין מאָל האָט וואַסילי איהם גאָר אין גאַנצען צוגעשטיקט צו דער וואַנט, — פאָרשלאָגענדיג איהם אַ געוועט, אַז ער, ראָגאַטשאָוו, איז ניט אימ־שטאַנד אויפהערען צו שמייכלען. דער אָרימער פאַוועל אַפאַנאַסיע־וויטש האָט זיך שיעור ניט צו־וויינט פאַר פערדרוס, אָבער — ווירק־ליך! — אַ שמייכעל, אַ נארישער, אָנגעשטרענגטער שמייכעל האָט בשום אופן ניט געוואָלט אראָב פון זיין פערשוויצטען פנים! און וואַסיל האָט בעת דעם לאַנגזאַם געשפּיעלט זיך מיט שפּיצען פון זיין

האלזטוך און געקוקט אויף איהם שוין מיט א אָפענער פעראכ־טונג.

פּאוועל׳ס פֿאַטער האָט אויך זיך דערוואוסט וועגען וואסילי׳ס צוריקקעהר, און אין עטליכע טעג ארום איז ער „פֿון אנשטענדיגקייט וועגען" אוועק קיין לוטשינאָווקא מיט דער אבזיכט: צו בעגריסען דעם ליעבען גאַסט און גראַטולירען איהם מיט זיין קומען צוריק אהיים. אפאנאסי לוקיטש האָט געהאַט א שם אין דער גאַנצער געגענד פאַר זיין שעהן ריידען — דאָס הייסט פאַר זיין קאָנען ניט פּאַראיקענדיג זיך האַלטען א גאַנץ לאַנגע, געקרייזעלטע רעדע, לייכט צוגעפעפערט מיט ציטאַטען פון ביכלאך. צו בעדויערן, האָט זיך איהם היינטיגס מאָל ניט איינגעגעבען אָנצוהאַלטען זיין גוטען נאָמען. ער איז צו־מישט געוואָרען א סך מעהר פון זיין זוהן; האָט ארויסגעשטאַמעלט עטוואָס, וואָס איז געווען זעהר אונפערשטענדליך, און כאָטש ער האָט זיין גאַנץ לעבען קיין בראַנפען אין מויל ניט גענומען, האָט ער דאָ פון קוראַזש וועגען אויסגעטרונקען א גלעזעלע (ער האָט געטראָפען וואסילי׳ן ביים פריהשטיק), האָט געהאַט געוואָלט כאָטש א אנשטענ־דיגען הוקע טהאָן און האָט ניט ארויסגעבראכט קיין איין קלאַנג. אוועקפאָהרענדיג אהיים, האָט פּאַוועל אפאנאַסיעוויטש א שעפּ־צע געטהאָן צו זיין פאָטער: „וואָס זאָגט איהר, פאָטער׳ל?" און יע־נער האָט מיט פערדרוס, אויך שעפּטשענדיג, איהם געענטפערט: „רייד בעסער גאָרניט!"

די ראַגאַטשאָוו׳ס האָבען גענומען זעלטענער פאָהרען קיין לו־טשינאָווקע. אגב, האָט וואסיל, אנגעיאָגט א מורא ניט נור אויף זיי אליין: אויף זיינע ברידער, אויף זייערע ווייבער און אפילו אויף דער מוטער אליין האָט ער אויך אָנגעיאָגט עפּעס אַן אומעט, אַן אונבעקוועמליכקייט... זיי האָבען איהם גענומען שטאַרק אויסמיידען; וואסילי האָט דאָס מסתמא בעמערקט, נור ווי עס שיינט, האָט ער ניט געהאַט בדעה אומצובייטען זיין האַלטונג מיט זיי, ביז פּלוצים אין אָנהויב פריהלינג האָט ער זיך ווידער פערוואַנדעלט אין דעם פריינד־ליכען, ליעבען מענשען, ווי מען האָט איהם געקאָנט פון פריהער.

דער ערשטער אויסדרוק פון דיעזער פּלוצימדיגער פערוואַנד־לונג איז געווען וואסילי׳ס אונערוואַרטעטער בעזוך ביי די ראַגאַ־טשאָוו׳ס. בעזונדערס האָט זיך דערשראָקען אפאנאַסי לוקיטש, בעת

ער האָט דערזעהן לוטשינאָוו'ס קאַרעטע, אָבער זיין שרעק איז גאַנץ שנעל פאַריבער. קיינמאָל איז נאָך וואסילי ניט געווען פריינדליכער און פרעהליכער. ער האָט גענומען דעם יונגען ראַגאַטשאָוו אונטער דער האַנד, איז מיט איהם אוועק בעקוקען די נייע געביידען, האָט גע־שמועסט מיט די ארבייטער, געגעבען זיי עצות, געמאַכט אַליין סימנים מיט א האַק, געהייסען זיך ווייזען אפאַנאַסי לוקיטש פערד, אַליין פּרובירט אָנטרייבען זיי — און מיט זיין פריינדליכער ליעבענס וויר־דיגקייט אין אַלגעמיין האָט ער געבראַכט די גוטע דאָרפּלייט אַזוי ווייט, אז זיי האָבען איהם ניט איין מאָל ארומגענומען.

אין דער היים האָט וואסילי אויך אין עטליכע טעג אַלעמען ווי־דער די קעפּ פערדרעהט: האָט אויסגעטראַכט פערשיעדענע פרעה־ליכע שפּיעלערייען, האָט געקראָגען מוזיקאַנטען, צוזאַמענגערופען שכנים און שכנות, האָט דער אַלטעטשקער אויף א גאַנץ קאָמישען שטייגער דערצעהלט אַלע שטאָדטישע רכילות, האָט זיך לייכט ארומ־געדרעהט אַרום די יונגע, האָט אויסגעטראַכט נייע פערגעניגענס, פּייערווערק און אַזוי ווייטער, מיט איינעם וואָרט, ער האָט אַלעס און אַלעמען לעבעדיג געמאַכט. לוטשינאָוו'ס אומעדיגע, פינסטערע הויז איז פּלוצים פערוואַנדעלט געוואָרען אין עפּעס א טומעלדיגער, גלענ־צענדער, פער'כישופ'טע וועלט, פון וועלכען מען האָט גענומען ריידען אין דער גאַנצער געגענד.

דיעזע פּלוצים'דיגע ענדערונג האָט פיעלע פאַרוואונדערט, א סך דערפרעהט; עס האָבען זיך גענומען טראָגען פערשיעדענע קלאַנגען; קלוגע מענשען האָבען גערעדט, אז וואסילי איוואַנאָוויטש איז ביז אהער ארומגעגאַנגען מיט פערבאָרגענע זאָרג, אז איהם האָט זיך גע־מאַכט א געלעגענהייט צוריק צו קעהרען קיין פּעטערסבורג... אָבער צו דער אמת'ער אורזאַך פון וואסילי'ס ענדערונג איז קיינער ניט דערגאַנגען.

— מיינע הערן, איהר מוזט וויסען, אז אָלגאַ איוואַנאָוונאַ איז געווען א גאַנץ שעהן מיידעל. איהר שעהנקייט איז אייגענטליך מעהר בעשטאַנען אין אונגעוועהנליכער צאַרטקייט און פרישקייט פון איהר קערפּער, ווי אין די שטרענגע, מעסיגע שטריכען. די נאַטור האָט איהר בעשאָנקען מיט א געוויסער אָריגינאַליטעט. דאָס וואָס זי איז אויסגע־וואַקסען אַלס יתומה, האָט אין איהר ענטוויקעלט א געוויסע פאָרזיכ־

טיגקייט און הארטקייט. אָלגא האָט ניט געהערט צו דעם סאָרט שטי־
לע און צוקראָכענע פריילײנס; איין געפיהל בלויז איז אין איהר גע־
ווען פאָלשטענדיג רייף; דער האס צו איהר וואָהלטהעטער. אייגענט־
ליך, האָבען אויך אַנדערע ליידענשאַפטען געקאָנט אויפפלאַקערן אין
אָלגא'ן מיט אַ אונגעוועהנליכער קראַפט, נור אין איהר האָט געפעהלט
יענע שטאָלצע קאַלטקייט, די פערשלאָסענקייט פון אַ שטאַרקער נשמה,
אָהן וועלכע יעדע ליידענשאַפט פערשווינדעט זעהר שנעל.

מיינע הערן, איך גלויב אין בלוט, אין נאַטור. אָלגא איוואַנאָוונאַ
האָט געהאַט מעהר בלוט, ווי למשל, איהר זאָגענאַנטע שוועסטער נאַ־
טאַליע. אין וואָס האָט זיך דאָס דאָזיגע „בלוט" ארויסגעוויזען, וועט
איהר מיך פרעגען? — אין אַלעמען: אין די שטריכען פון די הענד,
די ליפּען, אינ'ם קלאַנג פון דער שטימע, אינ'ם בליק, אינ'ם גאַנג,
אין דער פריזור, אין די פאַלדען פון דעם קלייד אפילו. אין די דאָזיגע
אַלע קליינינקייטען איז פערבאָרגען געווען עטוואָס בעזונדערס, כאָטש
איך מוז צוגעבען, אז יענע... ווי זאָל איך זיך אויסדריקען?... אז יענע
בעזונדערע אָריגינאַליטעט, וואָס אָלגא האָט בעזעסען, וואָלט אויף
זיך ניט געצווינגען וואַסילי'ס אויפמערקזאַמקייט, ווען ער וואָלט זיך
מיט איהר געטראָפען אין פּעטערסבורג. אין דאָרף אָבער, האָט זי ניט
נור ערוועקט זיין אויפמערקזאַמקייט — נור איז בכלל געווען די איינ־
ציגע פון יענער ענדערונג, וועגען וועלכער איך האָב פריהער גערעדט.

—שטעלט זיך פאָר, וואַסילי האָט געליעבט דאָס לעבען, גע־
ליעבט פערגעניגען; אין דאָרף האָט ער זיך געמוזט לאַנגווײַליגען;
זיינע ברידער זיינען געווען, וואוילע קינדער, אָבער זעהר בעשרענקטע
מענשען: ער האָט מיט זיי ניט געהאַט גאָרניט געמיינזאַמעס; זיין
שוועסטער נאַטאַליע האָט אין צייט פון דריי יאָהר געהאַט מיט איהר
מאַן פיער קינדער; צווישען איהר און וואַסילי'ן איז געלעגען אַ גאַנ־
צער אָבגרונד.. אננא פּאַוולאָוונאַ איז געגאַנגען אין קירכע, האָט
תפלה געטהאָן, געפאַסט תעניתים און זיך געגרייט צום טויט. איז
פערבליעבען איין אָלגאַ, אַ פריש, פערשעהמט, ליעב מיידעלע... וואַ־
סילי האָט זי אין אָנהויב ניט בעמערקט... און ווער שענקט איבער־
הויפט וועלכע ניט איז אויפמערקזאַמקייט צו אַ יתומה, אַן אדאָפּ־
טירט קינד?...

איין מאָל, גאָר אין אָנהויב פריהלינגס, איז ער געגאַנגען אי־

בער'ן גאָרטען און מיט אַ שטעקעלע אראָבגעקלאַפּט די קעפּלאַך פון די ציקאָריע, יענע נאַרישע, געלע בלימעלאַך, וועלכע בעווייזען זיך אין אַזעלכע מאַסען אויף די קוים גרין־געוואָרענע פעלדער. — ער האָט געשפּאַצירט איבער'ן גאָרטען אַרום הויז, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ — און דערזעהן אָלגאַ'ן — זי איז געזעסען מיט אַ זייט ביים פענסטער און האָט פערטראַכט געגלעט אַ געשטרייפעלטע קעצעלע, וועלכע איז מיאַוקענדיג און זשמורענדיג זיך, געזעסען ביי איהר אויף די קניע און מיט גרויס פערגעניגען אונטערגעשטעלט איהר נעזעל צו דער פריהלינג'דיגער, שוין גאַנץ העלער זונן. אָלגאַ איוואַנאָוונאַ איז געוועזן אָנגעטהאָן אין אַ ווייסען מאָרגען־קלייד מיט קורצע אַרבעל; אַ קליין הייבעל האָט פאָרזיכטיג צוזאַמענגעהאַלטען איהרע געדיכטע, ווייכע, זיידענע לאָקען; דאָס פּנים איז געוועזן פעררויטיגט: זי איז ערשט ניט לאַנג אויפגעשטאַנען. איהר דינער, בויגעדיגער האַלז האָט זיך ליעבליך אויסגעצויגען אין פאָראויס; אַזוי פערפיהרעריש אייננפאַך, אַזוי שעהמעוודיג און רייצענד איז געוועזן איהר ניט איינגעצווינגענע פּגור, אַז וואַסיל איוואַנאָוויטש (אַ גרויסער מבין!) האָט זיך ניט ווילענדיג אָבגעשטעלט און זיך פערקוקט. איהם איז פלוצים איינגעפאַלען, אַז מען דאַרף ניט איבערלאָזען אָלגאַ'ן אין איהר דאָרפישער אונוויסענהייט; אַז פון איהר קאָן מיט דער צייט אַרויסקומען אַ זעהר אַנגענעהמע און זעהר ליעבע פרויענצימער.

ער האָט זיך צוגע'גנב'עט צום פענסטער, האָט זיך אויפגעהויבען אויף די שפּיצפינגער און שטום אַ קוש געטהאָן אָלגאַ איוואַנאָוונאַ'ס ווייסע האַנד עטוואָס נידעריגער פון עלענבויגען.

אָלגאַ האָט אַ געשריי געטהאָן און איז אויפגעשפּרונגען, די קעצעלע האָט פעררויסען דעם עק און אַ שפּרונג געטהאָן אין גאָרטען אריין, וואַסילי איוואַנאָוויטש האָט מיט אַ שמייכעל איינגעהאַלטען אָלגאַ'ן פאַר אַ האַנד...

אָלגאַ איז רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען; ער האָט גענומען לאַכען פון איהר שרעק... געריפען זי מיט זיך שפּאַצירען; נור פלוצים האָט אָלגאַ איוואַנאָוונאַ בעמערקט, ווי זי איז אָנגעטהאָן — און „שנעלער פון דעם שנעלסטען הירש" איז זי אַרויסגעלאָפען אין צווייטען צימער.

אין דעם אייגענעם טאָג איז וואַסילי אַוועק צו די ראָגאַטשאָוו'ס

איהם איז פּלוצים פערהלאָך און ליכטיג געוואָרען אויפ'ן הארצען. וואסילי האָט זיך אין אָלגאַ'ן ניט פערליעבט, ניין! — מיט דעם וואָרט „ליעבע" טאָר מען ניט שפּאסען... ער האָט זיך בלויז געפונען א בעשעפטיגונג, האָט זיך געשטעלט א אויפגאבע און זיך געפּרעהט מיט דער פרייד פון א טהעטיגען מענשען, וואָס געפינט וואָס צו טהאָן. ער האָט אפילו איין מינוט ניט א טראַכט געטהאָן וועגען דעם, אז זי איז פון זיין מוטער ערצויגען געוואָרען אלס טאָכטער, אז זי איז א כלה פון אַן אנדערן; ער האָט זיך אויף קיין איין מאָמענט אפילו ניט גענאַרט; ער האָט גוט געוואוסט, אז זי וועט זיין פרוי ניט זיין... עס קאָן זיין, אז איהם האָט געטריבען די ליידענשאַפט — אמת, ניט קיין ערהאבענע, ניט קיין עדעלע, נור דאָך, א גאַנץ שטאַר־קע, פּיינליכע ליידענשאַפט. עס פערשטעהט זיך, אז ער האָט זיך פערליעבט ניט ווי קיין קינד; איז ניט בעגייסטערט געוואָרען גלאַט אין דער וועלט אריין; ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס ער האָט גע־וואָלט און צו וואָס ער האָט געשטרעבט...

וואסילי איוואַנאָוויטש האָט געהאט די פעהיגקייט אין א גאַנץ קורצער צייט צוגעוואָהנען צו זיך א מענשען, וועֶן אפילו יענער האָט געהאט עפּעס געגען איהם און האָט איהם אויסגעמיעדען. אָלגאַ האָט זיך שנעל אויפגעהערט פאר איהם צו שרעקען. וואסילי איוואַנאָוויטש האָט פאר איהר געעפענט א נייע וועלט. ער האָט פאר איהר אויסגע־שריעבען א פּיאַנאָ, האָט איהר געגעבען לעקציאָנען אין מוזיק (ער אליין האָט גאַנץ גוט געשפּיעלט אויף א פליטע), האָט פאר איהר גע־לעזען ביכער, און פערבראַכט מיט איהר א צייט לאַנג...

ביי דער אָרימער דאָרפסמיידעל האָט זיך פערדרעהט דער קאָפּ. וואסילי האָט זי אין גאַנצען בעזיגט. ער האָט געוואוסט ווי צו ריידען מיט איהר פון זאַכען, וועלכע זיינען איהר ביז אַהער אין גאַנצען פרעמד געווען, און ריידען מיט א שפּראַך, אז זי זאָל קאָנען פער־שטעהן. אָלגאַ האָט ביסלאַכווייז זיך ענטשלאָסען ארויסצו־ווייזען איהם איהרע געפיהלען; ער האָט איהר געהאָלפען, אונטערגעזאָגט איהר ווערטער, וועלכע זי אליין האָט ניט געפונען, האָט זי ניט אָבגע־שראָקען; דאָ האָט ער זיך איינגעהאַלטען און דאָ האָט ער אויפגע־מונטערט איהרע פערלאַנגען...

וואסילי האָט זיך פערנומען מיט איהר ערציהונג, ניט אזוי פיעל

אוים דעם פערלאַנג צו ערוועקען און ענטוויקלען איהרע פעהיגקייטען: ער האָט איינפאַך געוואָלט זי אביסעל נעהנטער ברייינגען צו זיך און דערצו האָט ער געוואוסט, אז אן אונערפאהרענער, ניט דרייסטע, אָבער שטאָלצע מיידעל איז לייכטער צו פערפיהרען מיט׳ן שכל, ווי מיט׳ן הארצען. ווען אָלגא זאָל אפילו האָבען געווען אן אונגעוועהנליכע פערזאָן, וואָלט וואסילי עס אויך בשום אופן ניט בעמערקט, ווייל ער איז זיך מיט איהר בעגאַנגען ווי מיט א קינד; אָבער איהר ווייסט דאָך, מיינע העררן, אז אין אָלגא׳ן איז קיין אונגעוועהנליכעם ניט געווען.

וואסילי האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע מעגליכקייטען צו וויר־קען אויף איהר פאַנטאַזיע, און גאַנץ אָפט איז זי אויפ׳ן אבענד אוועק־געגאַנגען פון איהם מיט אזא ווירבעל פון נייע בילדער, ווערטער און געדאַנקען אינ׳ם קאָפּ, אז זי איז ניט אימשטאַנד געווען איינצושלאָ־פען ביז אין דער פריה, און אומעדיג זיפצענדיג, האָט זי נאָכאַנאַנד צוגעלעגט די ברענענדיגע באַקען צו די קאַלטע קישענס, אָדער איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום פענסטער, און האָט צושראָקען און דורשטיג אין דער פינסטערער ווייטקייט געקוקט...

וואסילי האָט אויסגעפילט יעדען אויגענבליק פון איהר לעבען; ועגען קיין אנדערן האָט זי ניט געקענט טראַכטען. ראָגאַטשאָוו׳ן האָט זי אין גיכען אויפגעהערט אפילו צו בעמערקען. וואסילי, אַלס אַ מענש א כיטרער און א דורכגעטריבענער, האט אין זיין געגענוואַרט מיט אָל־גא׳ן ניט גערעדט, האָט בלויז מיט איהם געשפּאַסט און איהם גע־מאַכט לאַכען ביז טרעהרען, אָדער ער האָט ערפונדען עפּעס א טור־מעלדיג שפּיעל, א שפּאַציר אויף פערד, שיפען זיך ביי נאַכט איבער׳ן טייך מיט פאַקעלען און מוזיק — מיט איינעם וואָרט, ער האָט ניט גע־לאָזען פּאַוועל אפאַנאַסיעוויטש קומען צו זיך. פון דעסטוועגען, ניט קוקענדיג אויף וואסילי׳ס גאַנצע דורכגעטריבענקייט, האָט ראָגאַ־טשאָוו, ווי דורך א נעבעל, דערפיהלט, אז ער אָלגא׳ס חתן, איהר צוקונפטיגער מאַן, איז עפּעס געוואָרען פאַר איהר, ווי א פרעמדער מענש... אָבער זייענדיג גוט אָהן א ברעג, האָט ער מורא געהאַט איהר צו פערשאַפטען עגמת נפש מיט א פאָרוואורף און האָט געשוויגען, ער האָט זי אמת געליעבט און איהר צוגעבונדקייט איז ביי איהם זעהר טהייער געווען. זייענדיג מיט איהר אויג אויף אויג, האָט ער ניט

גענוואוסט וועגען וואָס צו ריידען, און האָט זיך נור געסטאַרעם מיט אַלע מעגליכקייטען איהר צו בעווייזען זיין איבערגעבענקייט.

עס זיינען אוועק צוויי מאָנאַטען. אָלגאַ'ס זעלבסטשטענדיגקייט איז, צום סוף, אין גאַנצען פערשוואונדען, זי האט פערלאָרען יעדען ברעקעל פון איהר ווילען; דער שוואַכער און שווייגעדיגער ראָגאַטשאָוו האט איהר ניט געקענט דיענען אלס שטיצע; זי האט זאָגאר ניט געוואָלט וויעדערשטעהן דעם צויבער, און מיט א פערשטאָרבען הארצען האט זי זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו וואַסילי'ן...

אָלגאַ איוואַנאָוונאַ האט וואהרשיינליך דאַן דערפיהלט די פרייד־דען פון ליעבע, נור ניט אויף לאַנג. כאָטש וואַסילי — ניט האָבענדיג קיין אַנדער בעשעפטיגונג — האט זי ניט נור ניט אוועקגעוואָרפען, נור פארקעהרט, ער האט זיך צו איהר צוגעבונדען און האט זי צערט־ליך אָבגעהיט. נור אָלגאַ גופא האט זיך אזוי פערלאָרען, אז זי האט אפילו אין דער ליעבע שוין ניט געקענט געפינען קיין גליק, און דאָך האט זי זיך ניט געקענט אָברייסען פון וואַסילי'ן. זי האט זיך גענומען פאר אלסדינג שרעקען, האט ניט געוואַגט צו טראַכטען; האט וועגען קיין זאַך ניט גערעדט, האט אויפגעהערט צו לעזען; א בייגקעניש האט זי גענומען גריזשען. צייטענווייז האט זיך וואַסילי'ן איינגעגעבען זי היגצורייסען נאָך זיך און צווינגען זי צו פערגעסען אלעס און אלעמען; אבער אויפ'ן צווייטען טאָג האט ער זי געפונען א בלאַסע, א שווייגע־דיגע, מיט קאַלטע הענט און א אונזיניגען שמייכעל אויף די ליפען...

פאר וואַסילי'ן איז געקומען א גאַנץ שווערע צייט; אבער קיין שוועריגקייטען האבען איהם ניט געקענט אָבשרעקען. ער האט זיך אין גאַנצען פערטיעפט אין זיך, ווי א ערפאַהרענער שפיעלער. אויף אָלגאַ איוואַנאָוונאַ'ן האט ער זיך גאָרניט געקענט פערלאָזען: זי האט נאָכ־אַנאַנד זיך אליין ארויסגעגעבען, איז אלע ווייַלע געוואָרען בלייך, רויט און האט געוויינט... איהר נייע ראָלע איז געווען ניט נאָך איהרע קרעפטען נאָך. וואַסילי האט געארבייט פאר צווייען; אין זיין היציגער און טומעלדיגער פרעהליכקייט האט נור א גאַנץ ערפאַהרענער בעאָ־באַכטער געקאָנט בעמערקען א פיבערהאַפטע אָנגעשטרענגטקייט; ער האט געשפיעלט מיט די ברידער, די שוועסטער, די ראָגאַטשאָווס, די שכנים און שכנות — ווי מיט פיעשקעס; איז שטענדיג געווען אויף דער וואך, האט ניט פערלאָרען קיין איין בליק, קיין איין בעוועגונג,

כאָטש ער האט אויסגעוויזען, ווי דער רוהיגסטער, זאָרגלאָזטער מענש; יעדען אין דער פריה איז ער ארוים אין קאמפּף און יעדען אבענד האט ער געפּ׳יערט א זיעג. און די דאָזיגע שרעקליכע טהעטיגקייט האט איהם א האָאר ניט אָנגעשטרענגט; ער איז געשלאָפען פיער שטונדען אין מעת לעת, האט וויניג געגעסען און איז געווען געזונד, פריש און פרעהליך.

דערוויילע האט זיך דער טאָג פון אָלגא'ס חתונה אונטערגע־רוקט; וואסילי האט בעוויזען איינצורייזען דעם חתן, אז מען מוז די חתונה ווידער אָבלייגען; דערנאָך האט ער איהם אוועקגעשיקט אין מאָסקווע איינקויפען פערשיעדענע זאכען, און אליין האט ער זיך אי־בערגעשריעבען מיט זיינע פּעטערבורגער פריינד. ער האט אזוי שטארק געהאָוועט ניט אזוי אוים מיטלייד צו אָלגא'ן, נור אוים ליעבע צו טהעטיגקייט און טומעל... דערצו האט איהם אָלגא שוין אָנגעהויבען דערעסען און ניט איין מאָל האט ער, נאָך א ווילדען אָנפאל פון לייי־דענשאפט, געקוקט אויף איהר מיט דער זעלבער פעראכטונג, ווי ער האט פריהער געקוקט אויף ראָגאטשאָוו'ן. וואסילי איז שטענדיג געווען א רעטעניש פאר אלעמען; אין דער סאמע קאלטקייט פון זיין גרוי־זאמער נשמה האט זיך געפיהלט א מערקווירדיגער, כמעט זידליכער ברען און אין סאמע מיטען פון דער ווילדעסטער, ברענענדער ליידענ־שאפט האט פון דיעזען מענשען געוועהעט מיט א קעלט — פאר ליי־טען האט ער נאָך, ווי פריהער, געשטיצט אָלגא'ן; אבער, בלייבענדיג מיט איהר אויג אויף אויג, האט ער מיט איהר געשפּיעלט, ווי א קאץ מיט א מויז, אדער ער האט זי געשראָקען מיט סאָפיזמען, אדער בייז און גיפטיג איהר געלאָזט פיהלען, אז עס לאנגווייל'ט זיך, אדער ער האט זיך, צום סוף, ווידער געוואָרפען צו איהרע פים און היינגעריסען זי, ווי דער ווינד א שערבעל... און דאן האט ער זיך ניט פער־שטעלט... דאן האט ער זי ווירקליך געליעבט און אליין זיך גע־טרייסעלט פאר אויפרעגונג...

איין מאָל, גאנץ שפּעט אין אָבענד, וואסילי איז געזעסען איינער אליין ביי זיך אין צימער און אויפמערקזאם איבערגעלעזען די לעצטע בריעף, וואס ער האט בעקומען פון פּעטערסבורג — האט די טהיר פּלוצים שטיל א סקריפּע געטהאָן און עס איז אריינגעקומען פּאַ־לאשקע, אָלגא'ס קאמערמיידכען.

— וואס דארפסטו? — האט וואסילי זי געפרעגט גאנץ הארט.
— דאס פרייליין בעט אייך צו זיך.
— איצט האב איך קיין צייט ניט. געה... נו, וואס שטעהסטו?
— האט ער ווייטער געגעדט, זעהענדיג, אז פאלאשקע געהט ניט אוועק.
— דאס פרייליין האט בעפעהלען צו זאגען, אז זי דארף אייך זעהר נויטיג.
— וואס איז דארט אזוינס?
— איהר וועט שוין אליין זעהן...
וואסילי איז אויפגעשטאנען, האט א ווארף געטהאן מיט כעס די בריעף אין קעסטעל און איז אוועק צו אלגא׳ן. זי איז געוועזן אליין, איז געזעסען אין א ווינקעל — א בלייכע און אונבעוועגליכע.
— וואס פערלאנגט איהר? — האט ער זי געפרעגט גאר ניט פריינדליך.
אלגא האט אויף איהם א קוק געטהאן, און, מרייסלענדיג זיך, די אויגען פערמאכט.
— וואס איז מיט אייך? וואס איז מיט דיר, אלגא?
ער האט זי אנגענומען פאר א האנד... אלגא׳ס האנד איז געוועזן קאלט, ווי אייז... זי האט געוואלט עפעס זאגען... און איהר קול איז פערשטארבען אויף די ליפען. דער ארימער פרוי איז ניט געבליעבען קיין שום ספק וועגען איהר לאגע...
וואסילי איז אביסעל צומישט געווארען. אלגא׳ס צימער האט זיך געפונען אין צוויי טריט פון אננא פאולאוונא׳ס שלאפצימער. וואסילי האט זיך פארזיכטיג צוגעזעצט צו אלגא׳ן, האט געקושט און געוואַרעמט איהרע הענד, און, שעפטצענדיג, זי געזוכט צו בערוהיגען. זי האט איהם שווייגענדיג אויסגעהערט און לייכט געציטערט. אין דער טהיר איז געשטאנען פאלאשקע און שטילינקערהייט געווישט די טרערען.... אין צווייטען צימער האט שווער און רעגעלמעסיג געקלאפט דער פאמפעדיקעל פון א זייגער און עס האט זיך געהערט דאס אטהעמען פון א שלאפעדיגען מענשען. צום סוף, האט אלגא אויסגעבראכען אין א פערשטיקטען שלוכצען.
טרערען — זיינען ווי א שטורעם: נאך זיי ווערט דער מענש אימער שטילער. ווען אלגא איוואנאוונא האט זיך אביסעל בערו־

הינט און האט בלויז פון צייט צו צייט געבליפעט פיבערהאַפט, ווי א קינד, איז וואסילי געפאַלען פאר איהר אויף די קניע, האט זי צערט־ליך געלאַסטשעט און האלובעט, צוגעזאָגט איהר אלע גליקען און האט זי, צום סוף, אין גאַנצען בערוהיגט, דאַן האט ער איהר דערלאַנגט אביסעל וואסער, געלעגט זי שלאָפען און איז אוועק.

א גאַנצע נאַכט האט ער זיך ניט אויסגעטהאָן, מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, האט אָנגעשריעבען צוויי־דריי בריעף, צוריסען צוויי־דריי פאַפּירען, האט ארויסגענומען א מעדאַליאָן מיט דעם בילד פון א פרוי מיט שווארצע אויגען און שווארצע ברעמען און א דרייסטען ליידענשאַפטליכען פנים, האט לאַנג בעטראַכט איהרע שטריכען און פערטראַכט ארומגעגאַנגען איבער׳ן צימער.

אויף מאָרגען אין דער פריה האט ער מיט א בעזונדער אונאַנגע־נעהמען געפיהל דערזעהן די אָרימע אָלגאַ מיט איהר פערזאָרגט, בלייך פנים און די רויטע, געשוואָלענע אויגען. נאָך׳ן פריהשטיק האט ער איהר פאָרגעשלאָגען דורכצוגעהן זיך מיט איהם איבער׳ן גאָרטען. אָלגאַ איז אוועק נאָך וואסילי׳ן, ווי א געהאָרכזאַמע שעפּעלע.

ווען זי איז, אין צוויי שטונדען ארום, צוריק געקומען פון גאָרטען, איז זי געווען שווארץ, ווי די ערד; זי האט געזאָגט אננא פּאַוולאָוונאַ׳ן אז זי פיהלט זיך ניט גוט, איז אוועק און זיך ארייננעלייגט אין בעט אריין.

געהענדיג מיט איהר שפּאַצירען, האט וואסילי, מיט א רחמנות פנים ערקלערט איהר, אז ער איז אין געהיים פערהייראַטה — ער איז געווען פונקט אזא בחור, ווי איך. אָלגאַ איוואַנאָוונאַ איז ניט געפאַלען אין אונמאַכט — דאס טהוט מען נור אויף דער ביהנע; זי איז בלויז פּלוצים געבליעבען שטעהן א פערשטיינערטע, כאָטש זי אליין האט ניט נור ניט געהאָפט צו הייראַטהען מיט וואסילי׳ן, נור האט זאָגאר מורא געהאט וועגען דעם צו טראַכטען. וואסילי האט איהר גענומען בעווייזען, אז זי מוז זיך צושיידען מיט איהם און חתונה האבען מיט ראַגאַטשאָוו׳ן. אָלגאַ איוואַנאָוונאַ האט אויף איהם געקוקט מיט אן אימה׳דיגער מורא; דער לשון האט ביי איהר אָבגענומען. וואסילי האט גערעדט קאַלט, צו דער זאַך, אויסגערעכענט; האט בעשולדיגט זיך אליין, געשלאָגען זיך על חטא, נור געענדיגט האט ער אלע זיינע רייד מיט די ווערטער: „וואס עס איז געווען איז געווען, צוריק קען

מען עס שוין ניט כאפען; איצט מוז מען האנדלען.״ אלגא האט זיך אין גאנצען פערלארען; זי האט זיך געשעהמט און איהר איז מורא׳־דיג געווען; א שווערע, א שרעקליכע פערצווייפלונג האט זי אין גאנצען בעהערשט; זי האט געבעטען אויף זיך דעם טויט — און האט מיט א ביינקעניש געווארט אויף וואסילי׳ס בעשלוס.

— מען מוז אלעם דערצעהלען דער מוטער — האט ער, צום סוף, געזאגט.

אלגא איז א טויטע געווארען; די פים האבען זיך איהר אונטער־געהאקט.

— שרעק זיך ניט, שרעק זיך ניט — האט געט׳טענה׳ט וואסילי— פארלאז זיך אויף מיר, איך וועל דיך ניט פערלאזען... איך וועל אלעס צו רעכט ברייגען... זייא גאנץ זיכער... האף אויף מיר.

די ארימע פרוי האט אויף איהם א קוק געטהאן מיט ליעבע... יא, מיט ליעבע, און מיט שטארקער, אבער האפנונגסלאזער איבער־געבענהייט.

— איך וועל אלעס, אלעס אין ארדנונג ברייגען — האט, זעגע־נענדיג זיך מיט איהר, געזאגט וואסילי... און האט צום לעצטען מאל א קוש געטהאן איהרע דערפרארענע הענד.

אויף מארגען אין דער פריה, אלגא איוואנאוונא איז נור וואס אויפגעשטאנען פון בעט — די טהיר פון איהר צימער האט זיך גע־עפענט... און אננא פאוולאוונא האט זיך בעוויזען אויפ׳ן שוועל. שווייגעדיג האט זי זיך דערשלעפט צו א פאטעל און זיך געזעצט ניט ריידענדיג קיין ווארט. וואסילי האט זיך געשטעלט נעבען איהר. ער האט אויסגעזעהן רוהיג; זיינע ברעמען האבען זיך צוזאמענגעצויגען און די ליפען זיך לייכט געעפענט. אננא פאוולאוונא א בלייכע, א צו־קאכטע, א בייזע, האט זיך געקליעבען צו נעהמען רייז׳ען און ניט גע־קענט... דער לשון האט ביי איהר אבגענומען.

אלגא איוואנאוונא האט געווארפען א בליק פול שרעק אויף איהר וואהלטהעטערין — אויף איהר געליעבטען; דאס הארץ אין איהר איז פערשטארבען געווארען... מיט א יאמערליכען געשריי איז זי געפאלען אין מיטען צימער אויף די קניע און פערדעקט דעם פנים מיטביידע הענד....

— איז דאס אמת... אמת? — האט ארויסגעשעפטצעט אננא

פּאוולאָוונא און זיך איינגעבויגט צו איהר — ענטפער־זשע! — האט זי א געשריי געטהאָן הארט, א כאפּ טהאָנדיג אָלגאַ'ן פאר א האנד.

— מוטער! — האט זיך דערהערט וואסילי'ס שארפער קול — איהר האט מיר צוגעזאָגט, זי ניט צו בעליידיגען.

— איך וויל וויסען... זיי זיך מודה... זיי זיך מודה... איז דאס אמת? אמת?

— מוטער... דערמאָנט זיך נור... — האט וואסילי ארויסגע־רעדט לאנגזאם.

דאס דאָזיגע וואָרט האט אין גאנצען צורודערט אננא פּאוולאוו־נא'ן. זי האט זיך אָנגעשפּארט אָן ווענטעל פון פּאטעל און זיך צו־וויינט.

אָלגא פּאוולאָוונא האט שטילינקערהייט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך געהאַט געוואָלט ווארפען דער אלטער צו די פיס, נור וואסילי האט זי אָבגעהאלטען. ער האט זי אויפגעהויבען און אוועקגעזעצט אויף א צווייטען פאטעל. אננא פּאוולאָוונא האט נאָך אַלץ געוויינט און געשעפּטצעט איינציגע, געהאקטע ווערטער...

— הערט אויס, מוטער — האט געזאָגט וואסילי — נעהמט זיך ניט דעם לעבען! צו דעם אומגליק איז נאָך דאָ א הילף... אויב ראָ־נאָטשאָוו...

אָלגא איוואַנאָוונא האט א ציטער געטהאָן און זיך אויסגע־גלייכט.

— אויב ראָגאַטשאָוו — האט ווייטער גערעדט וואסילי, א קוק טהאָנדיג פּיעלדייטיג אויף אָלגאַ איוואַנאָוונאַ'ן — האט געדענקט, אז ער קאָן אונבעשטראָפט בעשמוצען אן עהרליכע פּאמיליע...

אָלגאַ איוואַנאָוונאַ'ן איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

— אין מיין הויז — האט ארויסגעקרעכצט אננאַ פּאוולאָוונאַ.

— בערוהיגט זיך, מוטער. ער האט זיך בענוצט מיט איהר אונ־ערפאהרענקייט, מיט איהר יוגענד, ער... איהר ווילט עפּעס זאָגען?

— האט ער צוגעזעצט, זעהענדיג, אז אָלגא רייסט זיך צו איהם....

אָלגא איוואנאָוונא איז געפאַלען אין פאטעל.

— איך פאָהר גלייך צו ראָגאַטשאָוו'ן. איך וועל איהם צווינגען צו הייראַטהען, היינט נאָך. זייט זיכער, איך וועל איהם ניט ערלויבען צו שפּאסען פון אונז...

— אבער... וואסילי איוואנאָוויטש... איהר... — האט ארויסגעשעפטצעט אָלגא.

ער האט לאנג און קאלט אויף איהר א קוק געטהאָן. זי איז ווידער אנשוויגען געוואָרען.

— מוטער, גיט מיר א וואָרט, אז איהר וועט זי ניט טשעפען, ביז איך וועל צוריק קומען. טהוט א קוק אויף איהר — קוים וואס זי לעבט. און איהר דארפט זיך אויך אויסרוהען. האָפט אויף מיר: איך נעהם אלעם אויף זיך; יעדענפאלס,ווארט אוים ביז מיין צוריק קומען. איך זאָג אייך נאָך אמאָל — עסט ניט דעם לעבער איהר און זיך אליין — און פערלאָזט זיך אויף מיר.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און זיך אָבגעשטעלט.

— מוטער — האט ער געזאָגט — קומט מיט מיר, לאָזט זי אליין, איך בעט אייך.

אננא פּאוולאָוונא האט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען צו דעם הייליגען בילד, נידעריג, ביז צו דער ערד פערנייגט זיך און איז שטיל אוועק נאָך'ן זוהן. אָלגא איוואנאָוונא האט שטיל און אונבע־וועגליך זיי מיט די אויגען בעגלייט. וואסילי האט זיך פלינק צוריק־געקעהרט, געכאפּט זי פאר א האנד, א שעפּטצע געטהאָן איהר אויפ'ן אויער: „פערלאָזט זיך אויף מיר און פערראַטה אונז נישט." און איז גלייך אוועק... — „בורסיע!" — האט ער א געשריי געטהאָן, אראָבגעהענדיג שנעל פון די טרעפּ — „בורסיע!..."

אין א פערטעל שעה ארום איז ער שוין געזעסען אין קארעטע מיט זיין דיענער.

אין יענעם טאָג איז דער אלטער ראָגאטשאָוו אין דער היים ניט געוועזן. ער איז געפאָהרען אין שטאָדט אריין, איינקויפען סחורה פאר זיינע דיענער אויף קאפּטענס. פּאוועל אפאנאסיעוויטש איז געזעסען ביי זיך אין קאבינעט און בעטראַכט א קאָלעקציאָן אָבגעבליאַקירטע שמעטערלינגען. אויפהויבענדיג די ברעמען און אויסציהענדיג די ליפּען, האט ער מיט א שפּילקע פּאָרזיכטיג בעוועגט די שוואכע פליע־געלאָך פון דעם „ביינאכטיגען ספינקס," ווען ער האט פּלוצים דער־פיהלט ביי זיך אויפ'ן פּלייצע א קליינע, אבער שווערע האנד. ער האט זיך אומגעקוקט... פאר איהם איז געשטאַנען וואסילי.

— וואס מאכט איהר, וואסילי איוואנאָוויטש — האט ער ארויס־גערעדט אביסעל פערוואונדערט.

וואסילי האט אויף איהם א קוק געטהאָן און זיך געזעצט פאר איהם אויף א שטוהל.

פאוועל אפאנאסיעוויטש האט געהאט א שמייכעל געטהאָן... נור ער האט א קוק געטהאָן אויף וואסילי'ן, איז צומישט געוואָרען, האט פאנאנדערגעעפענט דאס מויל און צוזאמען געלייגט די הענד.

— זאָגט מיר אקאָרשט, פאוועל אפאנאסיעוויטש — האט פלו־צים גענומען ריידען וואסילי — האט איהר אין זינען אָבצושפיעלען די חתונ'קע אין גיכען?

— איך?... אין גיכען?... געוויס. איך, פון מיין זייט... דאס ווענדעט זיך אָן אייך און אייער שוועסטער... איך, פון מיין זייט, בין בערייט כאָטש מאָרגען.

— שעהן, זעהר שעהן. איהר זייט זעהר א אונגעדולדיגער מענש, פאוועל אפאנאסיעוויטש.

— וואס מיינט איהר?

— הערט אויס — האט געזאָגט וואסילי איוואנאָוויטש אויפ־שטעהענדיג — איך וויים אלעס; איהר פערשטעהט שוין, וואס איך מיין, און איך בעפעהל אייך אָהן אלע תירוצים, מאָרגען צו הייראטהען מיט אָלגא'ן.

— ערלויבט נור, וואס זאָגט איהר, וואס הייסט — האט געענטפערט ראָגאטשאָוו, ניט אויפהויבענדיג זיך פון אָרט — איהר בע־פעהלט מיר גאָר? איך האב אליין געוואָלט דעם שידוך מיט אָלגא איוואנאָוונא'ן און קיינער האט מיר גאָרניט צו בעפעהלען... איך בין זיך מודה, וואסילי איוואנאָוויטש, איך פערשטעה אייך עפּעס ניט.

— דו פערשטעהסט ניט?

— ניין, ווירקליך, איך פערשטעה ניט.

— גיסטו מיר א וואָרט, אז דו וועסט נאָך מאָרגען חתונה האבען מיט איהר?

— אבער גאָט איז מיט אייך, וואסילי איוואנאָוויטש... האט איהר דען ניט פיעל מאָל אליין אָבגעלייגט אונזער חתונה? אָהן אייך וואָלטען מיר שוין לאנג געהייראטה. און איצט האב איך אפילו אין

זינען ניט אָבצוזאָגען זיך. הײנט וואס־זשע מײנען אײערע סטראשונ־קעס, אײערע שטרענגע פאָדערונגען?

פאוועל אפאנאסיעוויטש האט אָבגעווישט דעם שוויים פון שטע־רען.

— גיסטו מיר א וואָרט? זאָג: יא אדער נײן? — האט גע־טענה'ט זײנס וואסילי, ציהענדיג די ווערטער.

— גוט... איך גיעב, אבער...

— גערענק־זשע... זי האט זיך מודה געווען אין אלעס.

— ווער האט זיך מודה געווען?

— אַלגא איוואַנאָוונא.

— אבער אין וואס האט זי זיך מודה געווען?

— צו וואס פאַרשטעלט איהר זיך פאַר מיר, פאוועל אפאנאסיע־וויטש, איך בין דאָך אײך ניט קײן פרעמדער.

— וואס הײסט, איך פערשטעל זיך? איך פערשטעה אײך ניט, איך פערשטעה ניט... איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן, אין וואס האט אַלגא איוואַנאָוונא זיך געקאָנט מודה זײן?

— אין וואס? איהר האט מיר דערעסען! מען ווײס, אין וואס. איהר ווײסט אודאי.

— זאָל מיך גאָט שטראָפען...

— נײן, איך וועל דיך שטראָפען, איך וועל דיך דער'הרג'ענען, אויב דו וועסט מיט איהר ניט הייראטהען... פערשטעהסט?

— ווי!... — פאוועל אפאנאסיעוויטש איז אויפגעשפרונגען און זיך אָבגעשטעלט פאר וואסילי'ן — אַלגא איוואַנאָוונא... איהר זאָגט...

— ביזט א קלוגער יונג, ברודער, זעהר א קלוגער, איך מוז עס צוגעבען — וואסילי האט מיט א שמײכעל איהם א קלאַפּ געטהאָן איבער'ן פּלײצע — כאָטש דו קוקסט אויס, ווי א נאַרענקע...

— גאָט מײנער, גאָט אין הימעל!... איהר וועט מיך משוגע מאַכען... וואס ווילט איהר זאָגען, ערקלעהרט זיך, אום גאָטעס ווילען!

וואסילי האט זיך צו איהם אײנגעבויגען און עפּעס א שעפּטשע געטהאָן איהם אויפ'ן אויער.

ראָגאַטשאָוו האט א געשריי געטהאָן: — ווי?... אה?...

וואסילי האט א טופ געטהאן מיט'ן פוס.

— אָלגא איוואַנאָוונאַ? אָלגאַ?

— יא... אייער כלה...

— מיין כלה... וואסילי איוואַנאָוויטש... זי... זי... איך וויל זי איצט אפילו ניט קענען — האט א געשריי געטהאָן פּאוועל אפאנאסיעוויטש — זאָל זי זיך בלייבען דאָרט, וואו זי איז! פאר וועמען האלט איהר מיך? אָבנארען מיך — מיך נארען... אָלגאַ איוואַנאָוונאַ געבאַך! האט איהר גאָרניט גאָט אין הארצען, קיין געוויסען... (טרערען האבען זיך א גאָס געטהאָן פון זיינע אויגען) — א דאַנק אייך, וואסילי איוואַנאָוויטש, א דאַנק... און איהר וויל איך איצט אפילו ניט קענען! איך וויל ניט! איך וויל ניט!... רעדט גאָרנישט!... אַך, טאַטעלאַך מיינע! אָט צו וואס איך האב דערלעבט! מילא, גוט, מסתמא דאַרף אזוי זיין!

— הערט זיך אויף צו מאַכען קינדעריש — האט קאַלטבלוטיג געזאָגט וואסילי איוואַנאָוויטש — געדענקט, איהר האט מיר געגעבען א וואָרט: מאָרגען איז די חתונה.

— ניין, דאס וועט קיין מאָל ניט זיין! רעדט זיך ניט איין, וואסילי איוואַנאָוויטש. איך זאָג אייך נאָך אמאָל — פאר וועמען האלט איהר מיך? עס איז אפילו א גרויסע עהרע, אבער איך דאַנק אייך זעהר. ענטשולדיגט מיר.

— ווי איהר פערשטעהט! — האט געענטפערט וואסילי — נעהמט ארוים דעם שווערד.

— וואס הייסט דעם שווערד... צו וואס א שווערד?

— צו וואס? אָט צו וואס.

וואסילי האט ארויסגענומען זיין פראַנצויזישען דינעם, בייגעדיגען שווערד און לייכט א בויג געטהאָן איהם אָן פּאָל.

—איהר ווילט... מיט מיר... שלאָגען זיך?

— יא. אזוי איז דאס.

— אבער, וואסילי איוואַנאָוויטש, גאָט איז מיט אייך, געהט אריין אין מיין לאגע! ווי קאָן איך, זאָגט איהר אליין, נאָך דעם, וואס איהר האט מיר דערצעהלט... איך בין אן עהרליכער מענש, וואסילי איוואַנאָוויטש, איך בין אן אדעלינער.

— איהר זייט אַן אדעליגער, אַן עהרליכער מענש — דאַן קומט, זייט מוחל, זיך מיט מיר שלאָגען.

— וואסילי איוואנאָוויטש!

— איהר האט, דאכט זיך, מורא, הערר ראָגאַטשאָוו!

— איך האב גאָר קיין מורא ניט, וואסילי איוואנאָוויטש. איהר ווילט מיך הפנים אָנשרעקען, וואסילי איוואנאָוויטש. אָט, הייסט עס, איך וועל איהם א סטראַשע טהאָן, וועט ער זיך דערשרעקען, און אויף אלעם גלייך מרוצה ווערען... אבער ניין, וואסילי, איך בין פונקט אזא עדעלמאַן, ווי איהר, כאָטש איך האב ניט געקראָגען קיין גרויס־שטאָדטישע ערציהונג און אָנסטראַשען מיך וועט אייך ניט געלינגען, ניין, ענטשולדיגט.

— זעהר גוט — האט געענטפערט וואסילי — וואו־זשע איז אייער שווערד?

— יעראָשקאַ! — האט א געשריי געטהאָן פּאוועל אפאנאסיע־וויטש.

עס איז אריינגעקומען א דיענער.

— דערלאַנג מיר דעם שווערד — דאָרט — דו ווייסט דאך, אויפ'ן בוידעם, וואו עס איז... אבער אויף גיך...

יעראָשקאַ איז ארויס. פּאוועל אפאנאסיעוויטש איז פּלוצים שטארק בלייך געוואָרען, האט איילענדיג אראָבגענומען פון זיך דעם שלאָף־ראָק, אָנגעטהאָן א געלען קאַפטען מיט גרויסע קנעפּ... ארויפ־געצויגען אויפ'ן האלז א האלזטוך.... וואסילי האט געקוקט אויף איהם און זיך געשפּיעלט מיט די פינגער פון דער רעכטער האנד.

— איז וואס בלייבט? שלאָגען מיר זיך, פּאוועל אפאנאסיע־וויטש?

— שלאָגען זיך, איז שלאָגען זיך — האט געענטפערט ראָגאַ־טשאָוו און איילענדיג פערשפּיעלעט די וועסט.

— הער אויס, פּאוועל אפאנאסיעוויטש, פאָלג מיך: האב חתונה... וואס מאכט דיר אויס... און איך, גלויב מיר...

— ניין, וואסילי איוואנאָוויטש — האט איהם איבערגעשלאָגען די רייד ראָגאַטשאָוו — איך וויים, איהר וועט מיך אדער דער'הרג'־ענען, אדער מיך מאכען פאר א קאליעקע; אבער מיין עהרע פערליע־רען וויל איך ניט; אויב שטארבען, איז שטארבען.

יעראָשקא איז אריין און, טרייסלענדיג זיך, דערלאַנגט ראָגאַ־טשאָוו'ן אן אלט שווערדיל אין אן אויסגעריבענער לעדערנער שיידעל. אין יענער צייט האבען אלע אדליגע געטראָגען שווערדען, ווען זיי האבען זיך געפּודערט; אבער די דאָרפישע גוטסבעזיצער פלעגען זיך פּודערען אמאָל צוויי א יאָהר. יעראָשקא איז אָבגעטראָטען צו דער טהיר און האט זיך צוּוויינט. פאוועל אפאנאסיעוויטש האט איהם ארויסגעשטופּט פון'ם צימער.

— הערט, וואסילי איוואנאָוויטש — האט ער בעמערקט אביסעל צומישט — איך קאָן זיך מיט אייך גלייך ניט שלאָגען. ערלויבט מיר אָבצולייגען אונזער דועל ביז מאָרגען; דער פאָטער איז אין דער היים ניטאָ; דערצו מיינע געשעפטען; אויף יעדען פאַל וועט ניט שאַדען, איך זאָל אלסדינג אין אָרדנונג ברייננען.

— ווי איך זעה, הויבט איהר ווידער אָן זיך צו שרעקען, מיין הערר.

— ניין, ניין, וואסילי איוואנאָוויטש; אבער בערעכענט אליין...

— הערט אויס — האט גענומען שרייען לוטשינאָוו — איהר ברייננט מיך ארויס פון געדולד... אדער גיט מיר א וואָרט, אז איהר וועט זי גלייך הייראַטהען אדער קומט זיך שלאָגען... אז ניט, צו־ברעך איך אייך די ביינער מיט'ן שטעקען, ווי א פייגלינג, איהר פער־שטעהט?

— קומט אין גאָרטען — האט געענטפערט ראָגאַטשאָוו צווישען די צייהן.

נור פּלוצים האט זיך די טהיר געעפענט און די אלטע ניאַניע יעפימאָוונאַ, אין גאַנצען א צושויבערטע, האט זיך אריינגעריסען אין צימער, א וואָרף געטהאָן זיך פאר ראָגאַטשאָוו'ן אויף די קניע און ארומגעכאַפּט זיינע פיס...

— טאַטעלע מיינער! — האט זי גענומען קלאָגען — קינדעלע מיינס... וואס אזוינס געהסטו טהאָן? מאך אונז ניט אומגליקליך, טאַטעלע מיינער! ער וועט דיך דאָך דער'הרג'ענען, טייבעלע מיינס! דו בעפעהל אונז נור, בעפעהל, און מיר וועלען איהם, דעם הולטיי, מיט היטלען פערוואַרפען.... פאוועל אפאנאסיעוויטש, קינדעלע מיינס, דערמאָן זיך אָן גאָט!

אין דער טהיר האבען זיך בעוויזען א סך בלייכע און צושראָקענע פּנים'ער... עס האט זיך אפילו געזעהן די רויטע באָרד פון'ם סטאָראָסטאַ...

— לאָז מיך, יעפימאָוונאַ, לאָז! — האט ארויסגעמורמעלט ראָגאַטשאָוו.

— איך'ל ניט לאָזען, מיין טהייערער, איך'ל ניט לאָזען! שטייטש, טאַטעלע מיינער, שטייטש? און וואס וועט אפאנאסי לוּקיטש זאָגען? ער וועט אונז אלע פון דער ליכטיגער וועלט פערטרייבען... און איהר, אלע דאָרט, וואס שטעהט איהר? נעהמט דעם אונגעבעטענעם גאַסט אונטער די הענטעלאך און פיהרט איהם ארויס פון שטוב, אז זיין דוך זאָל דאָ ניט זיין...

— ראָגאַטשאָוו! — האט בייז א געשריי געטהאָן וואַסילי איוואַנאָוויטש.

— דו ביזט משוגע געוואָרען, יעפימאָוונאַ, דו שענדעסט מיך, גאָט איז מיט דיר — האט ארויסגערעדט פּאַוועל אַפאַנאַסיעוויטש— געה זיך, געה געזונטערהייד, און איהר אלע געהט אויך, געהט פון דאנען, איהר הערט?

וואַסילי איוואַנאָוויטש איז פלינק צוגעגאנגען צום אָפענעם פענסטער, האט ארויסגענומען א קליינע זילבערנע פייפעל — און לייכט א פייף געטהאָן... בורסיע האט זיך פון ערגעץ ניט ווייט אָבגערופען אויף דעם פייף. לוטשינאָוו האט זיך גלייך געווענדעט צו פּאַוועל אַפאַנאַסיעוויטש'ן.

— אַלזאָ, מיט וואס וועט זיך די קאָמעדיע ענדיגען?

— וואַסילי איוואַנאָוויטש, איך וועל מאָרגען קומען צו אייך — וואס קאָן איך טהאָן מיט דער משוגענער אלטער...

— עט, איך זעה, מיט אייך איז נישטאָ וואס קיין טענות צו מאַכען — און ער האט שנעל א הויב געטהאָן זיין שטעקען...

פּאַוועל אַפאַנאַסיעוויטש האט זיך א ריס געטהאָן, אָבגעשטויסען פון זיך יעפימאָוונאַ'ן, געכאַפּט דעם שווערדיל און זיך א לאָז געטהאָן דורך אַן אַנדער טהיר אין גאָרטען אריין.

וואַסילי האט זיך א וואָרף געטהאָן נאָך איהם. זיי זיינען ביידע אריינגעלאָפען אין א הילצערנע ליעטאַנקע, וועלכע איז געווען אויסגעפאַרבט אויף א כלומר'שט כינעזישען אופן, האבען זיך פערשפּאַרט

און ארויסגענומען די שווערדען פון די שיידס. ראַגאַטשאָוו האט זיך אמאָל געלערענט פעכטען מיט שווערדען, אבער איצט האט ער קוים געקאָנט האלטען ריכטיג דעם שווערד אין האנד. די שווערדען האבען זיך צוזאמענגעטראָפען... וואסילי האט, קאָנטיג, געשפּיעלט זיך מיט ראַגאַטשאָוו׳ס שווערדעל. פּאוואל אַפאַנאַסיעוויטש האט ניט געקענט אָבכאַפּען דעם אָטהעם, האט זיך געשטיקט, איז בלייך געוואָרען און האט צומישט געקוקט וואסילי׳ן אין פּנים אריין.

אין דיעזער צייט האבען זיך אין גאָרטען דערהערט געשרייען; אַן עולם מענשען איז געלאָפען צו דער ליעטאַנקע. פּלוצים האט ראַגאַטשאָוו דערהערט א הערצרייסענדען יאָמער פון אַן אלטינקען... ער האט דערקאָנט דעם פאָטער׳ס קול. אַפאַנאַסי לוקיטש, אָהן א היטעל, מיט צושויבערטע האָר, איז געלאָפען אין פאָראויס פאר אלעמען, מאכענדיג פערצווייפעלט מיט די הענד...

מיט א שטארקער און אונערווארטעטער בעוועגונג האט וואסילי ארויסגעקלאַפּט דעם שווערד פון פּאוועל׳ס הענד.

— האב חתונה, ברודער — האט ער צו איהם געזאָגט — גענוג דיר זיך נאריש צו מאכען!

— איך׳ל ניט חתונה האבען — האט ארויסגעשעפּטצעט ראַגאַטשאָוו, האט צוגעמאכט די אויגען און זיך אין גאנצען גענומען טרייסלען.

— דו ווילסט ניט? — האט גענומען שרייען לוטשינאָוו.

ראַגאַטשאָוו האט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

— נו, טאָ זאָל דיך דער טייפעל נעהמען!

דער אָרימער פּאוועל אַפאַנאַסיעוויטש איז געפאלען א טויטער: לוטשינאָוו האט איהם אריינגעשטאָכען דעם שווערד אין הארצען... די טהיר האט גענומען סקריפּען, דער אלטער ראַגאַטשאָוו האט זיך אריינגעריסען אין ליעטאַנקע, אבער וואסילי האט נאָך צייט געהאט ארויסצושפּרינגען דורך׳ן פענסטער...

אין צוויי שטונדען ארום איז ער אריין צו אָלגאַ איוואַנאָוונאַ׳ן אין צימער.... זי האט מיט שרעק זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם... ער האט זיך שווייגענדיג פאר איהר פערנייגט, האט ארויסגענומען דעם שווערד און דורכגעשטאָכען פּאוועל אַפאַנאַסיעוויטש׳עס פאָרטרעט

אויף דעם פלאַץ פונ'ם הארצען. אָלגא האָט א געשריי געטהאָן און איז געפאלען צו דער ערד אין אונמאכט.

וואסילי איז אוועק צו אננא פּאוולאָווגא'ן. ער האט זי געטראָפען פאר די הייליגע בילדער.

— מוטערקע! — האט ער געזאָגט — מיר האבען ראכע גענו־מען. — די אָרימע אַלטינקע האט זיך א טרייסעל געטהאָן און האט איהר געבעט ווייטער געפּרעפּעלט.

אין א וואָך ארום איז וואסילי אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערס־בורג. אין צוויי יאָהר שפּעטער האט ער זיך צוריקגעקעהרט אין דאָרף א פּאראליזירטער און אָהן לשון. ער האט שוין ניט דערוואוסט ביים לעבען ניט אננא פּאוולאָווגא'ן, ניט אָלגא'ן... און איז אליין אויך אין גיכען געשטאָרבען ביי יודיטש'ען אויף די הענד, וועלכער האט איהם געקאָרמעט, ווי א קליין קינד, און וועלכער איז געוועזען דער איינ־ציגער, וואס האט פערשטאַנען זיין אונזיניגען שטאַמלען...



# אין א פערוואָרפענעם ווינקעל

אין א גאַנץ גרויסען, ניט לאַנג אויסגעקאַלכטען צימער פון דעם פריצישען פליגעל, אין דאָרף טשאַסאָווא, איז פאַר אַן אַלטען אויסגעדרעהטען טישעל אויף א שטרויענעם שטול געזעסען א יונגער מאַן אין א אויבער־ראָק און דורכגעזעהען רעכנונגען. צוויי סטערינאָווע ליכט האָבען פאַר איהם געברענט אין קליינע זילבערנע לייכטער. אין איין ווינקעל, אויף א באַנק, איז געשטאַנען אַן אָפענער רייזע־טאַש, אין צווייטען — האָט א דיענער אויפגעשטעלט אַן אייזערנעם בעט־טעל. הינטער דער נידעריגער ווענטעל האָט געבורטשעט און געשיפעט א סאַמאָוואר; א הונד האָט זיך ארומגעוואָרפען אין דעם נור־וואָס געבראַכטען הייה. אין דער טהיר איז געשטאַנען א פויער. אין א נייעם ארמיאַק (א פויערשער אויבער־ראָק פון גראָבען, גרויען גע־וואַנט), פערבונדען מיט א רויטען גאַרטעל, מיט א גרויסער באָרד און א קלוגען פנים, נאָך אַלע סמנים נאָך דער סטאַראָסטאַ פונ'ם דאָרף; ער האָט אויפמערקזאַם געקוקט אויף דעם זיצענדיגען יונגען מאַן.

ביי איין וואַנט איז געשטאַנען אַן אַלט פרענקישע, קליינינקע פיאַנאָ, נעבען איהר אויך אַן אַלט פרענקישער קאָמאָד מיט לעבער, אַנשטאָדט שלעסער; צווישען די פענסטער האָט זיך געזעהן א דונקעלער שפיעגעל; אויף דער אָבגעצוימטער ווענטעל איז געהאַנגען אַן אַלטער, כמעט אין גאַנצען אָבגעריבענער פאָרטרעט פון אַן אָנגע־פודערטער פרוי, מיט א שווארצער שטייגעלע אויפ'ן דינעם האַלז.

לויט נאָך דער קאָנטיגער אויסגעקרימטקייט פונ'ם סופיט, און די לעבער אין דער פאָדלאָגע, האָט דער פליגעל, אין וועלכען מיר האָ־בען אריינגעפיהרט אונזער לעזער, שוין לאַנג, לאַנג עקזיסטירט, נור קיינער האָט אין איהם ניט געוואָוינט; ער האָט נור געדיענט פאַר

דעם פאל, אז דער פריץ וועט קומען צו פאהרען. דער יונגער מאן, וואס איז געזעסען ביים טיש, איז דאס טאקע געוועזען דער בעזיצער פונ'ם דארף טשאסאוואו ער איז ערשט נעכטען געקומען אהער פון זיין הויפט גוט, וועלכער האט זיך געפונען א וויארסט הונדערט פון דאנען, און איבערקוקענדיג דיווירטהשאפט, אויסהערענדיג די פאדערונגען פון די פויערים און דורכלעזענדיג די פאפירען, האט ער זיך געקליבען אוועקצופאהרען אויפ'ן צווייטען טאג.

— נו, אויף היינט זאל זיין גענוג — האט ער ארויסגערעדט, אויפהויבענדיג דעם קאפ: — איך בין מיעד. דו קאנסט איצט געהן — האט ער צוגעזעצט, זיך ווענדענדיג צום סטאראסטא: — און מארגען קום וואס פריהער, און לאז פאר־פריה וויסען די פויערים, זיי זאלען קומען אויף דער פערזאמלונג.

— גוט.

— און דעם זעמסקען זאלסטו הייסען, מיר צושטעלען א בעריכט פאר'ן לעצטען מאנאט. וויסטו, דו האסט גוט געטהאן — האט ווייטער גערעדט דער פריץ, ארומקוקענדיג זיך: — וואס דו האסט אויסגעקאלכט די וועגט. עס קוקט פארט אויס אביסעל ריינער.

דער סטאראסטא האט שווייגענדיג אויך א קוק געטהאן אויף די וועגט.

— נו, אצינד געה.

דער סטאראסטא האט זיך פערנויגט און איז ארויס.

דער פריץ האט זיך א הויב געטהאן.

— העי! — האט ער א געשריי געטהאן — דערלאנג מיר טהעע... ס'איז צייט צו שלאפען...

דער דיענער איז ארויס הינטער'ן ווענטעל און זיך באלד צוריק־געקעהרט מיט א גלאז טהעע און א קריגעלע סמעטאנקע אויף אן אייזערנעם טאץ. דער פריץ האט זיך גענומען טרינקען טהעע, אבער ער האט נאך ניט בעוויזען צוויי מאל א זופ צו טהאן, ווי אין צוויי־טען צימער האט זיך דערהערט א קלאפען פון אריינגעקומענע מענ־שען און עמיצענס א קוויטשענדיגער קול האט געפרעגט:

וולאדימיר סערגעאיטש אסטאכאוו איז אין דער היים? קען מען זיי זעהן?

וולאדימיר סערגעאיטש (אזוי האט מען גערופען דעם יונגען מאן

אין אויבער־ראָק) האָט אַ קוק געטהאָן פערוואונדערט אויף זיין דיענער, און שנעל שעפּצענדיג, ארויסגערעדט:

— געה, זעה, ווער איז דאָרט?

דער דיענער איז ארויס און צונעקלאַפּט הינטער זיך די אַלטע צובראָכענע טהיר.

— מעלד וואַלדימיר סערגעאיטש'ען — האָט זיך דערהערט דער זעלבער קוויטשעדיגער קול: — אַז זייער שכן איפּאַטאָוו וויל זיי זעהן, אויב דאָס וועט זיי ניט בעאונרוהיגען; און מיט מיר איז גע־קומען נאָך אַ שכן, איוואַן איליטש באָדריקאָוו, ער וויל אויך האָבען די עהרע זיי צו בעגריסען.

וואַלדימיר סערגעאיטש האָט זיך ניט ווילענדיג פערקרימט. פון דעסטוועגען, ווען דער דיענער איז אריין אין צימער, האָט ער געזאָגט צו איהם:

— בעט זיי אריין.

און ער איז אויפגעשטאַנען, אום אויפצונעהמען די געסט.

די טהיר האָט זיך געעפענט, און עס האָבען זיך בעוויזען די געסט. איינער פון זיי, אַ געזונדער גרויער אַלטינקער מיט אַ רונדען קעפּעל און ליכטיגע אויגלאַך, איז געגאַנגען פאָראויס; דער צווייטער, אַ הויכער, מאָגערער מאַנספּארשוין, פון אַ יאָהר פינף־און־דרייסיג, מיט אַ לאַנגען דונקעלען פּנים און צופּאַלטעטע האָאָר, איז געטראָטען, קאַטשענדיג זיך, פון הינטען.

דער אַלטער האָט געטראָגען אַ ריינעם, גרויען סורטוק, מיט גרויסע מוטערפּערעלנע קנעפּ; אַ ראָזאָווען האַלזטיכעל, האַלב אַ פערשטעלטען מיט'ן אָבגעלעגטען קראַגען פון זיין ווייסען העמד, האָט פריי ארומגעכאַפּט זיין האַלז; אויף די פיס האָט ער געטראָגען שטי־ווילעטען, עס האָבען זיך אָנגענעהם געמיניעט די קעסטלאַך פון זיינע שאָטלאַנדישע הויזען און, בכלל, האָט ער אין גאַנצען געמאַכט אַן אַנגענעהמען איינדרוק. דערפאַר האָט זיין חבר געמאַכט אַ ווענינגער אַנגענעהמען איינדרוק: יענער האָט געטראָגען אַ שוואַרצען פראַק, אַ פערשפּיעלעטען אויף אַלע קנעפּלאַך; זיינע הויזען, פון דיקען שוואַרצען טריקאָ, האָבען זיך צוגעפּאַסט צו דער פאַרב פון זיין פראַק; ניט אַרום דעם האַלז און ניט אַרום די הענד האָט זיך ניט געזעהן קיין ווייסע וועש.

דער אַלטער איז דער ערשטער צוגעגאַנגען צו וואָלאָדימיר סערגע־איטש'ען און פריינדליך פּערנויגט זיך פאר איהם, האָט ער גענומען ריידען מיט דעם אייגענעם דינינקען קול'כעל:

— איך האָב די עהרע פאָרצושטעלען זיך, — אייער נעהענסטער שכן און אפילו א שטיקעל קרוב אויך, מיכאילאָ ניקאָלאַיעוויטש אי־פּאַטאָוו. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט האָבען דאָס פערגעניגען מיט אייך בעקאַנט צו ווערען. איך האָף, אַז איך האָב אייך ניט בעאונ־רוהיגט.

וואָלאָדימיר סערגעאיטש האָט געענטפערט, אַז עס פרעהט איהם זעהר, אַז ער האָט שוין אַליין געוואָלט... אַז זיי האָבען איהם ניט בעאונרוהיגט. און האָט זיי געבעטען זיצען און טרינקען טהעע.

— און דיעזער אדעליגער — האָט ווייטער גערעדט דער אַל־טינקער, אויסהערענדיג מיט א פריינדליכען שמייכעל די אָפּגעכאַפּטע רייד פון וואָלאָדימיר סערגעאיטש'ען און אָנווייזענדיג מיט א האַנד אויף דעם העררן אין פראַק: — איז אויך אייערער א שכן... און מיינער א גוטער בעקאַנטער, איוואַן איליטש, ער האָט זעהר שטאַרק געוואָלט מיט אייך בעקאַנט ווערען.

דער העררן אין פראַק, נאָך וועמענס פּנים נאָך קיינער וואָלט זיך ניט געקענט אָנשטויסען, אַז ער האָט וועןן עס איז אין זיין לעבען עפּיס שטאַרק געוואָלט — אַזוי צוטראָגען און אין דער אייגענער צייט פערשלאָפען איז געוועזען זיין פּנים — דער דאָזיגער העררן אין פראַנק האָט זיך ניט זגראָבנע און פערשלאָפען פערנויגט. וואָלאָדימיר ניקאָ־לאַיעוויטש האָט זיך אויך פערנויגט און נאָך אַמאָל געבעטען זיי זיצען.

די געסט האָבען זיך געזעצט.

— עס פרעהט מיך זעהר — האָט אָנגעהויבען דער אַלטער, מאַ־כענדיג פריינדליך מיט די הענד, וועהרענד דער חבר זיינער האָט מיט א עטוואָס געעפענטען מויל גענומען בעטראַכטען דעם סופיט: — עס פרעהט מיך זעהר, וואָס ענדליך האָב איך די עהרע צו זעהן אייך פּערזענליך. כאָטש איהר אַליין וואוינט ווייט פון דאַנען, אין נאָר אַן אַנדער בעצירק, פון דעסטוועגען רעכענען מיר אייך, אַזוי צו זאָגען, פאַר אַן אונזעריגען, א היגען גוטסבעזיצער, הייסט עס.

— דאס איז פאר מיר א גרויסע עהרע — האט געענטפערט וולאַ־דימיר סערגעאיטש.

— א עהרע, צו ניט, אָבער אזוי איז דאָס. ענטשולדיגט, וולאַ־דימיר סערגעאיטש, מיר דאָ, אין אונזער דערפעל, זיינען איינפאַכע מענשען און פיהרען אַן איינפאַכען לעבען: מיר זאָגען, וואָס מיר מיי־נען אָן אַלע קונצען. ביי אונז איז דאָ אזוי איינגעפיהרט, אז אפילו אויף א געבורטס-טאָג איינער צום אנדער׳ן פאָהרען מיר ניט אנדערש, ווי אין סורטוקען. אויף מיין וואָרט! אין די אַרומיגע בעצירקען רופט מען אונז דערפאר די סורטוקניקעס און מען וואַרפט אונז אויף, אַז מיר קענען זיך כלומרשט ניט האַלטען, ווי שעהנע, עדעלע מענשען. נור אונז אַרט עס ניט! שטייטש, לעבען אין דאָרף — און זיך ניט מאַכען בעקוועם?

— געוויס, וואס קאָן זיין שעהנער און בעסער פון דער איינפאַכער האַלטונג אין דאָרף... — האט בעמערקט וולאַדימיר סערגעיאַיטש.

— און דאָך וואוינען דאָ, ביי אונז אויך קלוגע מענשען האָט גע־זאָגט דער אַלטינקער — מען קאָן זאָגען העכסט געבילדעטע, כאָטש זיי טראָגען ניט קיין פראַקען. אָט, למשל, אונזער היסטאָריקער, יעוו־סוקאָוו: פון קדמנים אָן פערנעהמט ער זיך מיט דער רוסישער היס־טאָריע, איז אויך בעוואוסט אין פעטערבורג, א זעהער געלעהרענטער מענש! ביי אונז אין שטאָדט געפינט זיך אָן אַלטע שוועדישע קאַ־נאָנע, איהר ווייסט... די וואָס שטעהט דאָרט אין מיטען סקווער?... איז ער האָט דאָך עס ענטדעקט. ווי דען! און אַנטאָן קאַרליטש צענט־לער... יענער פערנעהמט זיך מיט נאַטורוויסענשאַפטען: אייגענט־ליך, זאָגט מען, אַז די וויסענשאַפט איז גרינג פאַר אַלע דייטשען. ווען מען האָט ביי אונז מיט א יאָהר צעהן צוריק געכאַפּט א פערבלאָנ־דזשעטע גיענע, האָט דאָך דאָס טאַקע אַנטאָן קאַרליטש לויט דער בעזונדערער פאָרמע פון איהר עק ענטדעקט, אַז זי איז ווירקליך געווען א גיענע. אָט איז ביי אונז דאָ נאָך אַ גוטסבעזיצער, קאַבור־דין: יענער שרייבט אַלץ לייכטע אַרטיקלען, ער האָט א גאַנץ לעבע־דיגע פעדער און זיינע אַרטיקלען ווערען געדרוקט. באַדריאַקאָוו, ניט איוואַן איליטש, ניין! איוואַן איליטש מאַכט דערפון קיין וועזען ניט, אָבער דער אַנדערער באַדריאַקאָוו, סערגעי... איך האָב פער־

נעסען ווי מען רופט איהם נאָך'ן פאָטער נאָך, איוואַן אילאיטש . . . ווי רופט מען איהם?

— סערגעאיטש — האָט אונטערגעכאַפּט איוואַן איליטש.

— יא, סערגעי סערגעאיטש — יענע שרייבט געדיכטע. נו, געוויס, קיין פּושקין איז ער ניט, אָבער אמאָל וועט ער אייך אריינ־האַקען אזא געדיכט, אַז אפילו פּעטערסבורג וואָלט זיך מיט איהם ניט געשעהמט. ווייסט איהר, ער האָט אָנגעשריעבען אַן עפּיגראַם אויף אַגעי פאָמיטש איז דאָס געווען אַן אַנטיק.

— אויף וועלכען אַגעי פאָמיטש'ן?

— אַך, ענטשולדיגט, איך פאַרגעס אַלץ, אַז איהר זייט פאָרט ניט קיין היגער. אויף אונזער איספּראַווניק, מיין איך. און דער עפּיג־ראַם איז אויסגעקומען זעהר אַ קאָמישער. און פון דאמאָלט אָן, איז ווי נור עמיצער טרעפט זיך מיט'ן איספּראַווניק, אַזוי גלייך זאָגט ער איהם אָב אָט דעם דאָזיגען עפּיגראַם. און מיינט איהר, אַז אַגעי פאָמיטש איז דערפאַר אין כעס? ניין חלילה, עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. ביי אונז איז דאָס ניט אין דער מאָדע. אָט, איהר קאָנט אפילו פרעגען איוואַן איליטש'ען.

איוואַן איליטש האָט בלויז אַ דרעה געטהאָן מיט די אויגען.

— וואָס הייסט זיין אין כעס פאַר אַ שפּאַס, ווי אַזוי קאָן מען דאָס? אָט נעהמט, למשל, איוואַן איליטש'ן: איהם האָבען מיר גע־געבען אַ צונעהמעניש, „די שוואַכע נשמה," ווייל ער ווערט זעהר שנעל מרוצה אויף אַלסדינג. איז וואָס? מיינט איהר, ער בעליידיגט זיך? קיין מאָל אין לעבען ניט!

איוואַן איליטש, פינטלענדיג לאַנגזאַם מיט די אויגען, האָט אַ קוק געטהאָן פריהער אויף דעם אַלטען, דערנאָך אויף וולאַדימיר סער־געאיטש'ען.

דער נאָמען „שוואַכע נשמה" האָט זיך ווירקליך זעהר געפּאַסט צו איוואַן איליטש'ען. אין איהם איז ניט געווען קיין סימן פון וואָס מען רופט כאַראַקטער אָדער ווילען. יעדער איינציגער, ווער עס האָט נור געוואָלט, האָט איהם געקאָנט אוועקפיהרען מיט זיך, כאָטש אין עק וועלט; ער האָט נור געדאַרפט זאָגען: איוואַן איליטש, לאָמיר פאָהרען — און ער האָט שוין גענומען דאָס הימעל און היידא . . . און זאָל זיך אונטעררוקען אַ צווייטער און זאָגען: איוואַן איליטש,

בלייבט דאָ — און ער האָט דאָס היטעל אוועקגעלייגט און איז גע־בליבען. פון דער נאַטור איז ער געווען א רוהיגער און א שטילער, זיין גאַנץ לעבען האָט ער אָבגעלעבט אלס בחור, אין קאָרטען האָט ער ניט געשפּיעלט, נור האָט ליעב געהאַט צו זיצען נעבען די שפּיעלער און קוקען זיי, נאָך דער רייהע נאָך, אין פּנים אריין. ער האָט ניט געקענט לעבען אָהן געזעלשאַפט און די איינזאַמקייט האָט ער אייגפאַך ניט געקענט אריבערטראָגען; דאַן פלעגט אויף איהם אָנפאַלען א גרויסער אומעט; אָבער דאָס האָט מיט איהם זעהר זעלטען פּאַסירט. ער האָט געהאַט נאָך א בעזונדערע געוואוינהייט: אויפגעשטאַנען אין דער פריה פון בעט, האָט ער שטיל, פאַר זיך, געזונגען אַן אַלטען ראָמאַנס:

אמאָל האָט אין דאָרף געלעבט א באַראָן,

געלעבט מיט דער דאָרפישער פּראָסטקייט...

צוליעב דער דאָזיגער געוואוינהייט האָט מען איוואַן איליטש'ן אויך גערופען „שצור"; ווי בעוואוסט, זינגען די שצורעס בלויז איין מאָל אין טאָג — אין דער פריה. אָט אַזאַ סאָרט מענש איז געווען איוואַן איליטש באַדריאַקאָוו.

דער געשפּרעך צווישען איפּאַטאָוו'ן און וולאַדימיר סערגעאיטש'ן האָט אָנגעהאַלטען נאָך א לאַנגע צייט, אָבער ער האָט שוין געטראָגען דעם זעלבען כאַראַקטער. דער אַלטינקער האָט אויסגעפרעגט וולאַדי־מיר סערגעאיטש'ן וועגען זיין גוט, וועגען די דאַטשעס און וועגען די נייעסען, וואָס ער האָט אריינגעבראַכט, אָדער ער האָט נאָך אין זינען אריינצובריינגען אין זיינע גיטער. האָט איהם מיטגעטהיילט אייניגע פון זיינע אייגענע בעאָבאַכטונגען, האָט איהם געגעבען איי־ניגע עצות און אַזוי ווייטער. ענדליך, ווען ער האָט בעמערקט, אַז ביי וולאַדימיר סערגעאיטש'ען קלעפּען זיך די אויגען און קוים־קוים וואָס ער רעדט, איז דער אַלטינקער אויפגעשטאַנען און פערנוינענדיג זיך ליעבענסווירדיג, האָט ער ערקלעהרט, אַז ער וויל מיט זיין אָנוועז־זענהייט מעהר ניט שטערען דעם טהייערען גאַסט, אָבער אַז ער האָפט צו זעהן איהם מאָרגען ביי זיך, צו מיטאָג.

— און אין מיין דאָרף, — האָט ער צוגעזעצט — איז שוין ניט ריידענדיג, וואָס א קליין קינד, נור אפילו, מען קאָן זאָגען, א הוהן אָדער א באָבע וועט אייך ווייזען דעם וועג, מען דאַרף בלויז פרעגען אויף איפּאַטאָווקע. די פערד וועלען אליין אַהין לויפען.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט געענטפערט, אַז ער וועט זיך סטאַרען, אַז אויב קיין זאַך וועט ניט שטערען...

— ניין, מיר וועלען אייך אויף געוויס ערוואַרטען — האָט איהם דער אַלטיטשקער פריינדליך אונטערבראָכען, אַ דריק געטהאָן איהם די האַנד און איז שנעל ארויס, אויסשרייענדיג ביי דער טהיר: — גאָר אָהן צערעמאָניעס!...

די שוואַכע נשמה באַדריאַקאָוו האָט זיך שטיל פערנויגט און איז פערשוואונדען הינטער זיין חבר, נור ער האָט זיך שיעור ניט אויס־געגליטשט אויפ'ן שוועל.

בעגלייט די אונערוואַרטעטע געסט, האָט וולאַדימיר סערגעאיטש זיך גלייך אויסגעטהאָן, געלייגט אין בעט אריין און איז אנשלאָפען געוואָרען.

וולאַדימיר סערגעאיטש אסטאכאוו האָט געהערט צו יענעם סאָרט מענשען, וועלכע פּרובירענדיג זייערע קרעפטען אויף צוויי־דריי פער־שיעדענע געביטען, בעשליסען זיך ענדליך אַ קוק צו טהאָן אויף דאָס לעבען פון אַ פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, אוןווידמען זייער גאַנצע צייט אויף גרעסער צו מאַכען זייערע איינקיפטען. ער איז געוועזען ניט קיין נאַר, גאַנץ קאַרג און זעהר אויסגערעכענט, האָט געליעבט צו לעזען, געזעלשאַפט, מוזיק אָבער אַלעס מיט אַ מאָל... און געהאַלטען האָט ער זיך זעהר אַנשטענדיג. אַזעלכע יונגע לייט, ווי ער, זיינען אין דער לעצטער צייט געוואָרען אַ סך. ער איז געוועזען פון מיטעלען וואוקס, שעהן געבויט, געזיכטס שטריכען האט ער געהאַט אנגענעהמע, אָבער קליינע: זייער אויסדרוק האָט זיך קיין מאָל ניט געביטען; זיי־נע אויגען האָבען שטענדיג געקוקט מיט איין און דעם זעלבען טרו־קענעם און ליכטיגען בליק; בלויז צייטענווייז איז דער דאָזיגער בליק ווייכער געוואָרען פון אַ לייכטען אָבשיין צו פון בייזקייט, צו פון לאַנגווייליגקייט. ער האָט געהאַט פּרעכטיגע, בלאָנדע זיידענע האָאָר, וועלכע האָבען זיך געקרויזט אין לאַנגע לאָקען. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט פערמאָגט אַ גרויסען גוט, און ער האָט געטראַכט וועגען אַ שידוך טהאָן. הייראַטהען האט ער געוואָלט אויס ליעבע, אָבער אין דער אייגענער צייט זאָל עס זיך לוינען אויך. בעזאָנדערס האָט זיך איהם געוואָלט געפינען אַ ווייב, וואָס האָט גרויסע פערבינ־דונגען. ער האָט געדענקט, אַז ער אַליין האָט ניט גענוג פערבינדונ־

נען. מיט איינעם וואָרט, ער האָט כשר פערדיענט דעם נאָמען דזשענ־טעלמאַן, וואָס איז דאַן געהאַט אריין אין דער מאָדע.

אויפגעשטאַנען אויף מאָרגען, ווי געוועהנליך, גאַנץ פריה, האָט זיך אונזער דזשענטעלמאַן פערנומען מיט געשעפטען, און מען מוז צוגעבען, אַז זיינע געשעפטען האָט ער געפיהרט פּראַקטיש, מיט אַ טאַלק, וואָס מען קען ניט אַלע מאָל זאָגען וועגען די פּראַקטישע יונגע לייט אין רוסלאַנד.

ער האָט געדולדיג אויסגעהערט די ניט דרייסטע ביטעס און קלאַ־געס פון די פּויערים, האָט זיי ווי ווייט מעגליך צופריעדען געשטעלט, האָט געמאַכט שלום צווישען די קרובים, וועלכע האָבען זיך געהאַל־טען אין איין קריעגען און ארומרייסען; אייניגע פון זיי האָט ער אויס־געזידלט, אויף אַנדערע אָנגעשריען, האָט דורכגעקוקט דעם בעריכט פונ'ם זעמסקען, האָט אויסגעפונען צוויי־דריי שווינדלערייען פונ'ם סטאַראָסטאַ, מיט איינעם וואָרט — ער האָט געהאַנדעלט אזוי, אַז אי ער אליין איז געבליבען מיט זיך צופריעדען, אי די פּויערים צוריק־קעהרענדיג פון דער פערזאַמלונג צו זייערע הויפען, האָבען וועגען איהם געהאַט אַ גוטען מיינונג.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט נעכטען געגעבען איפּאַ־טאַוו'ן אַ וואָרט צו קומען צו איהם, האָט וולאַדימיר סערגעיאיטש געהאַט בעשלאָסען צו בלייבען אין דער היים צום מיטאָג און האָט שוין אפילו בעשטעלט ביי זיין קאָך דעם געליעבטען רייז־סופּ; נור פּלוצים, אפשר דערפאר, וואָס ער האָט זיך פון אין דער פריה אַזוי געפיהלט אזוי גוט און צופריעדען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין מי־טען צימער, אַ קלאַפּ געטהאָן זיך מיט'ן האַנד איבער'ן שטערען און אויסגעשריען אין דער הויך: „לאָמיר טאקע אריבערפאָהרען צו דעם אַלטען בעל דברן!

געזאָגט און געטהאָן: אין אַ האַלב שעה אַרום איז ער שוין געזע־סען אין זיין נייער קאַרעטקע, איינגעשפּאַנט מיט פיער גוטע פּויערשע פערדלאַך, און איז געפאָהרען אין איפּאַטאָווקע, וועלכע האָט זיך גע־פונען אַ וויאָרסט צוועלף פון דאַנען.

---

## II.

דער גוט פון מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש איפּאַטאָוו׳ן איז בעשטאַנען פון צוויי בעזונדערע פּריצישע הייזלאך, אויסגעבויטע איינס אנטקעגען אנדער׳ן אויףביידע זייטען פון א גרויסען לויפענדען טייך. א לאַנגער דאַם, ארומגערינגעלט מיט בעזילבערטע פּאַפּעל־בוימער, האט פערהאַלטען דעם שטראָם; כמעט אין דער זעלבער הויך מיט׳ן דאַם האָט זיך געזעהן דער רויטער דאך פון א מיהל. ביידע הייזלאך, אויסגעבויטע אויף דעם אייגענעם שטייגער און אויסגעפּארבט מיט דער זעלבער לילאָווער פּארב, האָבען עפּעס, דאכט זיך, ווי געוואונקען איינס צום אנדערען איבער׳ן גלאַטען, קלאָהרען וואַסער, מיט די בליסטשענדיגע שויבען פון זייערע קליינע, ריינע פענסטער. אין מיטען פון יעדען הייזעל האָט זיך ארויסגערוקט א רונדע טערראַסע און פיער וויי־סע קאָלאָנעס האָבען אונטערגעהאַלטען דעם פראָנט פון די הייזלאך. ארום דעם גאַנצען טייך האָט זיך געצווייגען אן אַלטער גאָרטען: לינדען־בוימער האָבען זיך איבער איהם געצווייגען אין אַלעעס און זיינען געשטאַנען גאַנצע קופּעס; אַלטע סאָסנעס מיט בלאַס־געלע שטאַמען, דונקעלע דעמבעס, פּרעכטיגע עשענבוימער האָבען דאָ און דאָרט הויך אויפגעהויבען זייערע איינזאַמע שפּיצען. די געדיכטע גרינס פון די פּור־נאַנדערגעוואַקסענע סירען און אַקאַציען־בוימער, איז דערגאַנגען כמעט צו די זייטען פון ביידע הייזלאך, לאָזענדיג פריי בלויז די פאַ־דערשטע טהיילען זייערע, פון וועלכע עס זיינען געלאָפען געדרעהטע וועגעלאך, אויסגעלעגטע מיט ציגעל.

קאָלירטע ענטלאך, ווייסע און גרויע גענז זיינען אין בעזונדערע סטאַיעס ארומגעשוואומען איבער׳ן קלאָהרען וואסער פונ׳ם טייך. דער טייך איז קיין מאָל ניט פערוואַקסען געוואָרען, א דאַנק די פיעלע קוואַלען, וואָס האָבען איהם געשלאָגען אין „קאָפּ״ אריין פון א געוויסען געדרעהטען שטיינערנעם שלוכט. די אומגעגענד ארום גוט איז געווען שעהן, איינלאַדענד און איינזאַם.

אין איינעם פון די צוויי קליינע הייזלאך האָט געוואוינט מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש אליין; אין צווייטען — האָט געוואוינט זיין מוטער, א שוואַכע אַלטינקע פון א יאָהר זיבעציג. ארויפגעפאָהרען אויפ׳ן דאַם,

האָט וולאַדימער סערגעאיטש ניט געוואוסט, צו וועלכער הייזעל ער זאָל זיך ווענדען. ער האָט זיך ארומגעקוקט — אַ קליין אינגעל האָט געכאַפּט פיש, שטעהענדיג אַ באָרוועסער אויף אַ האַלב פערפוילטע קלאָץ. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט איהם אַ רוף געטהאָן.

— צו וועמען דאַרפט איהר, צו דער אַלטער פּריצה'טע, אָדער צום יונגען פּריץ? — האָט געפרעגט דאָס אינגעל, ניט אראָבנעהמענדיג די אויגען פון זיין נעץ.

— צו וואָס פאַר אַ פּריצה'טע? — האָט געענטפערט וולאַדימיר סערגעיאיטש — איך דאַרף צו מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש'ען.

— אַה! צום יונגען פּריץ? נו, טאָ נעהמט זיך רעכטס.

און דאָס אינגעל האָט אַ ציה געטהאָן זיין נעץ און ארויסגעשלעפּט פון דעם שטילען וואסער אַ קליינעם בעזילבערטען קאַראַש. וולאַדימיר סערגעאיטש איז אוועק רעכטס.

מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש האָט געשפּיעלט אין דאָמינאָ מיט דער שוואַכער נשמה, בעת מען האָט איהם געמעלדעט וועגען וולאַדימיר סערגעאיטש'עס בעזוך. ער האָט זיך זעהר דערפרעהט, איז אויפגעשפּרונגען פונ'ם פאָטעל, ארויסגעלאָפען אין פיהר־הויז און דאָרט האָט ער זיך דריי מאָל מיט איהם צוקושט.

— איהר טרעפט מיך מיט מיין שטענדיגען חבר, וולאַדימיר סערגעאיטש — האָט גענומען ריידען דער ריידעוודיגער אַלטינקער — מיט איוואַן איליטש'ען, וועלכער איז גאָר ענטציקט פון אייער בעזעהמען זיך. (איוואַן איליטש האָט שוויינענדיג אַ קוק געטהאָן אין ווינקעל) ער איז געוועזן אַזוי פריינדליך און געבליבען שפּיעלען מיט מיר אַ קאָן דאָמינאָ, און מיינע זיינען אַלע אוועק שפּאַציערען אין גאָרטען; אָבער איך וועל גלייך שיקען נאָך זיי...

— אָבער צו־וואָס זאָלט איהר זיי בעאונרוהיגען, — האָט געהאַט אָנגעהויבען וולאַדימיר סערגעאיטש...

— אַך, וואָס רעדט איהר, גאָט איז מיט אייך, וואָס איז דאָרט פאַר אַ בעאונרוהיגען: וואַנקע! טהו אַ לאָף נאָך די פרייליינס... זאָג זיי, אַז אַ גאַסט איז געקומען. און ווי געפעהלט אייך די היגע געגענד, שעהן, ניט אמת? קאָבורדין האָט וועגען איהר געמאַכט אַ שיר. „איפּאַטאַווקאַ איז אַן אָרט, אַ פריינדליכער", אָט אַזוי הויבט זיך אָן — ווייטער איז אויך שעהן, נור אין גאַנצען געדענק איך עס ניט.

דער גארטען איז זעהר א גרויסער, — דאס איז א צרה: ניט נאך מיינע מיטלען. און די דאזיגע צוויי הייזלאך, וועלכע זיינען אזוי עהנליך איינס צום צווייטען, זיינען געבויט געווארען פון צוויי ברידער, מיין פאטער ניקאלאי און מיין פעטער סערגעי; זיי ביידע האבען דאס דעם דאזיגען גארטען אויך פערזעצט; זיינען געווען גרויסע גוטע פריינד...

אין דער היים האט זיך דער אלטער געהאלטען נאך פרייער ווי אין דער פרעמד און איז געווען זעהר ריידעוודיג.

— איהר ווייסט דאך מסתמא, וולאדימיר סערגייאיטש, אז איך בין אן אלמן, האב פערלארען מיין פרוי; די עלטערע קינדער דיענען אין רעגיערונגס־אנשטאלטען, און מיט מיר געפינען זיך בלויז צוויי קלענערע און א שוועגערין, דער ווייב׳ס א שוועסטער, אט איהר וועט זיי באלד זעהן. אבער וואס שטעה איך, און בין אייך ניט מכבד מיט קיין זאך? איוואן איליטש, געה ברודער׳ל, און זעה עפעס דארט וועגען צובייסען... וואס פאר א שנאפס ליעבט איהר בעסער?

— ביז מיטאג טרינק איך גאר ניט.

— וואס רעדט איהר? ווי איז דאס מעגליך! אבער, טהוט, ווי איהר ווילט. דעם גאסט די פרייהייט, דעם גאסט די עהרע. ביי אונז פיהרט זיך אלעס פראסט און איינפאך. דא ביי אונז איז ניט נור אן אבגעלעגענער דערפעל, נור א שטיל ווינקעל, ווירקליך, א שטיל פער־ווארפען, איינזאמער ווינקעל — אט וואס! אבער וואס זיצט איהר ניט?

וולאדימיר סערגעאיטש האט זיך געזעצט האלטענדיג די הוט אין די הענד.

— ערלויבט מיר אייך גרינגער צו מאכען — האט ארויסגערעדט איפאטאוו, און צונעהמענדיג ביי איהם די הוט, האט ער זי אבגעטראגען אין א ווינקעל, האט זיך צוריקגעקעהרט און א קוק געטהאן דעם גאסט אין די אויגען אריין מיט א פריינדליכען שמייכעל. ניט וויסענדיג וואס אזוינס צו זאגען, אז עס זאל זיין אנגענעהם פאר׳ן גאסט, האט ער אויף א זעהר פריינדליכען אופן געפרעגט, אויב ער ליעבט צו שפיעלען אין דאמינא?

— איך שפיעל שלעכט אין אלע שפיעלען — האט געענטפערט וולאדימיר סערגעאיטש.

— דאָס איז טאַקע זעהר שעהן פון אייער זייט — האָט געזאָגט איפּאַטאָוו — נור דאָמינאָ איז גאָר ניט קיין שפּיעל, עס איז זיך גלאַט אַזוי אַ צייט־פערטרייב, ווען מען האָט ניט וואָס צו טהאָן; ניט אמת, איוואַן איליטש?

איוואַן איליטש האָט אַ קוק געטהאָן אויף איפּאַטאָוו'ן מיט אַ גלייכגילטיגען בליק, ווי ער וואָלט ביי זיך געטראַכט: — ווייס דאָס דער טייפעל צו דאָס איז אַ שפּיעל צו אַ צייט־פערטרייב?" נור אין אַ ווייל'ע אַרום האָט ער אַרויסגערעדט:

— יאָ; דאָמינאָ — איז נישקשה.

— אָט מען זאָגט, אַז שאַך איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך — האָט ווייטער גערעדט איפּאַטאָוו — מען זאָגט, אַז דאָס איז זעהר אַ שווע־רע שפּיעל. נור איך דענק... אָבער, אָט געהען שוין מיינע לייט! — האָט ער זיך אַליין אונטערבראָכען, אַ קוק טהאָנדיג אויף דער האַלב אָפענער גלעזערנער טהיר, וואָס איז אַרויסגעקומען אין גאָרטען.

וולאַדימיר סערגעאיטש איז אויפגעשטאַנען, אומגעקעהרט זיך און צוערשט דערזעהן צוויי קליינע מיידלאַך פון אַ יאָהר צעהן אין ראָזאָווע ציצענע קליידלאַך און גרויסע היטעלאַך, לויפענדיג שנעל אַי־בער די טרעפּ פון טעראַסע; באַלד נאָך זיי האָט זיך בעוויזען אַ מיידעל פון אַ יאָהר צוואַנציג, אַ הויכע, אַ פולע, אַ גראַציעזע, אין אַ דונקעלען קלייד. זיי זיינען אַלע אריין אין צימער, די מיידלאַך האָבען פאַר'ן גאַסט געמאַכט אַ העפליכען קניקס.

— אָט, איך וועל אייך פאָרשטעלען — האָט געזאָגט דער בעל הבית מיינע טעכטערלאַך. אָט די רופט מען קאַטיא און אָט די אַנדע־רע נאַסטיא, און דאָס איז מיין שוועגערין, מאַריא פּאַוולאָוונאַ, וועגען וועלכער איך האָב שוין געהאַט דאָס פערגעניגען מיט אייך צו ריי־דען.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך פערנויגט פאַר מאַריא פּאַוו־לאָוונאַ'ן, זי האָט איהם געענטפערט מיט אַ לייכטען נויג מיט'ן קאָפּ.

מאַריא פּאַוולאָוונאַ האָט געהאַלטען אין האַנד אַ גרויסען אָפע־נעם מעסער; איהרע געדיכטע בלאָנדע האָאָר זיינען געווען אַביסעל צו־וואָרפען, אַ קליינע גרינע בלעטעל האָט זיך אין זיי פערפּלאָנטערט, דער צאָפּ האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון אונטער'ן קאַם, דער דונקעלער פּנים האָט זיך פעררויטיגט און די רויטע ליפּען האָבען זיך האַלב

געעפענט; איהר קלייד האָט אויסגעזעהן צוקנייטשט. זי האָט געאָט־
העמט שנעל; איהרע אויגען האָבען געבלישטשעט; עס איז קאַנטיק
געווען, אז זי האָט געאַרבייט אינ'ם גאָרטען. זי איז גלייך ארויס פון
צימער; די מיידעלאך נאָך איהר.

— זי וועט ברייגגען איהר טואלעט אביסעל אין אָרדנונג —
האָט בעמערקט דער אַלטער, ווענדענדיג זיך צו וואָלאָדימיר סערגע־
איטש'ן — אָהן דעם קען מען ניט.

וואָלאָדימיר סערגעאיטש האָט אויסגעשצירעט די צייהן אַלס אַן
ענטפער און האָט זיך לייכט פערטראַכט. מאַריא פּאַוולאָוונאַ האָט איהם
איבערראשט. ער האָט שוין לאַנג, לאַנג ניט געזעהן אזא אמת רוסישע,
אזא דאָרפישע שעהנהייט. זי האָט זיך שנעל צוריקגעקעהרט, זיך גע־
זעצט אויף דער זאָפע און געבליבען אונבעוועגליך. איהרע האָאָר האָט
זי פעררירכט, אָבער דאָס קלייד האָט זי ניט איבערגעביטען, און האָט
אפילו קיין מאַנזשעטען ניט אָנגעטהאָן. איהרע געזיכטסציגע האָבען
אויסגעדריקט ניט אזוי פיעל שטאָלץ ווי א מין הארטקייט, כמעט
גראָבקייט; איהר שטערען איז געווען ברייט און נידעריג, די נאָז קורץ
און גלייך; איהרע ליפּען האבען זיך צייטענווייז פערקרימט אין א
פוילען און לאַנגזאַמען שפּאָטישען שמייכעל; מיט פעראַכטונג האָבען
זיך געכמורעט איהרע גלייכע ברעמען. זי האָט כמעט שטענדיג גע־
האַלטען איהרע גרויסע דונקעלע אויגען אַרונטערגעלאָזט. „איך וויים,
האָט, דאכט זיך, גערעדט איהר ניט פריינדליכער יונגער פּנים:
איך וויים, אַז איהר אַלע קוקט אויף מיר, נעהמט פון מיר די אויגען
ניט אַראָב; נו, טאָ קוקט; אָבער איהר האָט מיר דערעסען!" ווען אָבער
זי האָט איהרע אויגען אויפגעהויבען, איז אין זיי געווען עטוואָס וויל־
דעס, שעהנעס און טעמפּעס, וואָס האָט דערמאָהנט אָן דעם בליק
פון א הירש. געבויט איז זי געווען פּראַכטפאָל. א קלאַסישער פּאָעט
וואָלט זי פערגליכען מיט די אמאָליגע געטינען, מיט צערערא אָדער
יונאָנאַ'ן.

— וואָס האָט איהר געטהאָן אין גאָרטען? — האָט געפרעגט
איפּאַטוו ווענדענדיג זי אריינציהענדיג אין א געשפּרעך.

— מיר האָבען געשניטען די טרוקענע צווייגלאך און געגראָבען
בעעטען — האָט זי געענטפערט מיט א שטילען, אָבער אַנגענעהמען
און קלינגענדען קול.

— נו, זייט איהר מיעד?

— די קינדער זיינען מיעד; איך ניט.

— איך ווייס — האָט בעמערקט מיט אַ שמייכעל דער אַלטער — דו ביזט ביי מיר אַן אמת'ע ארבייטערין! און ביי דער באָבען זייט איהר געווען?

— געווען; זי שלאָפט.

— איהר ליעבט בלומען — האָט זי געפרעגט וולאַדימיר סערגעאיטש.

— יאָ, איך ליעב.

— פאַרוואָס טהוסטו ניט אָן קיין הוט, ווען דו געהסט ארויס? — האָט געזאָגט איפּאטאָוו — זעה, ווי דו האָסט זיך פעררויטיגט און אָבגעבערענט.

זי האָט שווייגענדיג אַ פיהר געטהאָן מיט אַ האנד איבער'ן פּנים. איהרע הענד זיינען געווען ניט גרויס, נור עטוואָס צו ברייט און גאַנץ רויט. זי האָט ניט געטראָגען קיין האַנדשוה.

— און איהר האָט ליעב אויפצופּאַסען אויפ'ן גאָרטען? — האָט זי ווידער געפרעגט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— יאָ.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט איהר גענומען דערצעהלען, וואס פאַר אַ פּרעכטיגער גאָרטען עס געפינט זיך ביי זיין שכן נ. — דער הויפּט גערטנער, אַ דייטש, קריעגט דאָרט געהאַלט צוויי טויזענד זילבערנע רובעל. — האָט ער געזאָגט צווישען אַנדערעס.

און ווי רופט מען יענעם גערטנער? — האָט פּלוצים געפרעגט איוואַן איליטש.

איך געדענק ניט, דאַכט זיך, מעיער אָדער מילער. וואָרום פרעגט איהר?

— אַזוי — האָט געענטפערט איוואַן איליטש — ס'איז גוט צו וויסען.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט ווייטער דערצעהלט. מיכאיל ניקאָלאַיטש'עס מיידלאַך זיינען שטיל אריינגעקומען, זיך געזעצט און גענומען שטיל צוהערען זיך...

אַ דיענער האָט זיך בעוויזען אין דער טהיר און געמעלדעט, אַז יעגאָר קאַפּיטאָניטש איז געקומען צו פאָהרען.

— הא! בעט אריין, בעט אריין! — האָט אַ געשריי געטהאָן איפּאטאָוו.

עס איז אריין אַן אַלטינקער, אַ נידעריגער און אַ גראָבינקער, פון יענעם סאָרט מענשען, וועלכע מען רופט קורצע אָדער בלייפעדערס, מיט אַ פולינקען און אין דער אייגענער צייט צוקנייטשטען פּנים'ל, ווי אַ געבאַקענער עפּעל. ער האט געטראָגען אַ גרויע וועגגערקע מיט שוואַרצע שנירלאַך, אַ שטעהענדיגען קראַגען, און ברייטע, געשטרייפּ־טע הויזען, פון קאַפע קאָליר.

— וואס מאַכט איהר, מיין פערעהרטעסטער יעגאָר קאַפּיטאָ־ניטש? — האָט אויסגערופען איפּאטאָוו, געהענדיג איהם אנטקעגען:

— מיר האָבען זיך שוין לאַנג מיט אייך ניט געזעהן.

— וואָס זאָל מען טהאָן — האָט געענטפערט יעגאָר קאַפּיטאָ־ניטש, אונטער דער נאָז און מיט אַ וויינענדיגען קול, זיך אַפריהער בעגריסענדיג מיט אַלע אָנוועזענדע: — איהר ווייסט דאָך, מיכאיל ני־קאָלאַיטש, איך בין דען אַ פרייער מענש?

— און פאַרוואָס זייט איהר דאָס ניט קיין פרייער מענש, יעגאָר קאַפּיטאָניטש?

וואָס רעדט איהר, מיכאַאיל ניקאָלאיטש; איך האָב דאָך עפּעס אַ פאַמיליע, געשעפטען . . . און דאָ איז נאָך מאַטרענאַ מאַרקאָווּנאַ.

און ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האַנד.

— וואָס אַזוינס איז מיט מאַטרענאַ מאַרקאָווּנאַ?

און איפּאטאָוו האָט לייכט אַ ווינק געטהאָן צו וולאַדימיר סער־געאיטש'ען, ווי ער וואָלט וועלען צוציהען זיין אויפמערקזאַמקייט.

— עס איז שוין אַ בעוואוסטע זאַך — האָט געענטפערט יעגאָר קאַפּיטאָניטש, זעצענדיג זיך: — איהר ווייסט דען ניט? זי איז אַלץ מיט מיר ניט צופריעדען. וואָס איך זאָל ניט זאָגען, איז אַלץ ניט אַזוי ווי מען דאַרף, ניט עדעל גענוג, ניט אַנשטענדיג. און פאַר־וואָס איז ניט אַנשטענדיג, ווייס איין גאָט אין הימעל! און די פריי־ליינס, דאָס הייסט די טעכטער מיינע, נעהמען זיך אויך אַראָב אַ מוסטער פון דער מאַמען. איך רייד גאָרנישט: מאַטרענאַ מאַרקאָוו־נאַ איז די בעסטע פרוי אין דער וועלט, אָבער צו די מאַניערען איז זי שוין אַביסעל צו שטרענג.

— אָבער וואָס פעהלט אייערע מאַניערען, יעגאָר קאַפּיטאָניטש, גאָט איז מיט אייך?

— איך אליין דענק אויך אזוי, אָבער קאָנטיג, איהר איז שווער צופריעדען צו שטעלען. נעכטען, למשל, זאָג איך ביים טיש: מאַטרענא מארקאָוונא (און יעגאָר קאַפּיטאַניטש האָט צוגעגעבען זיין קול זעהר א זיסען איינשמייכלענדיגען אויסדרוק) מאַטרענא מאַרקאָוונא, זאָג איך, וואס טהוט זיך דאס, אלדאָשקא גיט גאָרניט אכטונג אויף די פערד, פאָהרען קען ער ניט, זאָג איך; דעם וואָנעם פערד האָט ער אין גאַנצען צוטרייסעלט. נו, נו, איז מאַטרענא מאַרקאָוונא געוואָרען אַן אָנגעצונדענע און גענומען מיך פערשעהמען: שטייטש, זאָגט זי, אויסדריקען זיך עדעל אין דער געזעלשאַפט פון דאַמען קענסטו ניט! די פריילענס זיינען גלייך אויפגעשפּרונגען פון׳ם טיש, און אויפ׳ן צווייטען טאָג האָבען זיי גלייך דערטראָגען די בירולעווסקע פריילינס, מיין ווייב׳ס פלימעניצעס הייסט עס. ווי נור עפּעס, גלייך מוזען זיי אַלעס וויסען. און זאָגט מיר אדרבה, מיט וואָס האָב איך דאָס זיך אזוי שלעכט אויסגעדריקט? טהוט נור א טראַכט. און וואָס איך זאָל ניט זאָגען, אמת, אמאָל טרעפט טאַקע אז מען זאָגט עפּעס ארוים אונפּאַרזיכטיג איבערהויפּט נאָך אין דער היים — איז גלייך אויף מאָרגען, וויסען עס שוין די בירולעווסקע פריילינס. דו ווייסט איינפאַך ניט וואָס צו טהאָן. אמאָל זיץ איך מיר אזוי און טראַכט מיר אויף מיין שטייגער. איך — איהר ווייסט דאָך מסתמא — איך אָטהעם שווער. נו, נעהמט זיך מאַטרענא מאַרקאָוונא ווידער צו מיינע יאָהרען און נעהמט מיך פערשעהמען: סאָפּע ניט, זאָגט זי, ווער סאָפּעט עס היינטיגע צייטען? וואָס זידעלסטו זיך, זאָג איך, מאַטרענא מאַרקאָוונא מען דאַרף רחמנות האָבען, און דו זידעלסט זיך! איצט טראַכט איך שוין גאָרניט אין דער היים. זיץ און קוק נור אויף דער ערד. ביי גאָט. און אַנומעלט עפּעס איין מאָל לייגען מיר זיך שלאָפען: מאַטרענא מאַרקאָוונא, זאָג איך, וואס האָסטו עפּעס אזוי צולאָזען דיין קליין קאָזאַקעל, ער זאָג איך, ווייל דאָך אפילו לכבוד זונטאַג, זאָג איך, דעם פּנים ניט אָבוואַשען, אזא חזיר. איז וואָס מיינט איהר? דאַכט זיך אזוי שעהן, אזוי צאַרט אויסגעדריקט זיך, און פאָרט ניט פּאַטראָפּעט! ווידער האָט מאַטרענא מאַרקאָוונא גענומען מיך פערשעהמען: קענסט ניט, זאָגט זי, האַלטען זיך ווי א מענש אין דער געזעלשאַפט פון דאַ-

מען; און אויף דעם צווייטען טאָג ווייסען שוין די בירולעווער פריילענס פון אַלסדינג. וואו קאָן מען שוין דאָרט האבען אין זינען ארויסצופאָהרען, מיכאאיל ניקאָלאאיטש.

— דאָס וואָס איהר דערצעהלט, וואונדערט מיך זעהר — האָט געענטפערט איפּאטאָוו — איך האָב דאָס ניט ערוואַרט פון מאטרענא מארקאָוונא; זי איז דאכט זיך...

— די בעסטע פרוי אין דער וועלט — האט אונטערגעכאפּט יענאָר קאַפּיטאָניטש — מען קאָן זאָגען, אַ מוסטער פון אַ פרוי. און אַ מוטער, מעהר ניט, צו די מאַניערען איז זי אַביסעל צו שטרענג. זי זאָגט, אַז אין אַלסדינג דאַרף זיין אַן אַנסאַמבעל און, אַז ביי מיר, הייסט עס, פעהלט ער. איהר ווייסט דאָך, קיין פראַנצויזיש ריידען קען איך ניט, אַזוי אַביסעל פערשטעה איך. אָבער וואָס איז דאָרט פאַר אַן אַנסאַמבעל אַזעלכעס, וואָס מיר פעהלט?

איפּאטאָוו, וועלכער איז אַליין ניט געוועזען גאָר שטאַרק אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, האָט נור אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען.

— און וואָס איז עפּעס מיט אייערע קינדער, איך מיין מיט אייערע זיהן? — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט ביי יעגאָר קאַפּיטאָניטש'ען.

יעגאָר קאַפּיטאָניטש האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם פון דער זייט.

— וואָס זאָל זיין מיט די זיהן? גאָרנישט. איך בין מיט זיי צופריעדען. די פריילייגס, זעהט איהר, יענע זיינען אין גאַנצען ארויס פון מיין רשות, אָבער מיט די זיהן בין איך צופריעדען. ליאַליא האָט אַ גוטע שטעלע און די פּאָרטגעזעצטע זיינען מיט איהם זעהר צופריעדען; ליאַליא איז ביי מיר אַ וואויל קינד. נו, מיכעץ — יענער איז שוין ניט אַזוי: פון איהם איז געוואָרען עפּעס אַ פילאַנטראָפּ.

— פאַרוואָס עפּעס אַ פילאַנטראָפּ?

— נאָט ווייסט איהם, מיט קיינעם רעדט ער ניט, אַנטלויפט פון מענשען. מאטרענא מארקאָוונא האלט איהם אויך אין איין פאַרשעהמען. וואָס, זאָגט זי, נעהמסט זיך אַ ביישפּיעל פון דיין טאַטען? דו האָב פאַר איהם דרך ארץ, אָבער אַ ביישפּיעל נעהם זיך אַראָב פון דיין מאַמען, מאַניערען לעהרען זיך ביי מיר. אבער עס מאכט ניט, ער וועט עלטער ווערען, וועט ער אויך ווערען אַ מענש.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט געבעטען איפּאַטאָוו׳ן, ער זאָל איהם בעקאַנט מאַכען מיט יעגאָר קאַפּיטאָניטש׳ען. צווישען זיי האָט זיך פערפיהרט א שמועס. מאַריא פּאַוולאָוונאַ האָט אין איהם קיין איינ־טהייל ניט גענומען; איוואַן איליטש איז צו איהר צוגעאַנגען, אָבער יענער האָט איהר אויך געזאָגט בלויז א פּאָאַר ווערטער; די מיידלאַך זיינען צו איהם צוגעאַנגען און האָבען איהם אין דער שטיל גענומען עפּעס דערצעהלען.

עס איז אריין די אויפזועהערין, א מאָגערע אַלטע מיט א דונקע־לען טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, און געמעלדעט, אז עס איז פאַרטיג מיטאָג. אַלע זיינען אוועק אין עס־צימער.

דער מיטאָג האָט געדויערט א היבשע צייט. אפּאַטאָוו האָט גע־האַלטען א גוטען קאָך און האָט אויסגעשריעבען גוטע וויינען אפילו ניט פון מאָסקווע גופא, נור פון א דערבייאיגער שטאָדט.

איפּאַטאָוו האָט געלעבט וואָס מען רופט, פאַר זיין אייגענעם פער־געניגען וועגען, לייב־איינגענע האָט ער געהאַט ניט מעהר, ווי דריי הונ־דערט מענשען אָבער אויף זיין גוט איז ער קיינעם ניט שולדיגע געוועזן און האָט אַלעם געהאַלטען אין אָרדנונג.

ביים טיש האָט אַם מעהרסטען גערעדט דער בעל הבית אליין; יעגאָר קאַפּיטאָניטש האָט איהם אויפמערקזאַם אויסגעהערט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער ניט פערגעסען אָן זיך אויך האָט גע־געסען און געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

מאַריא פּאַוולאָוונאַ האָט אַלץ געשוויגען, נור זעלטען ווען ענט־פערענדיג מיט א האַלבען שמייכעל אויף די שנעלע רייד פוןביידע מיידלאַך, וועלכע זיינען געזעסען נעבען איהר פון ביידע זייטען, זיי האָבען, קענטיג, זי שטאַרק ליעב געהאַט; עטליכע מאָל האָט וולאַדי־מיר סערגעאיטש געפּרובט זי אריינציהען אין א געשפּרעך, אָבער אָהן ערפאָלג. די שוואַכע נשמה באַדריאַקאָוו האָט אפילו געגעסען אויך פויל און פערשלאָפען. נאָך מיטאָג זיינען אַלע אוועק אויף די טעראַסע, טרינקען קאַפּע.

דאָס וועטער איז געוועזן פּראַכטפאָל; פון גאָרטען האָט זיך גע־טראָגען א זיסער גערוך פון לינדען־בוימער, וועלכע האָבען דאַן געהאַל־טען אין רעכטען מיטען בליהען: די זומערדיגע לופט, אביסעל אָן אָבגעקיהלטע פון דעם געדיכטען שאָטען פון די בוימער און דער פייכט־

קייט פון דעם נאָהענטען טייך, האָט געאָטהעמט מיט עפּעס א לאָס־טשענדיגער ווארעמקייט.

פלוצים האָט זיך הינטער די פּאַפּעל־בוימער נעבען דאָס דער־הערט א טופּערייַ פון א פערד, און אין אן אויגענבליק ארום האָט זיך בעוויזען א רייטערין אין א לאַנגען רייט־קלייד און א רונדער גרויער הוט אויף א ברוינעם פערד; זי איז געפאָהרען אין גאַלאָפּ; א קליין קאָזאקעל איז געשפּרונגען הינטער איהר אויף א קליין וויים פער־דעל.

— אה! — האָט א געשריי געטהאָן איפּאַטאָוו — נאַדעזשדא אלעקסעיעוונא פאָהרט אהער — אָט דאָס איז אן אנגענעהמער סורפּריז.

— אליין? — האָט געפרעגט מאריא פּאוולאָוונא, וועלכע איז ביז אהער געשטאַנען אונבעוועגליך ביי דער טהיר.

— אליין... פּיאָטער אלעקסעאיטש'ען האָט הפנים עפּעס פאר־האלטען.

מאריא פּאוולאָוונא האָט א קוק געטהאָן פון דער זייט, א רויטע פארב האָט זיך צוגאָסען איבער איהר גאַנצען פּנים, זי האָט זיך אָב־געקעהרט.

דערווייל איז די רייטערין אריינגעפאָהרען דורך דער גאָרטען־טירעל אין גאָרטען אריין, איז צוגעפאָהרען צום גאַנעק און לייכט אראָבגעשפּרונגען אויף דער ערד, ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף איהר קאזאקעל, און ניט אויף איפּאַטאָוו'ן, וועלכער האָט זיך געהאָט אויפ־געהויבען איהר אַנטקעגען. פלינק אויפגעהויבען די שלעפּע פון איהר רייט קלייד, איז זי ארויפגעלאָפען אויף די טרעפּ, און ארויפשפּרינג־גענדיג אויפ'ן גאַנעק, האט זי פרעהליך א געשריי געטהאָן:

— אָט בין איך אויך!

— א גוטער גאַסט! — האָט ארויסגערעדט איפּאַטאָוו — אָט דאָס הייסט אונערוואַרטעט, דאָס איז שעהן פון אייך! ערלויבט מיר א קוש טהאָן אייער הענטעלע...

— נאָט — האָט געענטפערט דער גאַסט — אָבער אפריהער ציהט אראָב די האַנדשוה — איך קען ניט. און, אויסציהענדיג צו איהם די האַנד, האָט זי א מאך געטהאָן מיט'ן קאָפּ צו מאריא פּאוולאָוונא'ן.

— מאשא, שטעל זיך פאָר, דער ברודער וועט היינט דאָ ניט זיין — האָט זי געזאָגט מיט א לייכטען זיפץ.

— איך זעה שוין אזוי אויך, אז ער איז נישטאָ — האָט שטיל געענטפערט מאריא פאוולאָוונא.

—ער האָט דיר געהייסען זאָגען, אז ער איז פערנומען, זיי דו ניט בייז. א גוטען טאָג, יעגאָר קאפיטאָניטש; א גוטען טאָג, איוואן איליטש. וואָס מאכט איהר קינדער?... וואסיא — האָט זי צוגעזעצט, ווענדענדיג זיך צו איהר קאָזאקעל: — הייס גוט אָנקאָרמענען דעם פערד, הערסט? מאשא, זיי אזוי גוט, גיעב מיר א שפילקע צו צושפיעלען מיין שלעפע... מיכאאיל ניקאָלאיאיטש, קומט אקאָרשט אהער. —

איפאטאָו איז צוגעקומען צו איהר נעהענטער.

— ווער איז דער נייער פארשוין? — האָט זי איהם געפרעגט גאנץ הויך.

— דאָס איז א שכן, וולאדימיר סערגעאיטש אסטאכאוו, ווייסט איהר, דער אייגענטהימער פון טשאסאָווא. ווילט איהר, וועל איך אייך מיט איהם בעקאנט מאכען?

— גוט... שפעטער. אך, וואָס פאר א פרעכטיגער וועטער — האָט זי פאָרטגעזעצט — יעגאָר קאפיטאָניטש, זאָגט מיר, איך בעט אייך, שוין־זשע וואָרטשעט מאטרענא מארקאָוונא אין אזא וועטער אויך?

— מאטרענא מארקאָוונא וואָרטשעט ניט אין קיין שום וועטער, מיין פרייליין, זי איז נור שטרענג וועגען די מאנערען...

— און וואָס טהוען עפעס די בירוליעווער פרייליינס? ניט אמת, אויפ'ן צווייטען טאָג ווייסען זיי גלייך אלסדינג?...

און זי האָט זיך צולאכט מיט א קלינגענדען און זילבערנעם געלעכטער.

— איהר האלט אלץ אין איין לאכען — האָט געענטפערט יעגאָר קאפיטאָניטש. — אָבער אייגענטליך, ווען־זשע דען זאָל מען לאכען, אז ניט אין אייערע יאָהרען.

יעגאָר קאפיטאָניטש, ליעבינקער, זייט ניט בייז! אך, בין איך מיעד, ערלויבט מיר זיך זעצען...

נאַדעזשדא אַלעקסיעיעוונאַ האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויף אַ פּאַ־טעל און האט שטיפעריש אַראָבגערוקט די הוט איבער די אויגען.

איפּאַטאָוו האָט צו איהר צוגעפיהרט וולאַדימיר סערגעאיטש'ן.

— נאַדעזשדא אַלעקסיעיעוונאַ, ערלויבט מיר אייך פאָרצושטע־לען אונזער'ן אַ שכן, הערר אַסטאַכאָוו, פון וועלכען איהר האָט געוויס פיעל געהערט.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך פערנויגט און נאַדעזשדא אַלעק־סעיעוונאַ האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן פון אונטער'ן ראַנד פון איהר רונדער הוט.

— און דאָס איז נאַדעזשדא אַלעקסעיעוונאַ ווערעטיעוואַ — האָט ווייטער גערעדט איפּאַטאָוו, זיך ווענדענדיג צו וולאַדימיר סער־געאיטש'ען. זי וואָהנט דאָ מיט איהרען אַ ברודער, אַ אויסגעדיענטען פּאָרוטשיק פון גוואַרדיע. זי איז אַ גוטע פריינדין פון מיין שוועגערין, און איז צוגעבונדען צו אונזער גאַנצען הויז בכלל.

— אַ גאַנצער יחוס־צעטעל — האט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל ארויסגערעדט נאַדעזשדא אַלעקסיעוונאַ, קוקענדיג ווי פריהער פון אונטער דער הוט אויף וולאַדימיר סערגעאיטש'ען.

און וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך דערווייל געטראַכט פאר זיך: „די איז דאָך עפּעס אויך גאָר אַ שעהנינקע".

און נאַדעזשדא אַלעסעיעוונאַ איז טאַקע אויף אַן אמת געווען זעהר אַ ליעב מיידעל. אַ דינינקע און אַ גראַציעזע, האָט זי אויסגעקוקט איג־גער, ווי זי איז אין דער אמת'ן געווען. זי איז שוין געווען איבער זיעבען און צוואַנציג יאָהר אַלט. אַ פּנים האָט זי געהאַט אַ רונדען, אַ קאָפּ ניט קיין גרויסען, געדיכטע בלאָנדע האָאַר, אַ שאַרפען, כמעט פרעך פער־ריסענעם נעזעל און פרעהליכע גנב'אישע אויגען. דער שפּאָט האָט פון זיי ארויסגעשיינט, האָט געפינקעלט און געבליצט פון זיי. איהרע גע־זיכטס שטריכען, לעבעדיגע און בעוועגליכע, האָבען מאַנכעס מאָל אָנ־גענומען אַ קאָמישען אויסדרוק; אין זיי האָט זיך געזעהן איין איינגע־באָרענער הומאָר. צייטענווייז, מעהרסטענטהיילס פּלוצים, איז אַ שאָ־טען פון פערטראַכטקייט אָנגעלאָפען אויף איהר פּנים — דאַן האָט זי אויסגעזעהן מילד און גוטמוטיג, אָבער לאַנג פערטראַכט זיין האָט זי ניט געקענט. זי האָט לייכט געכאַפּט די קאָמישע זייטען פון מענ־שען און גאַנץ היבש געמאָהלען קאַריקאַטורען. פון קינדהייט אָן האָ־

בען זי אַלע געצערטעלט און דאָס האָט מען גלייך געקענט בעמערקען: אויף מענשען, וואָס זיינען פערפּיעסטשעט געוואָרען אין זייער קינד־הייט לייגט זיך אוועק אַ בעזונדערער שטעמפּעל, און דעם דאָזיגען שטעמפּעל האַלטען זיי איין זייער גאַנץ לעבען. דער ברודער האָט זי געליעבט, כאָטש ער האָט פערזיכערט, אַז זי בייסט זיך ניט, ווי אַ ביהן, נור ווי אַ זשוק, ווייל אַ ביהן גיט אַ ביס און שטאַרבט, און דער זשוק קען בייסען וויפיעל ער וויל און איהם שאַדט עס גאַרניט. דער דאָזיגער פערגלייך האָט איהר פערדראָסען.

— איהר זייט געקומען צו פאָהרען אַהער אויף לאַנג? — האָט זי געפרעגט וולאַדימיר סערגעאיטש'ען, אַראָבלאָזענדיג די אויגען און דרעהענדיג אין האַנד דעם בייטשעל.

— ניין, איך דענק מאָרגען נאָך פון דאַנען אוועקצופאָהרען.

— וואוהין?

— אַהיים.

— אַהיים? צו־וואָס, ערלויב איך זיך צו פרעגען?

— וואָס הייסט צו־וואָס? וואָס רעדט איהר, אין דער היים האָב איך געשעפטען, וועלכע לאָזען זיך ניט אָבלייגען.

נאַדעזשדא אַלעקסעיעוונא האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן.

זייט איהר דען אַזאַ... אַזאַ פּינקטליכער מענש?

— איך סטאַרע זיך צו זיין אַ פּינקטליכער מענש — האָט געענטפערט וולאַדימיר סערגעאיטש — אין אונזער פּראַקטישער צייט, מוז יעדער מענש זיין פּאָזיטיוו און פּינקטליך.

— דאָס איז זעהר ריכטיג — האָט בעמערקט איפּאַטאָוו — ניט אמת איוואַן איליטש?

איוואַן איליטש האָט נור אַ קוק געטהאָן אויף איפּאַטאָוו'ן, און יעגאָר קאַפּיטאָניטש האָט געענטפערט:

— יאָ, אַזוי איז דאָס.

— אַ שאָד — האָט געזאָגט נאַדעזשדא אַלעקסעיעוונא: — אונז פעהלט גראָד דער ליעבהאָבער. איהר קאָנט דאָך שפּיעלען קאָמעדיע?

— איך האָב מיינע קרעפטען קיין מאָל ניט פּרובירט אויף דיעזען געביעט.

— איך בין זיכער, אַז איהר וואָלט גוט געשפּיעלט. איהר האָט דערצו די פּאַסענדע פיגור... און דאָס איז פּאַר היינטיגע ליעבהאָבער

אונבעדינגט נויטיג. איך מיט'ן ברודער קלייבען זיך צו מאַכען דאָ אַ טהעאַטער. און שפּיעלען וועלען מיר ניט נור קאָמעדיען, מיר וועלען אַלסדינג שפּיעלען — דראַמען, באַלעטען און זאָגאַר טראַגעדיען. מיט וואָס איז מאַשאַ ניט קיין קלעאָפּאַטרא, אָדער אַ פעדראַ? טהוט אַ קוק אויף איהר!

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך אומגעקוקט...

צוגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ צו דער טהיר און פערלייגט די הענד איינע איבער דער אַנדערער, האָט מאַריא פּאַוולאָוונאַ פערטראַכט גע־קוקט אין דער ווייטקייט... אין דער דאָזיגער רגע האָבען איהרע שעהנע שטריכען ווירקליך דערמאָהנט אָן די געשטאַלטען פון די אַלטע סטאַטועז. נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ'ס לעצטע ווערטער האָט זי ניט געהערט; נור בעמערקט, אַז אַלע בליקען האָבען זיך פּלוצים געווענדעט צו איהר, האָט זי זיך אָנגעשטויסען, וואָס דאָ איז פּאַרגעקומען, איז רויט געוואָרען, און געוואָלט אַוועקגעהן אין גאַסט־צימער...

נאַדעזשדאַ סערגעיעוונאַ האָט זי פלינק אַ כאַפּ געטהאָן פאַר אַ האַנד און מיט קאָקעטישער צערטליכקייט צוגעצויגען זי צו זיך און אַ קוש געטהאָן איהר כמעט מענערשע האַנד. מאַריא פּאַוולאָוונאַ'ס פּנים האָט זיך אָנגעצונדען נאָך שטאַרקער.

— דו האַלסט אין איין שטיפען, נאַדיא — האָט זי ארויסגע־רעדט.

— האָב איך דען ניט געזאָגט דעם אמת וועגען דיר? איך בין בערייט צו בעווייזען... נו הער אויף, הער אויף, איך וועל ניט זאָגען — און אייך זאָג איך נאָך אַמאָל — האָט ווייטער גערעדט נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, ווענדענדיג זיך צו וולאַדימיר סערגעאיטש'ען: — אַ שאָד וואָס איהר פאָהרט אַוועק. אמת, מיר האָבען איין ליעבהאָבער, ער בעט זיך אַליין, מען זאָל איהם לאָזען שפּיעלען, אָבער ער טויג גאָרנישט.

— ווער איז דאָס? ערלויבט מיר צו פרעגען.

— דער פּאָעט, באַדריקאָוו. ווי קומט אַ פּאָעט צו זיין אַ ליעבּ־האָבער? ערשטענס, קליידעט ער זיך, אַז עס איז אַ שרעק צו קוקען; צווייטענס שרייבט ער עפּיגראַמען, און פאַר יעדע פרויענצימער צי־טערט ער, ווי אַ בלאַט; שטעלט זיך פאָר, אפילו פאַר מיר אויך. וואָגט ניט אויפצוהויבען אַ קול, איין האַנד איז ביי איהם שטענדיג העכער

פאַר'ן קאָפּ און איך ווייס אַליין ניט וואָס נאָך. זאָגט מיר, איך בעט אייך, הערר אַסטאַכאָוו, זיינען אַלע פּאָעטען אַזוי?

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט זיך עטוואָס אויסגעגלייכט.

— איך האָב קיינעם פון זיי ניט געקענט פּערזענליך און, דעם אמת געזאָגט, האָב קיין מאָל ניט געזוכט זייער בעקאַנטשאַפט.

— יאָ, איהר זייט דאָך אַ פּאָזיטיווער מענש. מיר וועלען שוין מוזען נעהמען באַדריקאָוו'ן. וואָס קאָן מען זיך העלפען. די אַנדערע ליעבהאָבער זיינען נאָך ערגער. יענער וועט כאָטש אויסלערנען די ראָלע אויף אויסענווייניג. מאַשאַ וועט אויסער טראַגישע ראָלען זיין אויך אונזער פּרימאַדאָננאַ... איהר, הערר אַסטאַכאָוו, האָט ניט געהערט, ווי זי זינגט?

— ניין — האָט געענטפערט, אויסשצירענדיג די צייהן, וולאַדי־מיר סערגעיאיטש — איך האָב גאָרניט געוואוסט...

— וואָס איז היינט מיט דיר, נאַדיאַ? — האָט געזאָגט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ מיט אַ אונצופריעדענע מינע.

נאַדעזשדאַ אַלעקסעייעוונאַ איז אויפגעשפּרונגען.

— זינג אונז עפּעס, מאַשאַ, איך בעט דיך... איך וועל זיך פון דיר ניט אָבטשעפּען, ביז דו וועסט אונז ניט זינגען וואָס עס איז, מאַשאַ, טהייערינקע. איך וואָלט אַליין געזונגען, אום צו פערוויילען דעם גאַסט, אבער דו ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ שלעכטע שטימע איך האָב. דערפאַר וועסטו זעהן, ווי גוט איך וועל דיר אַקאָמפּאַ־נירען.

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט געשוויגען.

— פון דיר וועט מען זיך שוין ניט אָרױסדרעהען — האָט זי ענדליך געזאָגט — ווי אַ פערצערטעלט קינד ביזטו געוואָהנט אויס־צופיהרען אַלע דיינע קאַפּריזען. גוט, איך וועל זינגען.

— בראַוואָ, בראַוואָ — האָט אויסגעשריען נאַדעזשדאַ אַלעק־סעיעוונאַ און גענומען פּאַטשען מיט די הענד — מיינע הערען, קומט אין גאַסטצימער. און וואָס אַנבעלאַנגט צו די קאַפּריזען — האָט זי צוגעזעצט, לאַכענדיג — וועסטו שוין געדענקען, נישקשה. דאַרף מען דען פאַר פרעמדע מענשען אַרויסשטעלען מיינע שוואַכקייטען? יעגאָר קאַפּיטאָניטש, מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ, פערשעהמט אייך אויך אַזוי פאַר פרעמדע מענשען?

— מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ איז זעהר אַן אנשטענדיגע דאַמע — האָט ארויסגעמורמעלט יעגאָר קאַפּיטאָניטש — צו די מאַנערען בלויז איז זי שטרענג...

— נו, קומט, קומט — האָט איהם נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ אונטערבראָכען און איז אריין אין גאַסטצימער.

אַלע זיינען אוועק נאָך איהר. זי האָט אראָבגעוואָרפען פון זיך די הוט און זיך געזעצט נעבען דער פּיאַנאָ. מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט זיך געשטעלט נעבען דער וואַנט, גאַנץ ווייט פון נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ.

— מאַשאַ — האָט זי געזאָגט, טראַכטענדיג אַ ווייַלע — זינג אונז: „כלאָפּעץ סעיע זשיטאָ.‟

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט גענומען זינגען. אַ שטימע האָט זי געהאַט אַ ריינע און אַ שטאַרקע, און געזונגען האָט זי גוט — איינפאַך און אָהן גרימאַסען. אַלע האָבען זי געהערט מיט גרוים אויפמערקזאַמקייט, און וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט ניט געקענט איינהאַלטען זיין בעוואונדערונג. ווען מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט געענדיגט איז ער צו איהר צוגעגאַנגען און גענומען זי פערזיכערען, אַז ער האָט גאָרניט ערוואַרטעט...

— וואַרט אויס, איהר וועט נאָך ערשט איצט עפּעס הערען! — האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ — מאַשאַ, איך׳ל דערקוויקען דיין כאַכלישע נשמה, זינג אונז אצינד: „האָמין, האָמין פּאָד דובראָווי...‟

— זייט איהר דען אַ קליין רוסישע? — האָט זי געפרעגט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— יאָ, איך בין געבאָרען אין קליין רוסלאַנד — האָט זי געענטפערט און גענומען זינגען „האָמין, האָמין...‟

אפריהער האָט זי די ווערטער ארויסגערעדט גלייכגילטיג, אבער דער בייַנקענדיג־ליידענשאַפטליכער היימישער געזאַנג האָט ביסלאַכווייז איהר אליין צורודערט, איהרע באַקען האָבען זיך פערראָויטיגט, דער בליק האָט גענומען בליסטשען און איהר קול האָט געקלונגען בעגייסטערט, פול פייער. זי האָט געענדיגט.

— מיין גאָט! ווי גוט דו האָסט עס געזונגען — האָט געזאָגט

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, זיך איינבויגענדיג איבער די קלאַווישען— ס'אַראַ שאָד, וואס דער ברודער איז דאָ נישט געווען.

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האט גלייך ארונטערגעלאָזט די אויגען און אַ לאַך געטהאָן מיט איהר געוועהנליכען ביטערען, שפּאָטישען שמייכעל.

— מען האט געדאַרפט נאָך עפּעס זינגען — האט בעמערקט איפּאַטאָוו.

— יאָ, אויב איהר ווילט זיין אזוי גוט — האט צוגעזעצט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— ענטשולדיגט מיר, היינט וועל איך מעהר ניט זינגען — האט ארויסגערעדט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ און איז ארויס פון צימער.

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האט איהר נאָכגעקוקט, האט זיך פריהער אויף אַ ווייל פערטראַכט, דערנאָך אַ שמייכעל געטהאָן, מיט איין פינגער גענומען שפּיעלען „כלאָפּעץ סעיע זשיטאָ," דערנאָך פלוּ־צים גענומען שפּיעלען אַ פרעהליכע פּאָלקע, און, ניט געענדיגט איהר, האט זי גענומען אַ הויכען אַקאָרד, פערקלאַפּט די פּיאַנאָ און איז אויפגעשטאַנען.

— אַ שאָד וואס עס איז נישטאָ מיט ווען צו טאַנצען — האט זי אויסגערופען — דאס וואָלט זיך יעצט זעהר געפּאַסט.

וולאַדימיר סערגעיאיטש איז צו איהר צוגעגאַנגען.

— וואס פאר אַ וואונדערבאַרע שטימע מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האט — האט ער געזאָגט — און מיט וויפיעל געפיהל זי זינגט!

— און איהר האט ליעב מוזיק?

— יאָ . . . זעהר.

— אַזאַ געלעהרענטער מענש און האט ליעב מוזיק!

—אבער, פאר וואס דענקט איהר עפּעס, אז איך בין אַ גע־לעהרענטער?

— אָך, יאָ; ענטשולדיגט, איך פערגעס גאָר, אז איהר זייט אַ פּאָזיטיווער מענש. וואוהין איז עפּעס מאַשאַ אוועק? וואַרט אויס, איך'ל געהן זי רופען.

און נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האט ארויסגעשוועבט פון גאַסט־צימער.

— אַ מיידעל, אַ בראַנד, דרעהט זיך אויף די קאָרקעס, ווי איהר

זעהט — האט געזאָגט איפּאַטאָוו, צוגעהענדיג צו וולאַדימיר סערגעי־איטש'ן — אבער א האַרץ האט זי א גאָלדענע. און איהר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלען, וואס פאר אן ערציהונג זי האט געקראָגען: רעדט אויף אלע שפּראַכען. נו, זיי זיינען פערמעגליכע מענשען, עס פער־שטעהט זיך.

— יא — האט געענטפערט וולאַדימיר סערגעיאיטש צוטראָגען

— זי איז זעהר א ליעבענסווירדיגע מיידעל. נור, ערלויבט מיר צו פרעגען, אייער פרוי איז אויך געווען א געבאָרענע פון קליין רוס־לאַנד?

— יאָ, אזוי איז דאס. מיין זעליגע פרוי איז געווען א קליין־רוסין, גראַדע ווי איהר שוועסטער מאריא פּאַוולאָוונא. דעם אמת געזאָגט, האט מיין פרוי אפילו אן אויסשפּראַכע געהאט ניט גאָר קיין ריינע, כאָטש זי האט די רוסישע שפּראַך געקענט אויסגעצייכענט. און מאריא פּאַוולאָוונא איז נאָך אלס קליין קינד אוועק פון איהר היימאַטה. פון דעסטוועגען פיהלט זיך אין איהר דאס קליין־רוסישע בלוט, ניט אמת?

— מאריא פּאַוולאָוונא זינגט וואונדער שעהן — האט בעמערקט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— ווירקליך, זי זינגט ניט שלעכט. אבער וואָרום דערלאַנגט מען אונז עפּעס ניט קיין טהעע? און וואוהין זיינען אוועק די פריילענס? ס'איז צייט טהעע צו טרינקען.

די פריילענס האבען זיך ניט שנעל צוריקגעקעהרט. דערווייל האט מען געבראַכט א סאַמאָוואר און געדעקט דעם טיש פאר טהעע. איפּאַ־טאָוו האט זיי געשיקט רופען. זיי זיינען געקומעןביידע צוזאַמען. מאריא פּאַוולאָוונא האט זיך געזעצט ביים טיש אָנגיסען טהעע, און נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא איז צוגעגאַנגען צום טהיר פון גאַנעק און גענומען קוקען אין גאָרטען אַרוים. נאָך'ן ליכטיגען זומערדיגען טאָג איז געקומען א העלער און שטילער אָבענד. די אונטערגעהענדיגע זונן האט געפלאַקערט; ביז אין העלפט פערגאָסען מיט איהר פּורפּור־רויטען פלאַם, איז געשטאַנען דער ברייטער טייך און ווי אן אונבעוועגליכער שפּיגעל, האט ער שטאָלץ אָבגעשפּיעגעלט אין דעם בעזיל־בערטען נעבעל פון זיין שוים אי די גאַנצע אונענדליכקייט פון'ם הי־מעל, אי די איבערגעקעהרטע, אזוי ווי שוואַרץ געוואָרענע בוימער,

אי דאס הויז. אלעס ארום איז שטיל געוואָרען. עס האט זיך שוין איז ערגעץ ניט געהערט קיין גערויש.

— זעהט, ווי שעהן דאָ איז — האט געזאָגט נאַדיעזשדאַ אַלעק־סעיעוונאַ צו וולאַדימיר סערגעיאיטש׳ען, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו איהר — אָט דאָרט אונטען, אין׳ם טייך, האט זיך א שטערן אָנגע־צונדען, פון דאַנען זעהט עס אויס, ווי ער וואָלט געוועזן נאָהענט נעבען דעם פייערל פון׳ם הויז; דאס פייערל איז א רויטס און דער שטערן א גאָלדענער. און אָט פאָהרט די באַבושקע — האט זי ארויסגערעדט אין דער הויך.

פון הינטער די בושעס האט זיך בעוויעזען א קליין קאַרעטקעלע. צוויי מענשען האבען זי געפיהרט. אין איהר איז געזעסען אן אלטע פרוי, אין גאַנצען א איינגעוויקעלטע, אין גאַנצען אָן איינגעהויקערטע, דעם קאָפּ ניעדריג אויפ׳ן ברוסט אראָבגעלאָזט. די שפּיצען פון איהר ווייסען טשעפּיק האבען כמעט אין גאַנצען פערשטעלט איהר פאַר־טריקענט און צוקנייטשט פּנים׳על. די קאַרעטקעלע האט זיך אָבגע־שטעלט פאַר׳ן גאַנעק.

איפּאַטאָוו איז ארויס פון׳ם גאַסטצימער. נאָך איהם זיינען ארויס־געלאָפען זיינע טעכטער. זיי זיינען, ווי די מייזלאַך, דעם גאַנצען אָבענד געשפּרונגען פון איין צימער אין׳ם אַנדערען.

— א גוטען אָבענד אייך, מוטער׳ל — האט געזאָגט איפּאַטאָוו אויפ׳ן קול, צוגעהענדיג צו דער אַלטער — ווי פיהלט איהר זיך?

— איך בין געקומען צופאָהרען א קוק טהאָן אויף אייך — האט הייזעריג און מיט מיה ארויסגערעדט די אַלטינקע — זעה, וואס פאר א שעהנער אָבענד. ביי טאָג בין איך געשלאָפען און איצט ברעכען מיר די פּיס. אוי, מיינע פּיס! זיי דיענען מיר ניט מעהר, טהוען נור וועה.

— ערלויבט מיר, מוטער׳ל, אייך פאָרשטעלען אונזער שכן, הערר אַסטאַכאָוו.

— עס פרעהט מיך זעהר — האט געענטפערט די אַלטע און געוואָרפען אויף איהם א בליק מיט איהרע גרויסע שווארצע, שוין פאַרלאָשענע אויגען — איך בעט אייך, ליעב צו האבען מיין זוהנוניו. ער איז א גוטער מענש; אָן ערציהונג האב איך איהם געגעבען, ווי איך האב געקאָנט; זעלבסטפערשטענדליך, דאס איז די זאַך פון דער

פרוי. קוראזש פעהלט איהם נאך אביסעל, אבער גאט וועט געבען, ער וועט ווערען א מענש, און עס וואלט שוין צייט געווען; שוין צייט איהם איבערגעבען מיינע געשעפטען. דאס זייט איהר, נאדיא? — האט צוגעזעצט די אלטע, א קוק טהאנדיג אויף נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא׳ן.

— איך, באבינקע.

— און מאשא גיסט אן טהעע?

— יא, באבינקע, זי גיסט אן טהעע.

— און ווער איז דארט נאך דא?

— איוואן איליאיטש און יעגאר קאפיטאניטש.

— מאטרענא מארקאוונא׳ס מאן?

— יא, ער, באבינקע.

די אלטע האט א מאך געטהאן מיט די ליפען.

— נו, גוט. פאר וואס, מישא, קען איך זיך דאס גארניט דערבעטען אויף דעם סטאראסטא? הייס איהם קומען צו מיר מארגען וואס פריהער, איך וועל מיט איהם האבען א סך צו טהאן. אהן מיר, זעה איך, געהט ביי אייך אלסדינג ניט ווי מען דארף. נו גענוג. פיהרט מיך צוריק... א גוטען, טאטעלע מיינער, אייער נאמען געדענק איך ניט — האט זי געזאגט, זיך ווענדענדיג צו וולאדימיר סערגעיאיטש׳ן — האט ניט קיין פאראיבעל אויף אן אלטער. און איהר, אייניקלאך, בעגלייט מיך ניט. מען דארף ניט. איהר וואלט נאר ארומגעלאפען. זיצט אויף אן ארט, זיצט און חזר׳ט אייערע לעקציאנען, איהר הערט. מאשא צולאזט אייך. נו, געהט.

און דער אלטער׳ס קאפ, וואס זי האט פריהער מיט גרויס מיה געהאלטען אויפגעהויבען, איז ווידער ארונטערגעזונקען צו איהר אויף דער ברוסט...

די קארעטקעלע האט זיך א ריהר געטהאן און זיך שטיל אוועקגעטראגען.

— ווי אלט איז אייער מוטער? — האט געפרעגט וולאדימיר סערגעיאיטש.

— אין גאנצען דריי און זיעבציג יאהר איז איהר געווארען; אבער שוין א יאהר זעקס און צוואנציג, ווי די פיס האבען איהר אפ־

גענומען; דאס האט מיט איהר פאסירט גלייך נאך מיין זעליגען פאָ־טער'ס טויט. און זי איז געווען א שעהנהייט.

אלע זיינען אנשווייגען געוואָרען.

פלוצים האט נאַדיעזשדאַ אלעקסעיעווגא זיך א טרייסעל גע־טהאָן.

— וואס איז דאס, א פלעדער מויז איז, דאכט זיך, דורכגע־פלויגען? אוי, וואס פאר א שרעק!

און זי האט זיך שנעל צוריקגעקעהרט אין גאסטצימער.

— מיר איז צייט צו פאָהרען אהיים. מיכאאיל ניקאָלאַאיטש, הייסט שפּאַנען מיין פערד.

— און מיר איז שוין אויך צייט — האט בעמערקט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— וואס איילט איהר זיך? — האט געפרעגט איפּאַטאָוו — נעכ־טיגט דאָ איבער. נאַדיעזשדאַ אלעקסעיעווגא האט אין גאַנצען צוויי וויאָרסט צו פאָהרען, און איהר האט גאַנצע צוועלף. און איהר, נאַ־דיעזשדאַ אלעקסעיעווגא, וואס האט איהר קיין צייט ניט? ווארט נאָך א ווייל, די לבנה וועט שוין באלד אויפגעהן. עס וועט זיין נאָך ליכטיגער צו פאָהרען.

— דאס איז א פּלאַן — האט געזאָגט נאַדיעזשדאַ אלעקסעיעווגא

— איך בין שוין לאַנג ניט געפאָהרען פאר דער שיין פון דער לבנה.

— און איהר נעכטיגט דאָ? — האט איפּאַטאָוו געפרעגט וולאַ־דימיר סערגעיאיטש'ן.

— איך וויים ווירקליך ניט... דאָך, אויב איך וועל אייך ניט מאכען ענג...

— וואס רעדט איהר, גאָט איז מיט אייך! איך וועל גלייך הייסען פאר אייך צורעכט מאכען א צימער.

— עס איז שעהן צו פאָהרען רייטענדיג פאר דער שיין פון דער לבנה — האט גענומען ריידען נאַדיעזשדאַ אלעקסעיעווגא, בעת מען האט אָנגעצונדען די ליכט, דערלאַנגט טהעע, און איפּאַטאָוו מיט יעגאָר קאַפּיטאָניטש'ן האבען זיך געזעצט זאלבענאנד שפּיעלען אין פּרעפערענס, און די שוואכע נשמה האט שווייגענדיג זיך געזעצט נעבען זיי — בעזונדערס איז שעהן צו פאָהרען אין וואלד צווישען די בושעס פון ניסבוימער. עס איז עפּעס אי מורא'דיג, אי אנגענעהם; און וואס

פאר א מאָדנער שפּיעל פון ליכט און שאָטען... עס דאכט זיך אַלץ, אז עמעצער גנב'עט זיך הינטער אייך, אדער אין פאָראויס...

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט מילד א שמייכעל געטהאָן.

— און נאָך וואס — האט ווייטער גערעדט נאַדיעזשדא אַלעקסעיעוונא — איז אייך ווען עס איז אויסגעקומען צו זיצען אין א שטילער, פינסטערער, ווארעמער נאכט נעבען א וואלד? אין אזא צייט, דאכט זיך מיר שטענדיג אויס, אז פון הינטען, איבער מיין סאמע אויער, שטעהען צוויי מענשען און רייסען זיך ארום אין דער שטיל.

— דאס קלאַפּט דאס בלוט — האט געזאָגט איפּאטאָוו.

— איהר קאָנט זעהר פּאָעטיש בעשרייבען — האט בעמערקט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

נאַדיעזשדא אַלעקסעיעוונא האט אויף איהם א קוק געטהאָן.

— דענקט איהר אזוי?... אויף אזא אופן וואָלטען מאשא'ן מיינע בעשרייבונגען ניט געפעלען.

— פארוואָס? האט מאריא פּאוולאָוונא דען ניט ליעב קיין פּאָעזיע?

— ניין; זי דענקט אז דאס איז אַלעס אויסגעטראכט, ניט אמת; און דאס האט זי ניט ליעב.

— א מאָדנער פאָרוואורף! — האט אויסגערופען וולאַדימיר סערגעיאיטש — אויסגעטראכט גאָר! טאָ ווי קען דען אַנדערש זיין? אויף וואס דארף מען די פערפאסער אויף אזא אופן?

— נו, אָט זעהט איהר דאָך; אייגענטליך דארפט איהר דאָך אויך ניט ליעבען די פּאָעזיע.

— פערקעהרט, איך האב זעהר ליעב גוטע געדיכטע, ווען זיי זיינען ווירקליך גוט און קלינגען שעהן און, ווי מען זאָגט דאס, ווען זיי דריקען אויס אידעען, געדאנקען...

מאריא פּאוולאָוונא האט זיך אויפגעהויבען.

נאַדיעזשדא אַלעקסעיעוונא האט זיך שנעל אומגעקעהרט צו איהר.

— וואו געהסטו, מאשא?

—לייגען די קינדער שלאָפען. שוין באלד ניין א זייגער.

— און אָהן דיר קענען זיי זיך דען ניט לייגען?

מאַריא פּאַוולאָוונא האט ניט געענטפערט, האט גענומען די קינ־דער פאר די הענד און איז ארויס.

— זי איז היינט ניט גוט אויפגעלעגט — האט בעמערקט נאַ־דיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא — און איך וויים פארוואס — האט זי צו־געזעצט שטילערהייד — אבער דאס וועט אריבער.

— ערלויבט מיר צו פרעגען — האט אָנגעהויבען וולאַדימיר סער־געיאיטש — וואו דענקט איהר צו פערברייגגען דעם ווינטער?

— עס קאָן זיין דאָ, עס קאָן זיין — אין פּעטערסבורג. מיר דאַכט זיך, אז אין פּעטערסבורג וועט מיר לאַנגוויילינ ווערען.

— אין פּעטערסבורג, לאַנגוויילינ, וואס רעדט איהר! ווי איז דאס מעגליך?

און וולאַדימיר סערגעיאיטש האט איהר גענומען בעשרייבען די אַלע בעקוועמליכקייטען, אַלע אינטערעסען און שעהנקייטען פון דעם לעבען אין א גרויסער שטאָדט.

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא האט זיך צוגעהערט אויפמערקזאם, ניט אָפּגעהמענדיג פון איהם די אויגען. זי האט עפּעס ווי געשטו־דירט זיינע געזיכטס־ציגע און פון צייט צו צייט א לאַך געטהאָן צו זיך אליין.

— איך זעה, איהר קאָנט זעהר שעהן ריידען — האט זי צום סוף געזאָגט — איך וועל שוין מוזען דעם ווינטער פערברייגגען אין פּע־טערסבורג.

— איהר וועט קיין חרטה ניט האבען — האט בעמערקט וולאַדי־מיר סערגעיאיטש.

— איך האב קיין מאָל אויף קיין זאך ניט חרטה: עס איז ניט ווערטה די מיה. געטהאָן א נאַרישקייט, סטאַרע זיך עס וואס גיכער צו פערגעסען — און דאס אַלעס.

— ערלויבט מיר צו פרעגען — האט נאָך א קליינעם שטיל־שוויינען געזאָגט וולאַדימיר סערגעיאיטש אויף פראַנצויזיש — איהר זייט שוין לאַנג בעקאַנט מיט מאַריא פּאַוולאָוונא?

— ערלויבט מיר צו פרעגען — האט געענטפערט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא מיט א ביטרען שמייכעל — פארוואס האט איהר מיר גראַדע דיעזע פראגע געשטעלט אויף פראַנצויזיש?

— אזוי... אָהן א בעזונדערער אורזאַכע...

נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא האט ווידער א לאך געטהאן.

— ניין, איך קען זי ניט זעהר לאנג. ניט אמת, זי איז א מערק־ווירדיגע מיידעל?

— זי איז זעהר אָריגינעל — האט ארויסגערעדט וולאדימיר סער־געיאיטש צווישען די ציינער.

— און ווי איז דאס — אין אייער מויל, אין דעם מויל פון פאַ־זיטיווע מענשען, איז דאס א קאָמפּלימענט? איך דענק ניט. פיעלייכט קום איך אייך אויך פאר אָריגינעל? דאך — האט זי צוגעזעצט, זיך אויפהויבענדיג פון אָרט און א קוק טהאָנדיג אין אָפענעם פענסטער— די לבנה איז שוין אודאי אויפגעגאנגען; איך זעה איהר אָבשיין הינ־טער די פאפּעל־בוימער. ס'איז צייט צו פאָהרען... איך'ל געהן היי־סען שפּאנען מיין קראסאוויטשיק.

— ער איז שוין געשפּאנט — האט געזאָגט איהר קאָזאק'ל, ארויסטרעטענדיג פון'ם שאָטען פון גאָרטען אונטער א פאס ליכט, וואס איז געפאלען אויפ'ן גאנעק.

— אה! דאס איז גוט! מאשא, וואו ביזטו? קום ארויס, זיך זעגענען מיט מיר.

מאריא פּאוולאָוונא האט זיך בעוויעזען פון צווייטען צימער. די מענער זיינען אויפגעשטאנען פון קארטען־טישעל.

— איהר פאָהרט שוין טאקע? — האט געפרעגט איפּאטאָוו.

— איך פאָהר, ס'איז צייט.

זי איז צוגעגאנגען צו דער טהיר פון גאָרטען.

— וואס פאר א נאכט! — האט זי אויסגעשריען — געהט צו, שטעלט איהר אונטער אייער פנים; פיהלט איהר, די נאכט אטהעמט, דאכט זיך? און ווי עס שמעקט! אלע בלומען האבען זיך איצט אויפ־געכאפּט. זיי האבען זיך אויפגעכאפּט — און מיר קלייבען זיך געהן שלאָפען... יאָ, וואס איך האב דיר געוואָלט זאָגען, מאשא? — האט זי צוגעזעצט — איך האב דאך געזאָגט וולאדימיר סערגעי־איטש'ן, אז דו ליעבסט ניט קיין פּאָעזיע. און איצט לעב וואָהל... אָט, פיהרט מען שוין מיין פערד...

און זי איז פלינק ארונטערגעלאָפען פון די גאנעק־טרעפּ, האט זיך ליכט ארויפגעכאפּט אויפ'ן זאָטעל, געזאָגט „ביז מאָרגען!" און, א שמיץ געטהאָן דאס פערד מיט איהר בייטשעל איבער'ן האלז, האט

זי גענומען שפּרינגען צום דאַם... דער קאַזאַק׳ל האָט זיך גענומען טראָגען נאָך איהר אין גאַלאָפּ.

אַלע האָבען איהר נאָכגעקוקט...

— ביז מאָרגען! — האָט זיך נאָך אַמאָל דערהערט איהר קול הינטער די פּאַפּעל־בוימער.

דאָס קלאַפּען פון די קאָפּיטעס האָט זיך נאָך לאַנג געהערט אין דער שטילקייט פון דער זומערדיגער נאַכט; צום סוף האָט איפּאַטאָוו פאָרגעשלאָגען זיך אומקעהרען צוריק אין הויז.

— עס איז אמת, אין דרויסען איז טאַקע זעהר שעהן — האָט ער געזאָגט — אָבער מיר מוזען דאָך נאָך ענדיגען אונזער קאָן קאָרטען.

אַלע האָבען איהם געפאָלגט און זיינען אוועק אין הויז.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט גענומען אויספרעגען מאַריאַ פּאַוו־לאָוונאַ, פאַר וואָס זי האָט ניט ליעב קיין פּאָעזיע.

— מיר געפעלען ניט קיינע געדיכטע — האָט זי געענטפערט ניט ווילענדיג.

— איהר האָט אפשר ווייניג געדיכטע געלעזען?

— איך אליין האָב ניט געלעזען. אָבער מען האָט זיי פאַר מיר פאָרגעלעזען.

— און שוין־זשע איז אייך קיינע פון זיי ניט געפעלען?

— קיין איינע ניט.

— אפילו פּושקין׳ס געדיכטע אויך ניט?

— אפילו פּושקין אויך ניט.

— פאַרוואָס?

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט ניט געענטפערט, און איפּאַטאָוו, אומ־דרעהענדיג זיך איבער דער ווענטעל פון זיין שטוהל, האָט מיט אַ גוט־מוטהיגען געלעכטער בעמערקט, אַז ניט נור געדיכטע האָט זי ניט ליעב, נור אפילו צוקער האָט זי אויך ניט ליעב, און אַז בכלל קען זי קיין זיסע זאַכען ניט פערטראָגען.

— עס זיינען דאָך אָבער פאַראַן ניט קיין זיסע געדיכטע אויך — האָט געזאָגט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— צום ביישפּיעל? — האָט איהם געפרעגט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט זיך אַ קראַץ געטהאָן הינטער׳ן

אויער. ער אליין האט ווייניג גערדיכטע געקאַנט אויף אויסענווייניג, איבערהויפט פון די ניט זיסע.

— אָט — האט ער צום סוף א געשריי געטהאָן — ווייסט איהר דאס גערדיכט „אַנטשאַר" פון פושקין? ניין? דאס דאָזיגע גערדיכט קאָן מען שוין בשום אופן ניט אָנרופען זיס.

— לעזט עס פאָר — האט געזאָגט מאַריא פּאַוולאָוונא און האט אַראָבגעלאָזט די אויגען.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט פריהער א קוק געטהאָן אויף'ן סופיט, זיך אָנגעכמורעט, געבורטשעט א ווײַלע פאַר זיך און צום סוף פאָרגעלעזען „אַנטשאַר."

נאָך די ערשטע פיער פערזען האט מאַריא פּאַוולאָוונא לאַנגזאַם אויפגעהויבען די אויגען, און ווען ער האט געענדיגט, האט זי אויך אזוי לאַנגזאַם געזאָגט:

— לעזט עס איבער נאָך אַמאָל. איך בעט אייך.

— איז אייך, הייסט עס, דאס גערדיכט געפעלען? — האט געפרעגט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— לעזט עס נאָך אַמאָל.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט נאָך אַמאָל פאָרגעלעזען „אַנטשאַר."

מאַריא פּאַוולאָוונא איז אויפגעשטאַנען, איז ארויס אין צווייטען צימער און זיך צוריקגעקעהרט מיט א בויגען פּאַפּיער, א טינטער און א פעדער.

— זייט אזוי גוט, שרייבט עס אָן פאַר מיר — האט זי געזאָגט צו וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן.

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען — האט ער געענטפערט, און גענומען שרייבען — נור איך בין זיך מודה, איך וואונדער זיך, פאַרוואס דיעזע פערזען זיינען אייך אזוי געפעלען געוואָרען. איך האב זיי אייגענטליך פאָרגעלעזען נור מיט דעם צוועק, כדי אייך צו ווייזען, אז ניט אלע גערדיכטע זיינען זיסע.

— מען מוז צוגעבען! — האט א געשריי געטהאָן איפּאַטאָוו — וואס דענקסטו וועגען דיעזע פערזען, איוואַן איליאיטש?

איוואַן איליאיטש האט, ווי געוועהנליך, א קוק געטהאָן אויף איפּאַטאָוו'ן, נור ער האט ניט ארויסגעבראַכט קיין איין וואָרט.

— אָט איז עס — פּאַרטיג — האָט אַרויסגערעדט וולאַדימיר סערגעיאַיטש, אוועקשטעלענדיג אַן אויסרופונגס צייכען צום שלוס פון לעצטען פּערז.

מאַריא פּאַוולאָוונאַ האָט איהם בעדאַנקט און אוועקגעטראָגען דעם פערשריעבענעם בויגען פּאַפּיער צו זיך אין צימער.

אין א האַלב שעה אַרום האָט מען דערלאַנגט דעם נאַכט עסען, און אין א שעה שפּעטער זיינען אַלע געסט אוועק אין זייערע צימערען. וולאַדימיר סערגעיאַיטש האָט זיך עטליכע מאָל געווענדעט צו מאַריא פּאַוולאָוונאַ׳ן, אָבער פערפיהרען מיט איהר א שמועס איז געווען שווער, און זיינע מעשות האָבען זי, קאָנטיג, ניט געאינטערעסירט.

געלעגט זיך שלאָפען, וואָלט ער, וואַהרשיינליך, באַלד איינגע־שלאָפען, ווען איהם וואָלט ניט געשטערט זיין שכן, יעגאָר קאַפּיטאָ־ניטש. מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ׳ס מאַן, שוין אין גאַנצען אַן אויסגעטהאָ־נענער און ליעגענדיג אין בעט, האָט ער זעהר לאַנג גערעדט מיט זיין דיענער, געלערענט איהם דרך ארץ. יעדעס וואָרט זיינס האָט קלאָר אָבגעהילכט אין וולאַדימיר סערגעיאַיטש׳ס אויערען: א דינע ווענטעל האָט זיי פונאַנאַנדערגעטהיילט.

— האַלט דאָס ליכט נעגען דיין ברוסט — האָט מיט א קלאָגע־דיגען קול גערעדט יעגאָר קאַפּיטאָניטש — האַלט אזוי, אז מען זאָל קאָנען דיין פּנים זעהן. אַלט האָסטו מיך געמאַכט, אַלט, געוויסענלאָ־זער מענש וואָס דו ביזט, גרוי און אַלט!

— אָבער מיט וואָס, גאָט איז מיט אייך, האָב איך אייך אַלט געמאַכט, יעגאָר קאַפּיטאָניטש? — האָט זיך דערהערט א הייזעריגער, פערשלאָפענער קול פון דעם דיענער.

— מיט וואָס? איך׳ל דיר זאָגען מיט וואָס. וויפיעל מאָל האָב איך צו דיר גערעדט: מיטקאַ, האָב איך דיר געזאָגט, ווען דו וועסט מיט מיר פאָהרען וואו עס איז צו גאַסט, זאָלסטו שטענדיג מיטנעהמען צו צוויי פּאָאָר פון אַלע זאַכען, איבערהויפּט... האַלט דאָס ליכט גע־גען דיין ברוסט!... איבערהויפּט פון די אונטערשטע וועש. און וואָס האָסטו היינט מיט מיר געטהאָן?

— וואָס האָב איך געטהאָן?

— וואָ־ס? אויף מאָרגענדיגען טאָג וואָס האָב איך אָנצוטהאָן?

— דאָס אייגענע וואָס היינט.

— אַלט האָסטו מיר געמאַכט, גזלן דו, אַלט. איך האב שוין היינט ניט געוואוסט, וואו זיך אהינצוטהאָן פון היץ. האַלט דאס ליכט געגען דיין ברוסט, זאָגט מען דיר, און שלאָף ניט, ווען דער פּריץ שמועסט מיט דיר.

— מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ האט אויך געזאָגט, אז מיר האבען מיט זיך גענוג זאכען, אז מען דארף מיט זיך ניט שלעפּען אַזעלכע בערג, עס רייבט זיך נור אוים אומזיסט.

— מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ... איז דאס דען א ווייבערשער עסק, אין דעם זיך אריין צו מישען? אַלט האט איהר מיך געמאַכט. אוי, אַלט!

— אבער יאכים האט אויך אזוי געזאָגט.

— ווי האָסטו געזאָגט?

— איך זאָג, יאכים האט אויך געזאָגט, אז עס איז גענוג.

— יאכים! יאכים! — האט מיט פאָרוואורף איבערגערעדט יעגאָר קאַפּיטאָניטש — אוי, אַלט האט איהר מיך געמאַכט, איהר פערפלוכטע, אפילו רוסיש ריידען קענען זיי ניט, ווי דער סדר איז. יאכים! וואס פאר א יאכים? וואָלסטו כאָטש געזאָגט: יעפים, מילא, וואָלט עס נאָך געווען צו דערליידען, דאס קאָן מען נאָך זאָגען; דער־פאר וויל דער אמת׳ער נאָמען, דער גריכישער איז יעווּפימי, פער־שטעהסטו מיך? ... האַלט דאס ליכט געגען דיין ברוסט... איז, אז מען וויל פערקירצען קאָן מען נאָך זאָגען יעפים, אבער בשום אופן קען מען ניט זאָגען יאכים. יאכים! — האט צוגעזעצט יעגאָר קאַפּי־טאָניטש, שטארק אונטערשטרייכענדיג דעם „יא" — אַלט האט איהר מיך געמאַכט, גזלנים.... האַלט די ליכט געגען דיין ברוסט!

און א לאַנגע צייט האט נאָך יעגאָר קאַפּיטאָניטש געהאַלטען אין איין לערנען זיין דיענער שכל און דרך ארץ, ניט קוקענדיג אויף די זיפצען, דאס הוסטען און אנדערע צייכענס פון אונגעדולד, וועלכע וולאַדימיר סערגעיאיטש האט איהם געגעבען....

צום סוף האט ער אָבגעלאָזען זיין מיטקאָ׳ן און איז איינגעשלאָ־פען; אבער דערפון איז וולאַדימיר סערגעיאיטש׳ן אויך ניט לייכטער געוואָרען: יעגאָר קאַפּיטאָניטש האט אזוי הויך אויפ׳ן קול און אזוי שטארק געכראָפּעט, איבערגעהענדיג פון גאַנץ הויכע טענער אויף גאַנץ נידעריגע און דערצו נאָך פייפענדיג און סוויסטשענדיג און פאַר־

שענדיג מיט'ן מויל, אז די וועגטעל אליין האט, דאכט זיך, געציטערט; דער אָרימער וולאַדימיר סערגעאיטש האָט שיעור ניט געוויינט. אין דעם צימער, וואס מען האט איהם אָבגעגעבען, איז געווען שטיקענד, הייס, און די פּערענע, אויף וועלכער ער איז געלעגען, האט ארומגע־כאַפּט זיין גאַנצען קערפּער מיט א מין קריכעדיגער היץ.

א פערצווייפעלטער איז וולאַדימיר סערגעיאיטש צום סוף אויפ־געשטאַנען, האט געעפענט דאס פענסטער און גענומען דורשטיג איינ־אטהעמען די שמעקעדיגע בייגאַכטיגע לופט. דאס פענסטער איז ארויס־געקומען אין גאָרטען; דער הימעל איז געווען ליכטיג, די קיילעכדיגע, פולע לבנה האט זיך דאָ קלאָר אָבגעשפּיעגעלט אין'ם טייך און דאָ האט זי זיך אויסגעצויגען אין א לאַנגען גאָלדענעם זייל פון בליסטשענדע און פינקלענדע שטראַהלען...

אויף איינער פון די שטעגלאַך פון'ם גאָרטען האט וולאַדימיר סערגעיאיטש דערזעהן א פיגור אין פרויען־קליידער; ער האט זיך צוגעקוקט: דאס איז געווען מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ; אונטער די שטראַה־לען פון דער לבנה האט איהר פּנים אויסגעזעהן בלייך. זי איז געשטאַ־נען אונבעוועגליך און פּלוצים האט זי גענומען ריידען... וולאַדימיר סערגעיאיטש האט פּאָרזיכטיג ארויסגערוקט דעם קאָפּ...

און צו זיין אויער האט זיך דערטראָגען א פערז פון פּושקין'ס „אנטשאר."

— אָהאָ! — האט ער א טראַכט געטהאָן — דאס געדיכט האט, ווי עס שיינט, אויף איהר שטאַרק געווירקט...

און ער האט מיט פערדאָפּעלטער אויפמערקזאַמקייט זיך גענומען צוהערען... נור מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ איז גלייך אַנשוויגען געוואָרען און האט א דרעה געטהאָן איהר פּנים נאָך מעהר אין זיין זייט; ער האט געקאָנט אונטערשיידען איהרע דונקעלע, גרויסע אויגען, איהרע שטרענגע ברעמען און ליפּען...

פּלוצים האט זי זיך א טרייסעל געטהאָן, האט זיך צוריקגע־קעהרט, איז אריין אין שאָטען, וואס איז געפאַלען פון די הויכע אַקאַ־ציען־בוימער, און איז פערשוואונדען. וולאַדימיר סערגעיאיטש איז נאָך גאַנץ לאַנג געשטאַנען ביים פענסטער, דערנאָך האט ער זיך פון דעסטוועגען צוגעלייגט, איז אבער ניט שנעל איינגעשלאָפען.

„א מערקווירדיגער ווענזן — האט ער געטראַכט, איבערקעהרענ־

דיג זיך פון איין זייט אויפ'ן צווייטען — אבי מען זאָגט, אז אין דער פראָווינץ איז נישטאָ וואס צו זעהן.... עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! א מערקווירדיגער ווזען! מאָרגען פרעג איך זי, וואס זי האט געטהאָן אין'ם גאָרטען."

און יעגאָר קאַפּיטאָניטש האט נאָך אַלץ געכראָפּעט, ווי פריהער.

---

# III.

אויף מאָרגען האט וולאַדימיר סערגעיאיטש זיך אויפגעכאפּט גאנץ שפּעט, און גלייך נאָך'ן טהעע און נאָך'ן פריהשטיק, וועלכען זיי האבען אַלע צוזאמען געגעסען אין עס־צימער, איז ער אוועקגעפאָהרען צו זיך אהיים ענדיגען די ארבייט אין זיין ווירטהשאַפט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער אַלטער איפּאַטאָוו האט איהם זעהר שטארק אָב־געהאַלטען. מאריא פּאַוולאָוונא איז אויך אַנוועזענד געווען ביים טהעע, דאָך האט וולאַדימיר סערגעיאיטש ניט געהאַלטען פאר נויטהיג זי אויסצופרעגען וועגען איהר שפּעטען בייגאכטיגען שפּאציר; ער האט געהערט צו יענע מענשען, ועמען עס איז שווער צוויי טעג נאָכאנאנד איבערצוגעבען זיך צו וועלכע ניט איז אונגעוועהנליכע געדאנקען און געפיהלען. עס וואָלט אויסקומען צו ריידען וועגען געדיכטע, און די זאָגענאנטע „פּאָעטישע" שטימונג האט איהם זעהר שנעל דערעסען.

א גאנצע טאָג ביז מיטאָג, האט ער פערבראכט אויפ'ן פעלד, האט אָבגעגעסען מיט גרויס אַפּעטיט, געכאַפּט א דרעמעל און, אויפ־געשטאַנען, האט ער זיך געהאַט גענומען פאר די רעכענונגען פון'ם זעמסקען, נור, ניט ענדיגענדיג דאס ערשטע בלעטעל, האט ער געהייסען שפּאַנען די פערד אין דער קאַרעטע און איז אוועקגעפאָהרען אין אופּאַטאָווקע. הפּנים, אז אויך די פּאָזיטיווע מענשען טראָגען ניט קיין שטיינערנע הארץ אין זייער ברוסט, און אז לאַנגווייליגען זיך האבען זיי פּיינד פּונקט אזוי, ווי די איבעריגע, איינפאכע שטערבליכע.

ארויפפאָהרענדיג אויפ'ן דאם, האט ער דערהערט שטימען און קלאַנגען פון מוזיק. ביי איפּאַטאָוו'ן אין'ם הויז האט מען אין כאָר

געזונגען רוסישע ליעדער. די גאַנצע געזעלשאַפט, וועלכע ער האט אין דער פריה פערלאָזען, האט ער געטראָפען אויפ'ן גאַנעק; אַלע, צווישען זיי אויך נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, זיינען געזעסען אין קרייז ארום א מאַן פון א יאָהר צוויי און דרייסיג, א דונקעלען, מיט שוואַרצע האָאָר און שוואַרצע אויגען, אין א סאַמעטענעם רעקעל, מיט א לויז־פערבונדענעם רויטען טיכעל אויפ'ן האלז און א גיטאַרע אין די הענד. דאָס איז געווען פּיאָטער אַלעקסעיעוויטש ווערעטיעוו, נאַדיעזשדאַ'ס ברודער.

דערזעהן וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן, איז דער אַלטער איפּאַטאָוו, מיט א פריידיגען געשריי, איהם אַנטקעגען געלאָפען, צוגעפיהרט איהם צו ווערעטיעוו'ן און זיי פאָרגעשטעלט איינער דעם אַנדערען. בעגריסט דעם נייעם בעקאַנטען אויפ'ן געוועהנליכען שטייגער, האט אסטאַכאָוו זיך העפליך פערנייגט פאַר זיין שוועסטער.

— און מיר, וולאַדימיר סערגעיאיטש, זינגען ליעדער, אויף דעם דאָרפישען שטייגער — האט אָנגעהויבען איפּאַטאָוו און, אָנווייזענדיג אויף ווערעטיעוו'ן, האט ער צוגעזעצט — פּיאָטאָר אַלעקסעיאיטש איז ביי אונז דער ערשטער זינגער — און נאָך וואס פאַר א זינגער! איהר וועט באַלד הערען.

— דאס איז זעהר אנגענעהם — האט געענטפערט וולאַדימיר סערגעיאיטש.

— ווילט איהר זיך אפשר איינשליסען אין כאָר? — האט איהם געפרעגט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ.

— איך וואָלט מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, אבער איך האב קיין שטימע ניט.

— דאס איז קיין אומגליק ניט! זעהט, אפילו יעגאָר קאַפּיטאָניטש זינגט, און איך זינג. דאָ דאַרף מען נאָר אונטערזינגען. זעצט זיך אַקאָרשט. און דו, ברודער, הויב אָן.

— וואס פאַר א ליעד זאָלען מיר איצט זינגען? — האט ארויסגערעדט ווערעטיעוו, איבערקלייבענדיג די סטרונעס פון דער גיטאַרע און, אָבגעשטעלט זיך פּלוצים, האט ער א קוק געטהאָן אויף מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ'ן, וועלכע איז געזעסען נעבען איהם — איצט, דאַכט זיך, איז אייער רייהע צו זינגען — האט ער צו איהר געזאָגט.

— ניין, זינגט איהר — האט געענטפערט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ.

— אָט, עס איז דאָ א ליעד: „ווניז פאָ מאַמושקע פאָ וואָלגע,"
— האט ארויסגערעדט וולאדימיר סערגעיאיטש מיט א בעזונדערער וויכטיגקייט.

— ניין, דאס האלטען מיר אויפ'ן סוף — האט געענטפערט ווערעטיעוו און, א קלאַפּ טהאָנדיג איבער די סטרונעס, האט ער, ציר־הענדיג די ווערטער, גענומען זינגען: „די זונן געהט אונטער."

געזונגען האט ער פּראַכטפאָל, לעבעדיג און פרעהלאָך. זיין מענ־ליכער פּנים, וועלכער איז אזוי אויך געוועזן פול אויסדרוק, האט זיך נאָך מעהר בעלעבט, בעת ער האט געזונגען; ווען־ניט־ווען האט ער א דרעה געטהאָן די אַקסלען, צוגעדריקט די סטרונעס מיט'ן לאַדאָן, אויפגעהויבען די האנד, א טרייסעל געטהאָן זיינע לאָקען און ווי א סאָקאָל געקוקט ארום זיך. ער האט אין מאָסקווע ניט איין מאָל גע־זעהן דעם בעריהמטען איליא'ן, און האט איהם נאָכגעמאַכט. דער כאָר האט איהם לעבעדיג אונטערגעהאלטען. ווי א קלינגענדיגער שטראָם האט זיך מאַריאַ פּאַוולאָווגאַ'ס שטימע אָבגעטהיילט פון אלע איבע־ריגע שטימען; ווי זי וואָלט אַלעמען נאָך זיך געפיהרט; אבער אליין זינגען האט זי ניט געוואָלט און ביז'ן סוף איז ווערעטיעוו געבליעבען דער הויפּט זינגער.

נאָך פיעלע אַנדערע ליעדער האט מען געזונגען...

דערווייל האט זיך צוזאַמען מיט'ן אָבענד אונטערגערוקט א שטורם.

שוין פון האלבען טאָג האט געפּארעט און פון דער ווייטענס האט זיך געהערט דאס קראַכען פון דונער; נור אָט האט א גרויסער וואָל־קען, וואס איז שוין לאַנג געלעגען, ווי א בלייענע דעקע אויפ'ן ראַנד פון הימעל, גענומען וואַקסען און זיך בעוויייזען פון הינטער די שפּיצען פון די בוימער; די שטיקענדע לופט האט געציטערט א צוטרייסעלטע פון דעם קראַכען פון'ם דונער, וואס איז צוגעקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער; א ווינד האט זיך אויפגעהויבען, גענומען הוזשען צווי־שען די בלעטער, איז אויף א ווייילע שטיל געוואָרען און ווידער גע־נומען רוישען און הוזשען; א פינסטערער נעבעל האט זיך גענומען טראָגען איבער דער ערד, שנעל פערטרייבענדיג דעם לעצטען אָבשיין פון דער אונטערגעגאַנגענער זונן. די געדיכטע וואָלקענס, ווי זיי וואָל־טען זיך אראָבגעריסען, האבען פּלוצים גענומען שווימען, טראָגען זיך

איבער'ן הימעל; א רעגענדעל האט גענומען קאַפּען, א בליץ האט א פלאַקער געטהאָן מיט א רויטען פייערל, און א דונער האט א קראַך געטהאָן שווער און בייז.

— קומט אַוועק — האט געזאָגט דער אַלטער איפּאַטאָוו — אַז ניט קענען מיר נאָך גאָס ווערען.

אַלע זיינען אויפגעשטאַנען.

— גלייך! — האט אויסגערופען ווערעטיעוו — נאָך א ליעד, די לעצטע. הערט:

„אַך דו פירהויז, מיין פירהויז,
פירהויז נייע מיינע...."

האט ער גענומען זינגען מיט א הויכען קול, פלינק א קלאַפּ טהאָנדיג מיט דער גאַנצער האַנד איבער די סטרונעס פון דער גיטאַרע. „פיר־הויז נייע, קלענאָווע" — האט אונטערגעכאַפּט דער כאָר מיט פייער.

דער רעגען האט כמעט אין דעם דאָזיגען מאָמענט גענומען כליור־פּען טייכען־ווייז; אבער ווערעטיעוו האט זיין ליעד אויסגעזונגען ביז'ן סוף. דאס לעבעדיגע ליעדעל, צייטענווייז פערטויבט פון דעם גוואַלדעווען פון'ם דונער, האט געקלונגען נאָך פרעהליכער, נאָך לע־בעדיגער, אונטער דעם טומולדיגען קלאַפּען און רוישען פון'ם רעגען. צום סוף האט זיך דערהערט דער לעצטער אַקאָרד פון כאָר — און די גאַנצע געזעלשאַפט איז מיט א געלעכטער אריינגעלאָפען אין גאַסט־צימער. בעזונדערס הויך אויפ'ן קול האבען געלאַכט די מיידעלאַך, איפּאַטאָוו'ס טעכטער, ארונטערטרייסלענדיג פון זייערע קליידער די רעגען־טראָפּענס.

איפּאַטאָוו האט פון פאָרזיכטיגקייטס וועגען צוגעמאַכט דאס פענ־סטער און פערשפּאַרט די טהיר, און יעגאָר קאַפּיטאָניטש האט איהם דערפאַר געלויבט, בעמערקענדיג, אַז מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ הייסט אויך שטענדיג אין צייט פון א שטורם אַלעס פערשפּאַרען, ווייל די עלעקטריציטעט ווירקט מעהר אין א אָפענעם פּלאַץ. באָדריאַקאָוו האט איהם א קוק געטהאָן אין פּנים, זיך אָבגערוקט און אומגעוואָרפען א שטוהל. אַזעלכע קליינע אונגליקען האבען מיט איהם פּאַסירט בסדר.

דער שטורם איז שנעל פאָראיבער. מען האט ווידער געעפענט

טהיר און פענסטער, און די צימערען האבען זיך אָנגעפילט מיט פייכ־טע, שמעקעדיגע ריח'עס. מען האט געבראכט טהעע.

נאָך'ן טהעע האבען די אַלטיטשקע זיך ווידער געזעצט צו די קאָרטען. איוואן איליאיטש האט, ווי געוועהנליך, זיך צוגעזעצט צו זיי.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט געהאט צוגעגאנגען צו מאריא פּאוולאָוונא, וועלכע איז געזעסען ביים פענסטער מיט ווערעטיעוו'ן; נור נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא האט איהם צוגערופען צו זיך און האט גלייך מיט איהם פערפיהרט א הייסען שמועס וועגען פּעטערסבורג און דעם דאָרטיגען לעבען. זי איז אָנגעפאַלען אויף יענעם לעבען; וולאַדימיר סערגעיאיטש האט איהם גענומען פערטהיידיגען. נאַ־דיעזשדא סערגעיעוונא האט, קאָנטיג, זיך געסטארעט איינצוהאלטען איהם נעבען זיך.

— וועגען וואס שפּארט איהר זיך אזוי? — האט געפרעגט ווע־רעטיעוו, זיך אויפהויבענדיג און צוגעהענדיג צו זיי.

ער האט זיך פויל געקאטשעט אין גאנג; אין אלע זיינע בעוועגונ־גען האט זיך געפיהלט צו אַן אָבגעלאָזענקייט, צו א מיעדקייט.

— אַלץ וועגען פּעטערסבורג — האט געענטפערט נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא — וולאַדימיר סערגעיאיטש קאָן זיך גאָר ניט אָבלויבען פון דאָרט.

— א שעהנע שטאָדט — האט בעמערקט ווערעטיעוו — און נאָך מיין מיינונג נאָך איז איבעראל שעהן. ביי גאָט, עס זאָלען נור זיין א צוויי־דריי פרויען און, ענטשולדיגט מיין אָפענקייט, א גוט ביסעל וויין, און דער מענש, דאכט זיך, דארף מעהר גאָרניט פער־לאנגען.

— דאס וואונדערט מיך — האט געענטפערט וולאַדימיר סער־געיאיטש — שוין־זשע דענקט איהר ווירקליך, אז פאר דעם געבילדע־טען מענשען עקזיסטירט ניט....

— עס קאָן זיין... ווירקליך... איך בין מיט אייך איינפער־שטאנדען — האט איהם אונטערבראָכען ווערעטיעוו, וועלכער קוקענ־דיג אויף זיין גאנצע העפליכקייט, האט געהאט א געוואָהנהייט ניט אויסצוהערען קיין ערוויעדערונג — אבער דאס אלעס איז ניט מיין זאך, איך בין ניט קיין פילאָזאָף.

— איך בין אויך ניט קיין פילאָזאָף — האט געענטפערט וולאַ־

דימיר סערגעיאיטש — און איך וויל דאָס גאָר ניט זיין; אבער דאָ איז די פראגע וועגען גאָר אַן אנדער זאַך.

ווערעטיעוו האט צוטראָגען א קוק געטהאָן אויף זיין שוועסטער, און זי האט שטיל א לאַך געטהאָן, זיך איינגעבויגען צו איהם און ארויסגעשעפּצעט:

— פּעטרושאַ, טהייערינקער, שטעל אונז פאָר יעגאָר קאַפּיטאָניטש׳ן, טהו אונז דעם געפאַלען.

ווערעטיעוו׳ס פּנים האט זיך אין איין מינוט אומגעביטען און, גאָט ווייסט דורך וואס פאר א וואונדער, ער איז געוואָרען שטאַרק עהנליך צו יעגאָר קאַפּיטאָניטש׳ס פּנים, כאָטש צווישען די שטריכען פוןביידע פּנים׳ער איז ניט געוועז קיין שום געמיינזאַמעס. ווערעטיעוו האט בלויז פערקנייטשט אביסעל די נאָז און ארונטערגעלאָזען די ווינקלען פון די ליפּען.

— געוויס — האט ער אָנגעהויבען שעפּטצען מיט א קול, וואס האט אין גאַנצען געקלונגען ווי יעגאָר קאַפּיטאָניטש׳ס — מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ איז א שטרענגע דאַמע, וואס אַנבעלאַנגט צו די מאַנערען; נור א ווייב איז זי דערפאר א מוסטערהאַפטע. וואס אמת — איז אמת...

— די בירולעווער פריילענס ווייסען גלייך אַלסדינג — האט אונטערגעכאַפּט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, קוים איינהאַלטענדיג דעם געלעכטער.

— אַלעס ווייסען זיי גלייך אויפ׳ן צווייטען טאָג — האט געענטפערט ווערעטיעוו מיט אַזאַ קאָמישער מינע, מיט אַזאַ צומישטען, קרומען קוק, אז אפילו וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך צולאַכט.

— ווי איך זעה, האט איהר א גרויסען טאַלענט נאָכצואַהמען — האט ער בעמערקט.

ווערעטיעוו האט א פּיהר געטהאָן מיט׳ן האנד איבער׳ן פּנים, זיינע געזיכטסציגע האבען אָנגענומען דעם געוועהנליכען אויסדרוק, און נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האט אויסגערופען:

— אַך, יאַ! ער קען אַלעמען איבערקרימען, ווענן ער וויל נור... אויף דעם איז ער א מייסטער...

— און מיך, צום ביישפיעל, וואָלט איהר אויך געקאָנט פאַר־שטעלען? — האט געפרעגט וולאדימיר סערגעיאיטש.

— און נאָך ווי! — האט געענטפערט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעי־עוונא — גאַנץ געווים.

— אַך, ביטע, שטעלט מיך פאַר — האט געזאָגט אסטאַכאָוו, זיך ווענדענדיג צו ווערעטיעוו'ן — איך בעט אייך אָהן צערעמאָניעס.

— און איהר האט איהר גלייך געגלויבט? — האט געענטפערט ווערעטיעוו, קוים־קוים פערזשמורענדיג איין אויג און צוגעבענדיג זיין שטימע דעם קלאַנג פון אסטאַכאָוו'ס קול, נור אזוי פאַרזיכטיג און לייכט, אז בלויז איין נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא האט עס בעמערקט און פערביסען די ליפּען — איהר זאָלט איהר נור ניט גלויבען, זי וועט אייך נאָך ווער ווייסט וואס דערצעהלען וועגען מיר.

— און ווען איהר זאָלט וויסען, וואס פאר אַן אַקטיאָר ער איז — האט ווייטער גערעדט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא — ער שפּיעלט אַלע ראָלען. וואונדערבאר ווי ער שפּיעלט! ער איז אונזער רעזשיסער, אונזער סופליאָר, און אַלץ וואס איהר ווילט. א שאָד, וואס איהר פאָהרט שוין באַלד אוועק.

— שוועסטער, דו ביזט צו פּאַרטייאיש צו מיר, און דאס פער־בלענדעט דיך — האט ארויסגערעדט מיט א וויכטיגען קול, נור נאָך מיט דעם זעלבען פריהערדיגען טאָן, ווערעטיעוו — וואס וועט העררְ אסטאַכאָוו וועגען דיר דענקען? ער וועט קוקען אויף דיר, ווי אויף א קליינשטעדטעלדיגע.

— וואס רעדט איהר — האט געהאט אָנגעהויבען וולאדימיר סערגעיאיטש.

— פּעטרושאַ, ווייסטו וואס — האט אונטערגעכאַפּט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונא — שטעל אונז גאָר פאָר, ווי א שכור'ערער מענש קאָן בשום אופן ניט דערלאַנגען דאס טיכעל פון קעשענע; אדער ניין, שטעל בעסער פאָר, ווי אַן אינגעל כאַפּט א פליג אויפ'ן פענסטער, און זי זשוזשעט ביי איהם צווישען די פינגער.

— דו ביזט גאָר א קינד — האט געענטפערט ווערעטיעוו.

פון דעסטוועגען איז ער אויפגעשטאַנען און, צוגעגאַנגען צום פענסטער, נעבען וועלכען עס איז געזעסען מאריאַ פּאַוולאָוונאַ, האט ער גענומען פיהרען מיט'ן האנד איבער'ן גלאָז און פאָרשטעלען, ווי

אַן אינגעל כאַפּט א פליג. ער האָט אזוי ריכטיג נאָכגעמאַכט דעם רחמנות'דיגען זשוזשען פון דער פליג, אז עס איז געווען צו בעוואונ־דערען.

נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא האָט זיך צולאַכט, און ביסלעכווייז האָבען זיך אלע אין'ם צימער צולאַכט נאָך איהר. בלויז איין מאַריא פּאַוולאָוונא האָט ניט געלאַכט, איהרע ליפּען האָבען זיך אפילו ניט א ריהר געטהאָן. זי איז געזעסען מיט אראָבגעלאָזענע אויגען, צום סוף, האָט זי זיי אויפגעהויבען און א קוק טהאָנדיג ערנסט אויף ווערע־טיעוו'ן, האָט זי ארויסגערעדט צווישען די צייהן:

— א מענש זאָל וועלען מאַכען פון זיך א לץ.

ווערעטיעוו האָט זיך גלייך אָבגעקעהרט פון'ם פענסטער, איז געשטאַנען א ווײלע אין מיטען צימער, דערנאָך איז ער ארויף אויפ'ן גאַנעק און פון דאָרט אין גאָרטען, וועלכער איז שוין אין גאַנצען פינ־סטער געוואָרען.

— א פרעהלאַכער יונג איז דיעזער פּיאָטאָר אלעקסעיאיטש! — האָט א געשריי געטהאָן יעגאָר קאַפּיטאָניטש, שטאַרק א קלאַפּ טהאָנ־דיג מיט א זיבעטעל „טרומפּף" איבער א פרעמדער טויז — ווירקליך, א פרעהלאַכער יונג!

נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא איז אויפגעשטאַנען און, צוגעהענדיג שנעל צו מאַריא פּאַוולאָוונא'ן, האָט זי שטיל געפרעגט:

— וואָס האָסטו דעם ברודער געזאָגט?

— גאָרנישט — האָט יענע געענטפערט.

— וואָס הייסט גאָרנישט, עס קען ניט זיין.

און אָבגעוואַרט א ווײלע, האָט נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא גע־זאָגט: „קום!" — האָט אָנגענומען מאַריא פּאַוולאָוונא פאַר א האַנד און זי געצוואונגען אויפצושטעהן און אוועקגעהן מיט איהר צוזאַמען אין גאָרטען.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האָט עטוואָס פערוואונדערט נאָכגע־קוקט ביידע מיידלאַך. זייער אבוועזענהייט האָט געדויערט ניט לאַנג; אין א פערטעל שעה ארום האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט, און פּיאָטאָר אלעקסעיאיטש איז אריין צוזאַמען מיט זיי.

— וואָס פאַר א פּרעכטיגע נאַכט! — האָט אויסגערופען נאַ־

דיעזשדא אלעקסעיעוונא, ארייננקומענדיג — ווי שעהן עס איז אין'ם גארטען!

— אך, יא — האט געזאגט וולאדימיר סערגעיאיטש — ערלויבט מיר צו פרעגען, מאריא פאוולאוונא, האב איך דאס אייך געזעהן ביינאכט אין גארטען?

מאריא פאוולאוונא האט שנעל א קוק געטהאן איהם אין די אויגען.

— איהר האט, דאכט זיך, אויך דעקלאמירט „אנטשאר" פון פושקין, און וויפיעל איך האב געקענט הערען...

ווערעטיעוו האט זיך לייכט אנגעכמורעט און אויך גענומען קוקען אויף אסטאכאוו'ן.

— יא, דאס בין איך געווען — האט געזאגט מאריא פאוולאוונא — אבער איך האב גארנישט דעקלאמירט, איך דעקלאמיר קיין מאל ניט.

— עס קאן זיין, מיר האט עס זיך נור אויסגעדאכט — האט אנגעהויבען וולאדימיר סערגעיאיטש — דאך...

— עס האט זיך אייך אויסגעדאכט — האט קאלט ארויסגערעדט מאריא פאוולאוונא.

— וואס איז דאס פאר אן „אנטשאר?" — האט געפרעגט נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא.

— ווי, איהר ווייסט גארניט? — האט געענטפערט אסטאכאוו — דאס איז דאך פושקין'ס א געדיכט: „אויף א גרונד א מאגערען און א הארטען," איהר געדענקט דען ניט?

— עס געדענקט זיך מיר עפעס ניט... דאס איז „אנטשאר" — דער גיפטיגער בוים?

— יא.

— ווי די דאטורען... מאשא, דו געדענקסט, ווי שעהן עס זיינען געוועזן די דאטורען ביי אונז אויפ'ן באלקאן מיט זייערע לאנגע ווייסע בלומען געגען דער שיין פון דער לבנה. דו געדענקסט, וואס פאר א גערוך עס האט זיך פון זיי געטראגען, א זיסער, א גנב'אישער, א בעטריגערישער.

— א בעטריגערישער גערוך? — האט אויסגערופען אסטאכאוו.

— יא. א בעטריגערישער. וואס וואונדערט איהר זיך אזוי? מען

זאָגט, אז דער דאָזיגער בוים איז זעהר געפעהרליך. דאָך ציהט ער צו צו זיך. פאר וואס קען דאס שלעכטע צוציהען? דאס שלעכטע האט ניט געטאָהרט זיין שעהן!

— אָהאָ! וואס פאר א פילאָזאָפיע! — האט בעמערקט פיאָטאָר אלעקסעיעוויטש — וואוהין מיר זיינען פערקראָכען פון די פערזען!

— איך האב די דאָזיגע פערזען נעכטען פאָרגעלעזען פאר מאריא פאוולאָוונא — האט אונטערגעכאַפּט וולאדימיר סערגעיאיטש — און זיי זיינען איהר זעהר געפעלען געוואָרען.

— אָך, לעזט זיי פאָר אונז אויך פאָר, איך בעט אייך — האט געזאָגט נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא.

— מיט פערגעניגען.

און אסטאכאָוו האט פאָרגעלעזען „אנטשאר."

— צו אָנגעבלאָזען — האט ווי ניט ווילענדיג ארויסגערעדט ווערעטיעוו, ווי נור וולאדימיר סערגעיאיטש האט געענדיגט.

— דאס געדיכט איז צו אָנגעבלאָזען?

— ניין, ניט דאס געדיכט... ענטשולדיגט מיר, מיר דאכט זיך, אז איהר לעזט ניט גענוג איינפאך. די זאך רעדט פאר זיך אליין; דאָך איך קאָן האבען א טעות.

— ניין, דו האָסט ניט קיין טעות! — האט געזאָגט נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא, ציהענדיג די ווערטער.

— נו, דאס איז דאָך שוין א בעוואוסטע זאך! איך בין אין דיינע אויגען א גאון, א מענש פול מיט טאלענט, וועלכער וויים אלעס און וואָלט אלעס געקאָנט טהאָן, נור, צום אומגליק, פוילט ער זיך צו, — ניט אמת?

נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא האט בלויז א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— איך וועל זיך מיט אייך ניט שפּארען, איהר דארפט עס וויסען בעסער פון מיר — האט געזאָגט וולאדימיר סערגעיאיטש און האט זיך אביסעל אָנגעבלאָזען — איך פערנעהם זיך ניט מיט אזעלכע זאכען.

— איך האב געהאט א טעות, ענטשולדיגט — האט שנעל גע־ענטפערט ווערעטיעוו.

דערוויל האבען די איבעריגע געענדיגט שפּיעלען אין קאַרטען.

— הערט, וולאדימיר סערגעיאיטש — האט געזאָגט איפּאטאָוו, אויפשטעהענדיג — איינער א היגער גוטסבעזיצער, אונזערער א שכן און זעהר א וואוילער און אנשטענדיגער מענש, האט מיר איבערגע־געבען איך צו פרעגען, צו וועט איהר איהם אפשר פערשאפען די עהרע און קומען צו איהם אויף א באל. דאס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אזוי. פאר שעהנקייט ווענען: באל. זיין וועט דאָרט א גאנץ איינ־פאכע אונטערהאלטונג, א וועטשערינקע מיט טענץ, אָהן איבעריגע צערעמאָניעס. ער וואָלט אליין צו אייך געקומען, האט ער אבער מורא געהאט אייך צו שטערען.

— איך בין זעהר דאנקבאר דעם הערר גוטסבעזיצער — האט געענטפערט וולאדימיר סערגעיאיטש — אבער איך מוז אונבעדינגט פאָהרען אהיים...

— און וועז מיינט איהר איז דער באל? מאָרגען איז דאָך שוין דער באל. גאווריל סטעפּאניטש'ס געבורטסטאָג איז מאָרגען און דער־פאר איז דאס די גאנצע שמחה. איין טאָג, וואס מאכט זייך אויס, און איהם וועט איהר דערמיט זעהר דערפרעהען! און אין גאנצען איז דאס פון דאנען צעהן וויאָרסט. אויב איהר ווילט, וועלען מיר אייך אהין צופיהרען.

— איך ווייס ווירקליך ניט — האט אָנגעהויבען וולאדימיר סער־געיאיטש — און איהר פאָהרט?

— איך פאָהר מיט דער גאנצער פאמיליע! און נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא, און פיאָטאָר אלעקסעיאיטש, אלע פאָהרען!

— אויב איהר ווילט, קאָנט איהר מיר גלייך איינלאדען אויף דער פינפטער קאדריל — האט בעמערקט נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא — די ערשטע פיער זיינען שוין אָפּגעגעבען.

— איהר זייט זעהר ליעבענסווירדיג; און אויף דער מאזורקע זייט איהר שוין איינגעלאדען?

— איך? לאָזט זיך מיר דערמאָהנען... ניין, דאכט זיך, איך בין נאָך ניט געלאדען.

— אויב אזוי, אז איהר וועט זיין אזוי גוט, וואָלט איך וועלען האבען די עהרע....

— הייסט עס אַלזאָ, אַז איהר פאָהרט? גוט. איך בין צו־פריעדען.

— בראַוואָ! — האט א געשריי געטהאָן איפּאַטאָוו — וולאַדי־מיר סערגעיאיטש, איהר האט מיר געטהאָן א געפאַלען. גאַווּרילאַ סטע־פּאַניטש וועט זיין אויסער זיך פאר פרייד. ניט אמת, איוואַן איל־איטש?

איוואַן אילאיטש האט, ווי זיין שטייגער איז געוועזן, געוואָלט פערשווייגען, דאָך האט ער זיך בערעכענט, אז עס איז בעסער צו זאָגען „יאָ!"

---

— וואס איז דיר איינגעפאַלען? — האט אין א שטונדע ארום געזאָגט פּיאָטאָר אַלעקסעיאיטש צו זיין שוועסטער, זיצענדיג מיט איהר אין א ליכטען וועגעלע, וועלכען ער אליין האט אָנגעטריבען — וואס איז דיר איינגעפאַלען, אָנצוטשעפּען זיך אָן יענעם צוקראַכענעם פּראַנט מיט א מאַזורקע?

— אויף דעם האב איך מיינע אייגענע פּלענער — האט געענט־פערט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ.

— וואס זיינען דאס פאר פּלענער, ערלויב מיר צו וויסען?

— דאס איז מיין געהיימניס.

— אָהאָ!

און ער האט ליכט א שמיץ געטהאָן מיט'ן בייטש דעם פערד, וועלכער האט אָנגעהויבען צו פאָרשקען, מאַכען מיט די אויערען און ניט געוואָלט געהן ווייטער. איהם האט געשראָקען דער שאָטען פון א גרויסען ליגזען בוש, וואס איז געפאַלען אויפ'ן דונקעל־בעלויכטע־נעם וועג.

— און דו טאַנצסט מיט מאַשאַ'ן? האט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעי־עוונאַ געפרעגט איהר ברודער.

— יאָ — האט ער געענטפערט גלייכגילטיג.

— יאָ! יאָ! — האט איבערגע'חזר'ט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעו־נאַ מיט א פאָרוואורף — איהר מענער — האט זי צוגעלייגט אין א ווייַלע ארום — זייט אבסאָלוט ניט ווערטה, אז אנשטענדיגע פרויען זאָלען אייך ליעבען.

— דו דענקסט אזוי? נו, און יענער פעטערסבורגער צוקראָכענער פראַנט איז יאָ ווערטה?

— גיכער ווי דו.

— אזוי גאָר!

און פיאָטאָר אַלעקסעיאיטש האט צוגעזעצט מיט א זיפץ:

„וואס פאר אַן אויפגאַבע, הערר גאָט,
איז צו זיין... דער ברודער פון אַן ערוואַקסענער שוועסטער!"

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האט זיך צולאַכט.

— אַ סך קאָפּ דרעהעניש מאַך איך דיר, נישטאָ וואס צו ריידען. זעהסטו, אָט מיט דיר האב איך אַן עסק.

— ווירקליך? און איך האב דאס גאָרניט געוואוסט.

— איך רייד דאָ ניט אַנטקעגען מאַשאַ'ן.

— אַנטקעגען וועמען־זשע דען?

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ'ס פנים איז עטוואָס טרויעריג געוואָרען.

— אַה, איך פערשטעה! וואס זאָל מען טהון, נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, איך האב ליעב אריינצוגיסען מיט א גוטען ברודער, א זינדיגער מענש בין איך, האב ליעב דעם טרונק.

— הער אויף, ברודער, איך בעט דיך, רייד ניט אזוי!... דאס איז ניט קיין שפאַס!

— טראַם־טראַם־טאַם־פּום — האט אויסגעזונגען פיאָטאָר אַלעקסעיעוויטש צווישען די צייהן.

— דאס איז דיין רואינע, דיין אונגליק, און דו לאַכסט...

„דער בחור זעהט גערשטען, דאָס ווייב זאָגט מאָן" — האָט אין דער הויך גענומען זינגען פיאָטאָר אַלעקסעיאיטש, האט א שמיץ געטהאָן דעם פערד מיט די לייצעס, און ער האט זיך גענומען טראָגען אין גאַלאָפּ.

---

## IV.

געקומען צופאָהרען אַהיים, האט זיך ווערעטיעוו ניט אויסגע־טהאָן, און אין א שעה צוויי ארום, דער מאָרגען שטערן האט נור וואס געגומען אויפגעהן איבער'ן הימעל, איז ער שוין אין דער היים ניט געוועזן.

אויפ'ן האַלבען וועג צווישען זיין גוט און איפּאַטאָווקע, אויפ'ן סאַמע ברעג פון דעם ברייטען טייך, האט זיך געפונען א קליינער ביר־קען וועלדעל. די יונגע בוימער זיינען געוואַקסען זעהר געדיכט, קיין האַק האט זיך נאָך ניט צוגעריהרט צו זייערע גלייכע שטאַמען. ניט קיין געדיכטער, אבער א גאַנץ לאַנגער שאָטען האט זיך פון די קליינע בלעטלאַך געלייגט אויף די ווייכע און דינע גראָז, וואס זיינען אין גאַנצען פערשאָטען געוועזן מיט גאָלדענע פעלד־בליהמעלאַך, מיט ווייסע וואַלד־גלעקעלאַך און מיט רויטע געווירץ־נעלקען. די ניט לאַנג־אויפ־געגאַנגענע זונן האט פערגאָסען דאס גאַנצע וועלדעל מיט א שטאַרקער, כאָטש ניט קיין העלער שיין. אומעדום האבען געפינקעלט טראָפּענד־לאַך טהוי; וואו־ניט־וואו האבען זיך פּלוצים אָנגעצונדען און גע־בליסטשעט גרויסע טראָפּענס; אַלעס האט געאַטהעמט מיט פר״ש־קייט, מיט לעבען און מיט יענער אונשולדיגער פייערליכקייט, וועלכע פיהלט זיך באַלד פון פריה, ווען אַלעס ארום איז שוין אַזוי ליכטיג און אַזוי שווייגעדיג און שטום...

עס האבען זיך בלויז געהערט די שטימען פון לערכען, וועלכע האבען זיך צוגאָסען איבער די ווייטע פעלדער. און אין'ם וועלדעל אליין האָבען צוויי־דריי פויגעלאַך ניט איילענדיג זיך געוואָרקעט און דערנאָך, ווי צוגעהערט זיך צו זייערע איִיגענע שטימען. פון דער פייכ־טער ערד האט געשמעקט מיט א געזונטען, שטאַרקען גערוך, די לופט איז געוועזן ריין, לייכט און קיהל. עס האט זיך געפיהלט דער פריהמאָר־גען, דער ליעבער זומערדיגער פריהמאָרגען האט געוועהעט פון אַלס־דינג ארום, אלסדינג האט געקוקט און געלאַכט מיט'ן פריהמאָרגען, ווי א רויטער, נור וואס אויסגעוואַשענער פּנים'על פון א נור וואס ערוואַכטען קינד.

ניט ווייט פון'ם טייך, אין מיטען פון א קליין לאָנקע, איז אויף

אן אויסגעשפרייטען מאנטעל געזעסען ווערעטיעוו. מאריא פאוולאָוור־נא איז געשטאַנען נעבען איהם, אָנגעשפּאַרט אָן א בירקען־בוים און פערלייגט די הענד אהינטער.

זיי האבען ביידע געשוויגען. מאריא פאוולאָוונא האט אונבעוועג־ליך געקוקט אין דער ווייטקייט אריין; דער ווייסער שאַרף איז פון איהר קאָפּ אויף די פלייצעס אראָבגעפאלען, א ווינטעל האט בעוועגט און אויפגעהויבען די שפּיצען פון איהרע אויף גיך פערקאַמטע האָאַר. ווערעטיעוו איז געזעסען אָנגעבויגען און געקלאפּט מיט א צווייגעל איבער די גראָז.

— איז וואס — האט ער צום סוף אָנגעהויבען — איהר זייט אויף מיר אין כעס?

מאריא פאוולאָוונא האט ניט געענטפערט.

ווערעטיעוו האט אויף איהר א קוק געטהאָן.

— מאשא, איהר זייט אין כעס? — האט ער איבערגעפרעגט.

מאריא פאוולאָוונא האט אויך געוואָרפען א שנעלען בליק, האט זיך עטוואס אָבגעקעהרט און ארויסגערעדט.

— יאָ.

— פארוואס? — האט געפרעגט ווערעטיעוו און אוועקגעוואָר־פען דעם צווייגעל.

מאריא פאוולאָוונא האט ווידער ניט געענטפערט.

— אייגענטליך האט איהר ווירקליך א רעכט צו זיין בייז אויף מיר — האט אָנגעהויבען ווערעטיעוו נאָך א קורצען שווייגען — איהר מוזט מיך האלטען ניט נור פאר א לייכטזיניגען מענשען, נור זאָגאר....

— איהר פערשטעהט מיך ניט — האט איהם איבערגעשלאָגען די רייד מאריא פאוולאָוונא — איך בין אויף אייך אין כעס ניט פאר זיך.

— פאר וועמען־זשע דען?

— פאר אייך אליין.

— אה! איך פערשטעה! — האט ער ווידער גענומען ריידען— ווידער! ווידער מאטערט אייך דער געדאנק: וואס איך מאך פון זיך גאָרנישט, טהו קיין זאך ניט? ווייסט איהר וואס, מאשא: איהר זייט א מערקווירדיגער מענש, ביי גאָט. איהר זאָרגט זיך אזוי פיעל

וועגען אנדערע און אזוי וויניג וועגען זיך אליין. אין אייך איז גאר קיין עגאאיזם נישטא,ווירקליך. נאך אזא מיידעל, ווי איהר, איז אויף דער וועלט נישטא. איין צרה איז נור: איך בין אבסאלוט ניט ווערטה אייער ליעבע; דאס זאג איך ניט אויף שפאס.

— דאן איז נאך ערגער פאר אייך. איהר פיהלט עס און טהוט גארניט.

ווערעטיעוו האט ווידער א לאך געטהון.

— מאשא, נעהמט ארויס פון היטנער'ן רוקען און גיט מיר אייער האנד — האט ער ארויסגערעדט מיט א לאסטשענדיגען און איינשמייכלענדיגען קול.

מאריא פאוולאוונא האט בלויז א דריק געטהאן מיט אן אקסעל.

— גיט מיר אייער שעהנע, עהרליכע האנד, מיר ווילט זיך א קוש טהאן זי מיט דרך ארץ און צערטליך. אזוי קושט א לייכטזיניגער אינגעל די האנד פון זיין נאכזיכטיגען לעהרער.

און ווערעטיעוו האט זיך א ציה געטהאן צו מאריא פאוולאוונא.

— הערט אויף! — האט זי געזאגט — איהר האלט אלץ אין איין לאכען און שפאסען, און וועט אזוי פערשפאסען אייער גאנץ לעבען.

— הם! פערשפאסען דאס לעבען! דאס איז א נייער אויסדרוק! איך האף, מאריא פאוולאוונא, אז איהר מיינט עס טאקע אויף אן אמת!

מאריא פאוולאוונא האט אנגעכמורעט די ברעמען.

— הערט אויף, ווערעטיעוו — האט זי נאך אמאל געזאגט.

— פערשפאסען דאס לעבען — האט ווייטער גערעדט ווערעטיעוו און זיך אויפגעהויבען — און איהר וועט נאך ערגער טהאן: איהר וועט זיין ערנסט אייער גאנצעס לעבען. ווייסט איהר, מאשא, איהר דערמאהנט מיך אן א געוויסע סצענע פון פושקין'ס דאן־זשואן. איהר האט ניט געלעזען פושקין'ס דאן־זשואן?

— ניין.

— יא, איך האב גאר פערגעסען, אז איהר לעזט ניט קיין געדיכטע. דארט,אין דעם געדיכט, קומען צו א געוויסער לאורא געסט, זי טרייבט זיי אלעמען ארויס און בלייבט מיט איינעם, מיט קארלאס'ן. זיי ביידע געהען ארויס אויפ'ן באלקאן, די נאכט איז א וואונדער־שעהנע. לאורא בעוואונדערט די ארומיגע שעהנקייט, און קאר־

לאָם נעהמט זיך איהר פּלוצים בעווייזען, אז זי וועט מיט דער צייט אַלט ווערען. — נו, איז וואס, ענטפערט איהם לאאורא, איצט, קאָן זיין, איז אין פּאריז קאַלט און רעגענדיג און דאָ, ביי אונז: „שמעקט די נאַכט מיט ציטראָנען און לאָרבער בלעטער." צו וואס זאָל מען זיך פערטראַכטען וועגען דער צוקונפט? קוקט זיך ארום, מאשאַ, איז דען דאָ ניט פּראַכטפאָל? טהוט א קוק, ווי אַלעס פרעהט זיך מיט'ן לעבען, ווי אַלעס איז יונג און מיר אַליין זיינען דען ניט יונג?

ווערעטיעוו איז צוגעגאַנגען צו מאַריא פּאוולאָווּנא. זי האט זיך פון איהם ניט אָבגערוקט, האט אבער ניט אומגעקעהרט צו איהם דעם קאָפּ.

— טהוט א שמייכעל, מאשא — האט ער ווייטער גערעדט — נור מיט אייער גוטען שמייכעל, ניט מיט דעם געוועהנליכען שפּאָטישען. איך האב ליעב אייער גוטען שמייכעל. הויבט אויף אייער שטאָלצע, שטרענגע אויגען. וואס טהוט איהר? איהר קעהרט זיך אָב. שטרעקט מיר כאָטש אוים אייער האַנד.

— אָך, ווערעטיעוו — האט אָנגעהויבען מאשא — איהר ווייסט דאָך, איך קען ניט שעהן ריידען. איהר האט מיר דערצעהלט וועגען יענער לאאורא. אבער זי איז דאָך א פרוי... א פרוי קאָן מען פערצייהען, ווען זי טראַכט ניט וועגען דער צוקונפט.

— ווען איהר רעדט, מאשא — האט געענטפערט ווערעטיעוו — ווערט איהר נאָכאַנאַנד רויט פון אייגענליעבע און שעהמעוודיגקייט, דאס בלוט זעצט אייך אין די באַקען און פערגיעסט זיי מיט א העל־רויטען שטראָם, איך האב דאס שרעקליך ליעב צו זעהן אין אייך.

מאַריא פּאוולאָווּנא האט א קוק געטהאָן גלייך ווערעטיעוו'ן אין די אויגען.

— לעבט וואָהל — האט זי ארויסגערעדט און ארויפגעוואָרפען דעם שאַל אויפ'ן קאָפּ.

ווערעטיעוו האט זי אָבגעהאַלטען.

— הערט אויף, הערט אויף, ווארט א ווײַלע! — האט ער א געשריי געטהאָן — נו, וואס ווילט איהר? בעפעהלט! ווילט איהר, איך זאָל אָנקומען אין דיענסט, איך זאָל ווערען אן אַגראָנאָם? ווילט איהר איך זאָל ארויסגעבען ראָמאַנסען מיט דעם אַקאָמפּאַנימענט פון דער גיטאַרע, איך זאָל דרוקען א זאַמלונג געדיכטע, צייכנונגען, איך

זאָל זיך פאַרנעהמען מיט מאהלעריי, מיט סקולפּטור, מיט טאַנצען אויפ׳ן שטריק? אַלעס, אַלעס וועל איך טהאָן, אַלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען, אבי איהר זאָלט זיין מיט מיר צופריעדען! נו, ווירקליך, מאַשאַ, גלויבט מיר.

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האט א קוק געטהאָן אויף איהם.

— דאס אַלעס איז נור גערעדט, אבער ניט אין דער ווירקליכקייט. איהר פערזיכערט מיך, אז איהר פאָלגט מיך...

— געווים פאָלג איך.

— איהר פאָלגט, און דאָך, וויפיעל מאָל האב איך אייך שוין געבעטען....

— וואס?

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ איז רויט געוואָרען און ניט גלייך געענטפערט.

— ניט טרינקען קיין ווין — האט זי צום סוף ארויסגערעדט.

ווערעטיעוו האט זיך צולאַכט.

— אַך, מאַשאַ, מאַשאַ! און איהר אויך! די שוועסטער מיינע עסט זיך אויך דאס לעבען דערפון. אבער, ערשטענס, בין איך גאָרניט קיין שכור; און, צווייטענס, ווייסט איהר פארוואס איך טרינק? טהוט אַקאָרשט א קוק, אָט, אויף יענער שוואַלב... זעהט, ווי פראנק און פריי זי בעוועגט מיט איהר קליין קערפּער׳ל, וואו זי וויל, דאָרט גיט זי איהם א וואָרף! אָט, האט זי זיך א דרעה געטהאָן אין לופטען, אָט האט זי זיך א וואָרף געטהאָן ארונטער, האט זאָגאַר א קוויטשע געטהאָן פאר פרייד, איהר הערט? איז אָט פארוואס איך טרינק, מאַשאַ, אום דורכצופיהלען יענע אַלע עמפּפינדונגען, וועלכע עס פיהלט יענע שוואַלב... וואַרף זיך, וואוהין דו ווילסט, טראָג זיך אַוועק, וואוהין דיר וועט איינפאַלען....

— אבער צו וואס פּאַסט דאס? — האט איהם אונטערבראָכען מאַשאַ.

— וואס הייסט צו וואס? — אז ניט דאס, אויף וואס טויג דאס לעבען?

— שוין־זשע קען מען עס אָהן ווין ניט טהאָן?

— ניין, אונמעגליך: מיר זיינען אַלע איבערגעפיהרט, צודריקט.

אַט די ליידענשאַפט... יענע איבט אויס די זעלבע ווירקונג. דערפאַר טאַקע האָב איך אייך ליעב.

— אזוי ווי וויין... איך דאנק אייך זעהר.

— ניין, מאשא, איך ליעב אייך ניט ווי וויין. ווארט אויס, איך וועל עס אייך ווען עס איז בעווייזען, ווען מיר וועלען הייראטהען און צוזאמען אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד. ווייסט איהר, איך טראַכט שוין פריהער וועגען דעם, ווי איך וועל אייך פיהרען ציינען די בעריהמטע סטאַטוע פון ווענערע. דאָרט וועט זיך פאסען צו זאָגען.

און ער האט איהר איבערגעלעזען א געדיכט, אין וועלכען ער האָט זי פערגליכען מיט דער שטרענגער און שטאָלצער ווענערע...

— אבער וואס רייד איך היינט עפּעס נור מיט פערזען? — האט ער זיך פּלוצים א כאַפּ געטהאָן — דער פריהמאָרגען, מסתמא, ווירקט עס אזוי אויף מיר. וואס פאר א לופט! ווי דו וואָלסט וויין גע־טרונקען.

— ווידער וויין — האט בעמערקט מאריא פּאוולאָוונא.

— נו, וואס איז פאר א וואונדער! אזא פריהמאָרגען, און איהר זייט נעבען מיר, און איך זאָל זיך ניט פיהלען, ווי בערוישט! אָט קוקט איהר אויף מיר מיט אייערע שטרענגע אויגען... יאָ — האט ווייטער גערעדט ווערעטיעוו, קוקענדיג דורכדריינגענד אויף מאריא פּאוולאָוונא — אזוי איז דאס.... און דאָך געדענק איך, איך האָב געזעהן דיעזע אויגען, אפילו זעלטען, אבער דאָך געזעהן, ווי דיעזע דונקעלע, פּראַכטפולע אויגען קוקען מיט צערטליכקייט! און ווי שעהן, ווי פּרעכטיג זיי זיינען דאַן! נו, קעהרט זיך ניט אָב, מאשא. נו, טאָ גיט כאָטש א לאַך... ווייזט מיר אייערע אויגען כאָטש פרעהליכע, אויב איהר ווילט מיך ניט בעעהרען מיט א צערטליכען בליק.

— הערט אויף, ווערעטיעוו — האט געזאָגט מאריא פּאוולאָוונא

— לאָזט מיך אָב, מיר איז צייט אַהיים צו געהן.

— איך וועל אייך דאָך מאַכען צו לאַכען — האט אונטערגעכאַפּט ווערעטיעוו — ביי גאָט, איהר וועט ביי מיר מוזען לאַכען. אגב, ניט א קוק, אָט לויפט א האָז....

— וואו? — האט געפרעגט מאריא פּאוולאָוונא.

— אָט, הינטער׳ן גראָבען, איבער דעם האָבער פעלד. אימיצער האט איהם, הפּנים, איבערגעשראָקען; געוועהנליך, לויפען זיי ניט

אין די פריהמארגענס. ווילט איהר, וועל איך איהם גלייך אבשטעלען?

און ווערעטיעוו האט הויך א פייף געטהאן. דער האז האט זיך גלייך צוגעזעצט, א פיהר געטהאן מיט די אויערען, בעהאלטען די פאר־דערשטע לאפקעס הינטער זיך, האט זיך אויסגעגלייכט, א קייה געטהאן מיט די ליפען, א שמעק געטהאן די לופט און ווידער א קייה געטהאן. ווערעטיעוו האט זיך פלינק אראבגעלאזט אויף די קניע אזוי ווי דער האז און גענומען דרעהען מיט'ן נאז, שמעקען און קייען, ווי יענער. דער האז האט א פיהר געטהאן א פאאר מאל מיט די לאפקעס איבער זיין מארדקע, האט זיך א טרייסעל געטהאן — זיי זיינען וואהרשיינ־ליך געוועזן נאס פון טהוי — האט אנגעשטעלט די אויערען און זיך אבגעטראגען וועיטער. ווערעטיעוו האט זיך א ריעב געטהאן מיט די הענד איבער די באקען און זיך אויך א טרייסעל געטהאן... מאריא פאוולאוונא האט ניט אויסגעהאלטען און זיך צולאכט.

— בראווא! — האט אנגעשריי געטהאן ווערעטיעוו און איז אויפגעשפרונגען — בראווא! דאס איז דאך די זאך, וואס איהר זייט ניט קיין קאקעטקע. ווייסט איהר, ווען איינע פון אונזערע וועלטליכע פריילענס וואלט געהאט אזעלכע ציינער, ווי איהר, וואלט זי אייביג גע־לאכט. אבער דערפאר טאקע ליעב איך אייך, מאשא, ווייל איהר זייט ניט קיין וועלטליכע פריילען, ווייל איהר לאכט ניט אהן א פארוואס, טראגט ניט קיין האנדשוה אויף אייערע הענד, וועלכע איז דערפאר טאקע אזוי אנגענעהם צו קושען, ווייל זיי זיינען פערברענט און די פיהלסט אין זיי א קראפט... איך ליעב אייך דערפאר, וואס איהר חכמה'ט זיך ניט, ווייל איהר זייט שטאלץ, רעדט ווייניג, לעזט ניט קיין ביכער, האט ניט ליעב קיין געדיכטע...

— אויב איהר ווילט, וועל איך פאר אייך פארלעזען א געדיכט?

— האט איהם מאשא אונטערבראכען מיט עפעס א מין בעזונדערען אויסדרוק אויפ'ן פנים.

— א געדיכט? — האט געפרעגט ווערעטיעוו א פערוואונ־דערטער.

— יא, א געדיכט, דעם זעלבען, וואס יענער פעטערסבורגער הערר האט נעכטען פארגעלעזען.

— ווידער „אנטשאר?" האט איהר עס ווירקליך דעקלאמירט

ביינאכט אין גאָרטען? פאר איך פאסט זיך דאס... איז עס אייך דען אזוי שטארק געפעלען געוואָרען?

— יאָ, געפעלען.

— לעזט פאָר.

מאריא פאוולאָוונא האט זיך פערשעהמט....

— לעזט, לעזט — האט נאָך אמאָל געזאָגט ווערעטיעוו.

מאריא פאוולאָוונא האט גענומען לעזען. ווערעטיעוו האט זיך אוועקגעשטעלט פאר איהר, צוזאמענגעלעגט די הענד אויף דער ברוסט און זיך צוגעהערט. ביים ערשטען פערז האט מאריא פאוולאָוונא לאנג־זאם אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל: איהר האט זיך ניט געוואָלט טרעפען מיט די בליקען מיט ווערעטיעוו'ן. זי האט געלעזען מיט איהר גלייכמעסיגען, ווייכען קול, וועלכער האט דערמאָהנט אָן די קלאנגען פון א וויאָלאָנטשעל; נור ווען זי איז געקומען צו די פערזען:

„און גּעשטאָרבען איז דער אָרימער שקלאף ביי די פיס
פון דעם אונבעזיגבארען הערשער..."

האט איהר קול גענומען ציטערען, די אונבעוועגליכע, שטאָלצע ברע־מען האבען זיך אויפגעהויבען נאאיוו, ווי ביי א קליין מיידעלע, און איהרע אויגען האבען ניט ווילענדיג, מיט צערטליכער איבערגעבענ־הייט, זיך אָבגעשטעלט אויף ווערעטיעוו'ן...

ער האט זיך פלוצים א וואָרף געטהאָן צו איהרע פיס און ארומגע־כאפט איהרע קניע.

— איך בין דיין שקלאף — האָט ער אויסגעשריען — איך בין ביי דיינע פיס, דו ביזט מיין הערשערין, מיין געטין, מיין שווארץ־אויגענדיגע גערא, מיין מעדעא....

מאריא פאוולאָוונא האט איהם געוואָלט אָבשטופען פון זיך; אבער איהרע הענד זיינען פערשטאָרבען אין די גערדיכטע לאָקען זיינע, און זי, מיט א צומישטען שמייכעל אויף די ליפען, איז צוגעפאלען מיט איהר קאָפ צו איהם אויף דער ברוסט . . .

---

## V.

גאווריל אָ סטעפּאַניטש אַקולין, ביי וועמען עס האט דאס געזאָלט זיין דער באַל, האט געהערט צו יענע גוטסבעזיצער, וועלכע רופען ארויס צו זיך די בעוואונדערונג פון זייערע שכנים דערמיט, וואס זיי פערשטעהען צו לעבען שעהן און אנגענעהם מיט קליינע מיטלען.

האבענדיג זיין אייגענס ניט מעהר ווי פיער הונדערט פויערים, האט ער אין זיין גרויסען שטיינערנעם הויז, וועלכען ער אליין האט אויסגעבויט מיט זיילען, מיט א טהורעם און מיט א פאָהן אויפ׳ן טהור־רעם, צוגענומען אלס געסט כמעט די גאנצע גובערניע מיט מענשען. דאס דאָזיגע גוט, וועלכע ער האט געקראָגען פון זיין פאָטער, איז קיין מאָל ניט געווען בעזונדערס גוט פערוואלטעט; גאווריל אָ סטעפּאַניטש האט זיך א לאַנגע צייט דאָרט ניט געפונען, ער האט געדיענט אין פּעטערסבורג. — צום סוף, מיט א יאָהר פופצעהן צוריק, האט ער זיך צוריקגעקעהרט אהיים מיט דער ווייב און דריי טעכטער, און גלייך זיך א נעהם געטהאָן איינפיהרען נייעסען און איבערבויען די געביידעס. אין דער זעלבער צייט האט ער אויך איינגעסטראָיעט אַן אָרקעסטער און גענומען מאכען בעלער. אין אָנהויב האבען איהם אלע פּאָראויסגע־זאָגט, אז ער וועט גאָר אין גיכען רואינירט ווערען; ניט איין מאָל האבען זיך געטראָגען קלאַנגען, אז מען פערקויפט גאווריל אָ סטעפּאַ־ניטש׳ס גוט דורך׳ן אויקציאָן. אבער יאָהרען זיינען אוועק; מאָהל־צייטען, בעלער, אבענדען און קאָנצערטען האבען געפאָלגט איינער נאָך דעם אנדערען, נייע געביידען זיינען אויסגעוואקסען, ווי שוועמ־לאך פון ד׳ערד, און גאווריל אָ סטעפּאַניטש׳ס גוט האט מען פון דעסט־וועגען דורך׳ן אויקציאָן ניט פערקויפט, און ער אליין האט זיך גע־לעבט, ווי פריהער, איז זאָגאר דיקער געוואָרען די לעצטע צייט.

דאַן האבען די רייד פון די שכנים אָנגענומען אַן אַנדער ריכטונג. זיי האבען גענומען געבען אָנצוהערענישען וועגען געוויסע גרויסע, בע־האלטענע סומען געלד, מען האט גענומען ריידען וועגען אַן אוצר...

„וואָלט ער כאָטש א גוטער ווירטה געווען,״ — האבען צווישען זיך געשמועסט די גוטסבעזיצער — „איז דאָך אבער דאס אויך ניט! אָט וואס איז א וואונדער און וואס מען קען ניט פערשטעהען.״

אבער ווי די זאך זאל דארט ניט האבען געווען, צו גאווארילא סטע־פאניטש'ן אין געסט זיינען אלע געפאהרען זעהר גערן. ער האט זעהר פריינדליך אויפגענומען די געסט און קארטען האט ער געשפיעלט אויף וואס פאר א סטאווקע זיי האבען געוואלט.

ער איז געווען א קליינער, גרויער אלטינקער, מיט א שפיציג קעפעל, א געל פנים און געלע אויגען, שטענדיג ריין אבגעגאלט און בעגאסען מיט אדעקאלאן. ער האט אום יום טוב און אין דער וואכען געטראגען א לויזען, בלויען פראק, א פערשפיעלטען ביז ארויף, א גרויסען האלזטוך, אין וועלכען ער האט געהאט א געוואהנהייט צו בע־האלטען זיין מארדע, און האט קאקעטירט מיט זיינע ווייסע וועש; ער האט געזשמורעט די אויגען און אויסגעצויגען די ליפען, ווען ער האט טאבאק געשמעקט און גערעדט האט ער זעהר פריינדליך און וייך. אויסערליך האט גאווארילא סטעפאניטש זיך ניט אויסגעצייכענט מיט קיין בעזונדערער לעבהאפטיגקייט און, בכלל, האט ער ניט געמאכט דעם איינדרוק פון קיין גרויסען חכם, כאטש אין זיינע אויגען האט צייטענוייז געשיינט א כיטרער פייערל. די צוויי עלטערע טעכטער האט ער גאנץ גוט אויסגעגעבען. די אינגערע איז נאך געווען אין הויז אלס כלה. גאווארילא סטעפאניטש האט אויך געהאט א ווייב, א ניט וויכטיגע און שטומע בעשעפעניש.

ארום זיעבען אזייגער פארנאכט איז וולאדימיר סערגעיאיטש געקומען צו די איפאטאווס, אנגעטהאן אין א פראק און ווייסע האנד־שוה. ער הא טשוין אלעמען געטראפען אין גאנצען אנגעטהאן. די מיידלאך זיינען געזעסען שטאטעטשנע, מורא האבענדיג צו צוקניי־טשען זייערע ווייסינקע אנגעקראכמאלעטע קליידעלאך; דער אלטער איפאטאוו, דערזעהן וולאדימיר סערגעיאיטש'ן אין פראק, האט ער איהם פריינדליך אויסגערעדט און אנגעוויעזען אויף זיין איינפאכען סורטוק. מאריא פאוולאוונא האט געטראגען א דונקעל ראזע באטים־טענע קלייד, וועלכע האט זעהר געפאסט צו איהר. וולאדימיר סערגעי־איטש האט איהר געמאכט עטליכע קאמפלימענטען. מאריא פאוולאוו־נא'ס שעהנהייט האט איהם צוגעצויגען צו זיך, כאטש זי האט, קאנ־טיג, זיך געהאלטען פון איהם פון דער וויטענס; נאדיעזשדא אלעק־סעיעווגא איז איהם אויך געפעלען, נור די פרייקייט פון איהר בענעה־מען זיך האט איהם אביסעל צוטומעלט. דערצו האט זיך אין איהרע

רייד, אין די בליקען, אין דעם שמייכעל זאָגאר אָפט געפיהלט עפּעס א מין אָבלאַכען, א שפּאָט, און דער דאָזיגער שטריך איהרער האט שטאַרק בעאונרוהיגט זיין גרויסשטאָדטישע און עדעל ערצויגענע נשמה. איהם וואָלט ניט הארען מיט איהר אין איינעם א לאַך צו טהאָן פון אנדערע, אבער איהם איז אונאנגענעהם געווען צו דענקען, אז זי קאָן נאָך, חלילה, אָבלאַכען פון איהם אליין.

דער באַל האט זיך שוין אָנגעהויבען; עס האבען זיך צוזאַמענ־געקליעבען א סך געסט און דער היימיש געבאַקענער אָרקעסטער האט געטראַסקעט, געהודיעט און געפייפט אין כאָר, ווען איפּאַטאָוו'ס פאַ־מיליע צוזאַמען מיט וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן זיינען אריין אין זאַאַל פון אקולין'ס הויז. דער בעל הבית האט זיי בעגעגענט ביים טהיר און האט געדאַנקט וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן פאר דעם סורפּריז, וואס ער האט איהם געמאַכט מיט זיין קומען, און גענומען איפּאַטאָוו'ן אונ־טער'ן האנד, האט ער איהם אוועקגעפיהרט אין גאַסטצימער, צו די קאָרטען־טישלאָך.

גאַווריל(אָ) סטעפּאַניטש האט ניט געקראָגען קיין גוטע ערציהונג, און אלעס ביי איהם אין הויז, אי די מוזיק, אי די מעבעל, אי די שפּיי־זען, אי די וויינען, האבען זיך ניט נעקענט אָנרופען ערשטער קלאַסע, נור אפילו פאר צווייטער קלאַסע האבען זיי אויך ניט געטויגט. דערפאר איז אבער פון אלעס געווען לרוב, און ער אליין האט זיך ניט געקרימט, ניט געמאַכט קיין אָנשטעל... די אדעליגע גוטסבעזיצער האבען פון איהם מעהר ניט פערלאַנגט און זיינען געווען זעהר צו־פריעדען מיט זיין כיבוד. צום נאַכט־עסען, צוםביישפּיעל, האט מען דערלאַנגט קאַוויאַר, אָנגעשניטען אין קליינע שטיקלאָך און שטאַרק אָנגעזאַלצען; אבער קיינער האט ניט געשטערט עס צו נעהמען מיט די פינגער און צו פערטרינקען איז אויך געווען מיט וואס: אמת, מיט גאָר א ביליגען, אבער פאָרט מיט א טרויבען וויין און ניט עפּעס אַן אנדער מין געטראנק. די ספּרוזשינעס אין גאַווריל(אָ) סטעפּאַניטש'ס מעבעל זיינען ווירקליך געווען אביסעל אונבעקוועם צוליעב זייער הארטקייט און אונבעוועגליכקייט; נור שוין ניט ריידענדיג וועגען דעם, אז אין פיעל זאָפעס און פאָטעלען זיינען קיין ספּרוזשינעס גאָר אין גאַנצען ניט געווען, האט נאָך אויסערדעם, יעדערער געקאָנט אונ־טערלייגען אונטער זיך א האָאָרענע קישעלע, און אזעלכע קישעלאָך

אויסגענעהט מיט די אייגענע הענד פון גאווריל̈א סטעפּאניטש'ס ווייב, האבען זיך געפונען גאנצע מאסען — און דאן האט מען שוין מעהר גאָרניט געקענט פערלאנגען.

מיט איין וואָרט, גאווריל̈א סטעפּאניטש'ס הויז האט זיך זעהר צוגעפּאסט צו דעם איינפאכען אָרט לעבען פון די ארומיגע גוטסבע־זיצער.

אלזאָ, דער באל האט זיך שוין אָנגעהויבען. מען האט געטאנצט א קאדריל מיט צעהן פּאָר. די הערען זיינען געוועזן אָפיציערען פון א רעגימענט, וואס איז געשטאנען ניט ווייט, און יונגע, און מאנכע שוין ניט גאָר יונגע גוטסבעזיצער, אויך א צוויי־דריי בעאמטע פון שטאָדט. דער פאָרשטעהער פון די גוטסבעזיצער האט געשפּיעלט אין קאָרטען מיט איינעם א שטאאטס־ראטה אין דיסמיסיע און א רייכען פּריץ, א בעזיצער פון דריי טויזענד פויערים. דער געוועזענער שטאַ־אטס־ראטה האט אויף זיין גראָבען פינגער געטראָגען א רינג מיט א בריליאנט, האט גערעדט זעהר שטיל, האט ניט פונאנאנדערגענומען זיינע צוזאמענגעלייגטע פיס, ווע̈לכע ער האט געהאלטען אויף אזא אופן, ווי די טענצער פון די אמאָליגע צייטען בעת טאנצען, און האט ניט א קעהר געטהאָן מיט דעם קאָפּ, וואס איז ביז אין העלפט פער־שטעלט געוועזן מיט אן אויסגעצייכענטען, סאמעטענעם קראגען; דער רייכער פּריץ ווידער האט אלץ געהאלטען אין איין לאכען פון עפּעס, האט בעוועגט מיט די ברעמען און געמאכט מיט די ווייסלען פון די אויגען. דער פּאָעט באָדריאקאָוו, א מענש מיט א אומגעלומפּערטען, ווילדען אויסזעהן, האט אין א ווינקעל געשמועסט מיט דעם געלעהרענ־טען היסטאָריקער יעווסוקאָוו: זייביידע האבען געהאלטען איינער דעם צווייטען פאר די קנעפּלאך. נעבען זיי האט איינער אן אדעליגער, מיט אן אונגעוועהנליך לאנגער טאליע, אויסגעשפּראָכען געוויסע דרייסטע מיינונגען פאר אן אנדער אדעליגען, וועלכער האט מיט מורא געקוקט איהם אויפ'ן שטערן. פּאזע די ווענט זיינען געזעסען די מאמעס אין קאָלירטע טשעפּיקעס, ארום די טהירען זיינען געשטאנען הערען, פון איינפאכען סאָרט, יונגע מיט אויפגערעגטע פּנים'ער, עלטערע מיט רוהיגע פּנים'ער; נור אלסדינג איז ניט מעגליך צו בעשרייבען. מיר זאָגען נאָך אמאָל, אלסדינג איז געווען ווי עס געהער צו זיין.

נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא איז געקומען צופאָהרען נאָך פריהער

פון די איפּאַטאָווס. וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זי דערזעהן טאַנ־צענדיג מיט א יונגען, שעהנעם מאַן אין א עלעגאַנטען פראַק, מיט אויסדרוקספולע אויגען, דינינקע שוואַרצע וואָנצעלאַך און בליסטשע־דיגע צייהן. נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעווגאַ האט געטראָגען א בלויען קלייד מיט ווייסע בלומען; א קליין קרענצעל פון די זעלבע בלומען האט בעצירט איהר געקרויזט קעפּעלע; זי האט געשמייכעלט, גע־שפּיעלט זיך מיט'ן פעכער, האט פרעהלאַך געקוקט ארום זיך, זי האט געפיהלט, אז זי איז די קעניגין פון'ם באַל. וולאַדימיר סערגעיאיטש איז צוגעגאַנגען צו איהר, פערנייגט זיך און, אריינקוקענדיג איהר ליע־בענסווירדיג אין פּנים, האט ער געפרעגט, צו זי געדענקט דעם נעכ־טיגען פערשפּרעכען?

— וואס פאַר א פערשפּרעכען?

— איהר טאַנצט דאָך מיט מיר די מאַזורקע?

— יא, געוויס מיט אייך.

דער יונגער מאַן, וואס איז געשטאַנען נעבען נאַדיעזשדאַ אַלעק־סעיעוונאַ, איז פּלוצים רויט געוואָרען.

— פריילען, איהר האט, וואהרשיינליך, פערגעסען — האט ער אָנגעהויבען — אז איהר האט מיר נאָך פריהער געגעבען א וואָרט צו טאַנצען מיט מיר די היינטיגע מאַזורקע.

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ איז צומישט געוואָרען.

— אָך, מיין גאָט, איז וואס־זשע טהוט מען? — האט זי גענומען ריידען — ענטשולדיגט מיר, איך בעט אייך, מאָסיע סטעלצינסקי, איך בין אַזאַ צוטראָגענע: מיך פערדריסט עס ווירקליך...

מאָסיע סטעלצינסקי האט גאָרנישט געענטפערט און נור אראָב־געלאָזען די אויגען; וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך שטאָלץ אויס־געגלייכט.

— זייט אַזוי גוט, מאָסיע סטעלצינסקי — האט ווייטער גע־רעדט נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ — מיר זיינען דאָך מיט אייך אַלטע בעקאַנטע, און מאָסיע אַסטאַכאָוו איז ביי אונז א פרעמדער: שטעלט מיך ניט אוועק אין אן אונאַנגענעהמע לאַגע, ערלויבט מיר צו טאַנצען מיט איהם.

— ווי אייך איז ליעב — האט געענטפערט דער יונגער מאַן — דאָך, איהר דאַרפט איצט אָנפאַנגען.

— א שעהנעם דאנק — האט ארויסגערעדט נאַדיעזשדא אַלעק־סעיעוונא און א שוועב געטהאַן אנטקעגען איהם וויזאווי.

סטעלצינסקי האט איהר נאָכגעקוקט, דערנאָך האט ער א קוק געטהאַן אויף וולאדימיר סערגעיאיטש'ן. וולאדימיר סערגעיאיטש האט פון זיין זייט אויף איהם א קוק געטהאַן און איז אָפּגעטרעטען אָן א זייט.

דער קאדריל האט זיך שנעל געענדיגט: וולאדימיר סערגעיאיטש איז ארומגעגאנגען אביסעל איבער'ן זאאל, דערנאָך איז ער אוועק אין גאסטצימער און זיך אָבגעשטעלט נעבען איינעם פון די קאָרטען־טישלאַך. פּלוצים האט ער דערפיהלט, אז אימיצער האט פון הינטען זיך צוגעריהרט צו זיין האנד; ער האט זיך אומגעקעהרט — פאר איהם איז געשטאנען סטעלצינסקי.

— איך וויל מיט אייך ריידען א פּאָאר ווערטער אין צווייטען צימער, אויב איהר וועט ערלויבען — האט ער געזאָגט זעהר העפליך אויף פראנצויזיש און מיט א ריינער, ניט רוסישער אויסשפּראכע.

וולאדימיר סערגעיאיטש איז אוועק נאָך איהם.

סטעלצינסקי האט זיך אָבגעשטעלט ביים פענסטער.

— אין דער אנוועזענהייט פון א דאמע — האט ער אָנגעהויבען אין דער זעלבער שפּראכע — האב איך ניט געקענט זאָגען קיין אנדער זאַך, ווי דאס, וואס איך האב געזאָגט; אבער איך האָף, אז איהר דענקט ניט, אז איך האב אין זינען אייך ווירקליך אָבצוטרעטען מיין רעכט אויף דער מאזורקע מיט מאדעמואזעל ווערעטיעוו.

וולאדימיר סערגעיאיטש איז געוואָרען פערוואונדערט.

— וואס הייסט? — האט ער געפרעגט.

— דאס הייסט — האט רוהיג געענטפערט סטעלצינסקי, אוועק־געלעגט די האנד הינטער'ן בוזעם און אָנגעבלאָזען די נאָזלעכער — אז איך האב עס ניט אין זינען צו טהאָן, און דאס אלעס.

וולאדימיר סערגעיאיטש האט אויך פערלייגט א האנד הינטער'ן בוזעם, אבער די נאָזלעכער האט ער ניט אָנגעבלאָזען.

— ערלויבט מיר אייך בעמערקען, גנעדיגער הערר — האט ער אָנ־געהויבען — אז איהר קאָנט דורך דעם אריינציהען מאדעמואזעל ווע־רעטיעוו אין א אונאנגענעהמליכקייט, און איך דענק...

— מיר אליין וואָלט עס אויך געווען זעהר אונאנגענעהם, אבער

קיינער שטערט דאָך אייך ניט זיך צו ענטזאגען, ערקלערען זיך פאר קראַנק אדער אוועקפאָהרען...

— איך וועל דאס ניט טהאָן. פאר וועמען האַלט איהר מיך?

— אויף אַזאַ אופן וועל איך זיין געצוואונגען צו פאָדערען פון אייך געגוגטהואונג.

— וואס מיינט איהר מיט דעם, גענוגטהואונג.... אין וואס פאר א זינן?

— מען ווייס, אין וואס פאר א זינן.

— איהר וועט מיך ארויסרופען אויף א דועל?

— יאָ, אויב איהר וועט זיך ניט ענטזאגען פון דער מאזורקע.

סטעלצינסקי האט זיך געסטארעט אויסצוריידען די דאָזיגע ווערטער וואס גלייכגילטיגער. ביי וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן האט זיך דאס הארץ א צאַפּעל געטהאָן. ער האט א קוק געטהאָן זיין פּלעצליכען, אונ־ערוואַרטעטען געגנער אין פּנים אריין. „גאָט מיינער, וואס פאר א אידיאָטסטווע!" האט ער א טראַכט געטהאָן.

— איהר שפּאַסט ניט? — האט ער געזאָגט אין דער הויך.

— איך האב איבערהויפּט ניט קיין נאַטור צו שפּאסען — האט מיט שטאָלץ געענטפערט סטעלצינסקי — און, איבערהויפּט מיט מענ־שען, וועלכע זיינען מיר אונבעקאנט. איהר ענטזאגט זיך ניט פון דער מאַזורקע? — האט ער צוגעזעצט נאָך א קורצען שווייגען.

— ניין, איך ענטזאג זיך ניט — האט געענטפערט וולאַדימיר סערגעיאיטש, ווי נאָכדענקענדיג.

— אויסגעצייכענט! מאָרגען שלאָגען מיר זיך.

— זעהר גוט.

— מאָרגען אין דער פריה וועט מיין סעקונדאנט זיין ביי אייך.

און, זיך העפליך פערנייגענדיג, איז סטעלצינסקי אוועק, קענטיג שטארק צופריעדען מיט זיך אליין.

וולאדימיר סערגעיאיטש איז געבליעבען נאָך א פּאָאר סעקונדען ביים פענסטער.

— אָט האָסטו דיר! — האט ער געטראַכט — אָט האָסטו דיר דיינע נייע בעקאַנטשאַפטען! עס האט זיך געלאָהנט צו קומען! גוט! וואָהל!

פון דעסטוועגען איז ער, צום סוף, געקומען צו זיך און איז ארויס אין זאַל.

אין זאַל האט מען שוין געטאַנצט א פּאָלקע. פּאַר וולאַדימיר סערגעיאיטש'עס אויגען האט זיך א מיניע געטהאָן מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ מיט פּיאָטאָר אַלעקסעיאיטש'ן, וועלכען ער האט ביז איצט נאָך ניט געהאַט בעמערקט; זי האט אויסגעזעהן בלייך און זאָגאָר טרויעריג; דערנאָך האט זיך פּערביי געטראָגען נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעווּנאַ, אין גאַנצען א ליכטיגע און א גליקליכע, מיט עפּעס א קליינעם, קרום־פיסיגען, אבער פייערדיגען ארטילעריסט; דעם צווייטען טור איז זי געטאַנגען מיט סטעלציינסקי'ן. סטעלצינסקי האט טאַנצענדיג שטאַרק געטרייסעלט מיט די האָאָר.

— וואס איז מיט אייך, טאַטעלע מיינער — האט זיך פּלוצים דערהערט הינטער וולאַדימיר סערגעיאיטש'עס רוקען איפּאַטאָוו'ס שטימע — וואס איהר קוקט נור און אליין טאַנצט איהר ניט? נו, זאָגט אליין, זייט זיך מודה, כאָטש ביי אונז איז א שטיל, פערוואָרפען ווינקעל, פון דעסטוועגען איז ביי אונז אויך ניט שלעכט, ניט אמת?

„א שעהנער פערוואָרפענער ווינקעל, צום טייפעל האט ער געמאָגט געהן" — האט א טראַכט געטהאָן וולאַדימיר סערגעיאיטש, און ארויסמורמלענדיג עפּעס אן ענטפער איפּאַטאָוו'ן, איז ער אוועק אין א צווייטען ווינקעל פון'ם זאַל.

„מען וועט מוזען אויפזוכען עפּעס א סעקונדאַנט — האט ער ווייטער געטראַכט — און וואו, צום טייפעל, געהט מען איהם זוכען? ווערעטיעוו'ן טאָר מען ניט, קיין אַנדערע קען איך ניט; דער טייפעל ווייסט, וואס דאס איז פאַר א משוגעת!"

ווען וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך געבייזערט, האט ער ליעב געהאַט צו דערמאָנען דעם טייפעל.

אין דיעזען מאָמענט זיינען וולאַדימיר סערגעיאיטש'עס אויגען געפאַלען אויף דער שוואַכער נשמה, איוואַן איליאיטש'ן, וועלכער איז געשטאַנען ביים פענסטער און גאָרנישט געטהאָן.

„אפשר גאָר איהם?" — האט ער א טראַכט געטהאָן און, א דריק געטהאָן מיט די פּלייצעס, האט ער כמעט אויפ'ן קול צוגעזעצט: — „יא, מען וועט מוזען נעהמען איהם."

וולאַדימיר סערגעיאיטש איז צו איהם צוגעגאַנגען.

— מיט מיר האט נור וואס פּאַסירט אַ מאָדנער צופאַל — האט אָנגעהויבען אונזער העלד מיט אַ געמאַכטען שמייכעל — שטעלט זיך פאָר, עפּעס אַ אומבעקאַנטער יונגער מאַן האט מיך ארויסגערופען אויף אַ דועל; אָבזאָגען זיך איז אונמעגליך; דאַרף איך האבען אַ סעקונ־דאַנט; טאָמער וואָלט איהר?

איוואַן אילאיטש האט זיך, ווי בעוואַסט, אויסגעצייכענט מיט אַ זעלטענער גלייכגילטיגקייט, אבער אַזאַ מין אונגעוועהנליכער פאָרשלאַג האט איבעראַשט אפילו איהם. אַ פערוואונדערטער האט ער אָנגעקוקט וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן.

— יאָ — האט נאָך אַמאָל געזאָגט וולאַדימיר סערגעיאיטש — איך וואָלט אייך זעהר דאַנקבאַר זיין: איך בין דאָ מיט קיינעם ניט בעקאַנט. איהר אליין ....

— איך קען ניט — האט ארויסגערעדט איוואַן אילאיטש, ווי ער וואָלט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָף — איך קען בשום אופן ניט.

— וואָרום? איהר האט מורא, איהר וועט האבען אונאַנגענעהמ־ליכקייטען? אבער איך האָף, אז דאס וועט בלייבען אַ געהיימניס...

רייידענדיג דיעזע ווערטער, האט וולאַדימיר סערגעיאיטש אליין געפיהלט, אז ער ווערט רויט און צומישט.

„ווי נאַריש! ווי שרעקליך נאַריש דאס איז אַלעס!" — האט ער אין דער אייגענער צייט געטראַכט ביי זיך אין די געדאַנקען.

— ענטשולדיגט מיר, איך קען ניט, פאַר קיין פאַל — האט וויע־דערהאָלט איוואַן אילאיטש, אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ און גענומען געהן צוריק, דערביי האט ער אומגעוואָרפען אַ שטוהל.

דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען איז איהם אויסגעקומען צו ענטזאָגען אַ בקשה; אבער די דאָזיגע בקשה איז דאָך עפּעס געווען ניט קיין קלייניגקייט!

— אם וויינינגסטענס — האט געזאָגט וולאַדימיר סערגעיאיטש מיט אַן אויפגערעגטען קול, אָנכאַפּענדיג איהם פאַר אַ האַנד — טהוט מיר די טובה און דערצעהלט קיינעם ניט פון דעם, וואס איך האב אייך געזאָגט, איך בעט אייך געפעליגסט.

— דאס קאָן איך, דאס וועל איך אייך טהאָן — האט שנעל גע־

ענטפערט איוואן איליאיטש — אבער דאס אנדערע ניט, פאר קיין פאל ניט.

— נו, גוט, גוט — האט ארויסגערעדט וולאדימיר סערגעיאיטש — פערגעסט אבער ניט, איך האף אויף אייער פערשוויגענהייט.... איך וועל מארגען ערקלערען יענעם העררען — האט ער ארויסגעמור־מעלט פאר זיך מיט פערדרוס — אז איך האב ניט געקענט קריגען קיין סעקונדאנט, זאל ער אליין וועגען דעם זארגען, אויב ער וויל, איך בין דא א פרעמדער מענש. און דער טייפעל האט מיך געשטופט צו וועג־דען זיך צו דער שוואכער נשמה! אבער וואס האב איך געזאלט טהאן?

וולאדימיר סערגעיאיטש'ען איז געווען זעהר און זעהר ניט גוט אויפ'ן הארצען.

דערווייל איז זיך דער באל אנגעגאנגען. וולאדימיר סערגעיאיטש וואלט זעהר געוואלט גלייך אוועקפאהרען, אבער ביז צום שלום פון דער מאזורקע האט מען אפילו ניט געקענט טראכטען וועגען פאהרען אהיים. ווי קען מען לאזען א געגנער אזוי טריאומפירען? צום אומגליק, האט אנגעפיהרט די טענץ איינער א יונגער מאן, א פראנט מיט לאנגע האאר און אן איינגעפאלענער ברוסט, איבער וועלכער עס האט זיך, ווי א קליינער וואסערפאל, געבאמבעלט א שווארצער אטלעסענער שניפסעל, צוגעשפיעלעט מיט א גרויסער גאלדענער שפילקע. דער דאזיגער יונגער מאן האט איבער דער גאנצער אומגעגענד געהאט א נאמען פאר א מענ־שען, וואס האט געוואוסט דעם עטיקעט און די מאניערען פון דער הויכער געזעלשאפט מיט אלע פיטשעווקעס, כאטש אין פעטערסבורג האט ער פערבראכט ניט מעהר, ווי זעקס מאנאטען, און די הויכע גע־זעלשאפט האט ער אפילו אין די אויגען ניט אנגעזעהן.

אויף אלע בעלער האט ער אנגעפיהרט די טענץ, געגעבען די מו־זיקאנטען א צייכען, קלאפענדיג מיט די הענד, און איז נאכאנאנד ארומגעפלויגען א בלייכער, אין גאנצען א פערשוויצטער, מיט אן אימ־פעט גליטשענדיג זיך און שארענדיג מיט די פים איבער'ן זאאל. די מאזורקע האט ער קיין מאל פאר האלבע נאכט ניט אנגעהויבען. „און דאס איז נאך אויך א גוטסקייט פון מיר — האט ער געזאגט — אין פעטערסבורג וואלט איך אייך אבגעמאטערט ביז צוויי א זייגער.”

לאנג אהן א ברעג האט דער באל זיך געצויגען פאר וולאדימיר סערגעיאיטש'ען. ער האט געבלאנדזשעט, ווי א שאטען פון זאאל אין

גאַסט־צימער, בייטענדיג זיך צייטענווייז מיט קאַלטע בליקען מיט זיין געגנער, וועלכער האט ניט דורכגעלאָזען קיין איין טאַנץ; ער האט געהאַט געבעטען מאַריא פּאַוולאָוונאַ'ן אויף א קאַדריל, אבער זי איז שוין פון פריהער געווען איינגעלאַדען — און א מאָל צוויי האט ער זיך אָבגעשטעלט א ווײַלע מיט'ן גאַסטפריינדליכען בעל הבית, וועלכען עס האט, קאָנטיג, פערדראָסען, וואָרום זיין נייער גאַסט לאַנגווײַליגט זיך אזוי.

צום סוף, האט גענומען טרעמבעלצען די געווינשטע מאַזורקע. וולאַדימיר סערגעיאיטש האט אויפגעזוכט זיין דאַמע, געבראַכט צוויי שטוהלען און זיך געזעצט מיט איהר צווישען די לעצטע פּאָאַר'לאַך, כמעט אנטקעגען סטעלצינסקי'ן.

אין דער ערשטער פּאָאַר האט זיך געזעצט, ווי מען האט געקאָנט ערוואַרטען, דער יונגערמאַן, דער אָנפיהרער. מיט וואָס פאר א פּנים ער האט אָנגעהויבען די מאַזורקע, ווי ער האט געשלעפּט נאָך זיך זיין דאַמע, ווי ער האט דערביי צוגעקלאַפּט מיט'ן פּיסעל אָן פּאָדלאָגע און געוואָרפען מיט'ן קאָפּ... דאָס אַלעס צו בעשרייבען איז צו הויך פאַר א מענשליכער פעדער.

— און איהר, ווי עס שיינט, מאָסיע אַסטאַכאָוו, לאַנגווײַלט זיך זעהר? — האט אָנגעהויבען נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, זיך פּלוצים ווענדענדיג צו וולאַדימיר סערגעיאיטש'ן.

— איך? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. וואָרום דאַכט זיך דאָס אייך?

— אזוי, נאָך דעם אויסדרוק פון אייער פּנים... צייט איהר זייט געקומען צופאַהרען, האט איהר נאָך ניט איין מאָל א שמייכעל געטהאָן. איך האב דאָס פון אייך ניט ערוואַרטעט. פאַר אייך, די הערען פּאָזיטיווע מענשען, פּאַסט זיך ניט צו קרימען און כמורען אַ־לאַ בייראָן. לאָזט דאָס איבער פאַר די שריפטשטעלער.

איך בעמערק, נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ, אז איהר רופט מיך אָפט פּאָזיטיווער מענש, עפּעס ווי איהר וואָלט פון מיר געלאַכט. ווי עס זעהט אויס, האַלט איהר מיט פאַר דעם קאַלטסטען און אויסגערעכענטסטען מענשען, וועלכער איז ניט פעהיג אויף עטוואָס אזוינס... און ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען: דעם פּאָזיטיווען מענשען איז אָפט זעהר ניט גרינג אויפ'ן הארצען, אבער ער האַלט ניט פאַר

נויטהיג ארויסצואווייזען פאר אנדערע, וואס ביי איהם אינעווענינג טהוט זיך; ער ציהט פאר בעסער צו שווייגען.

— וואס ווילט איהר דערמיט זאגען? — האט געפרעגט נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא, א קוק טהאנדיג אויף איהם פון אויבען ביז אראב.

— גארנישט — האט ער געענטפערט מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט און געמאכט א געהיימניספולע מינע.

דאך?

— ווירקליך, גארנישט.... אט אמאל, ווען עס איז, וועט איהר זיך דערוויסען.

נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא האט געוואלט פארטזעצען איהם אויסצופרעגען, אבער אין דיעזען אויגענבליק האט א פריילען, דעם בעל הבית'ס טאכטער, צוגעפיהרט צו איהר צוויי הערען, סטעלצינסקי'ן און נאך א קאוואלער אין בלויע ברילען.

— לעבען אדער טויט? — האט דאס פריילען איהר געפרעגט אויף פראנצויזיש.

— לעבען! — האט א געשריי געטהאן נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא — איך וויל נאך ניט דעם טויט.

סטעלצינסקי האט זיך פערנייגט; זי איז אוועק מיט איהם.

דער קאוואלער אין די בלויע ברילען, וועלכער האט זיך אנגערופען טויט, איז אוועק מיט דעם בעל הבית'ס טאכטער.ביידע נעמען האט אויסגעטראכט סטעלצינסקי.

— זאגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז דאס דער הערר סטעלצינסקי? — האט וולאדימיר סערגעיאיטש געפרעגט ביי נאדיעזשדא אלעקסעיעוונא, ווי נור יענע האט זיך אומגעקעהרט צוריק אויף איהר ארט.

— ער דיענט ביים גובערנאטאר. זעהר א ליעבענסווירדיגער מענש. ער איז ניט קיין היגער. איז אביסעל א פאט, אבער דאס איז ביי זיי אלעמען אין בלוט. איך האף, איהר האט מיט איהם ניט געהאט קיין שום אנדערע ערקלערונגען וועגען דער מאזורקע?

— ניין, וואס פאלט אייך איין? — האט געענטפערט, זיך לייכט פערהיקענדיג וולאדימיר סערגעיאיטש.

— איך בין אזא צוטראַגענע! איהר קענט זיך גאַרניט פאָר־שטעלען!

— איך דאַרף זיך פרעהען מיט אייער צוטראַגענקייט, דאס האט מיר היינט געגעבען דאס פערגעניגען צו טאַנצען מיט איך.

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעווגאַ האט א קוק געטהאָן אויף איהם לייכט פערזשמורעט.

— ווירקליך? אייך איז אנגענעהם צו טאַנצען מיט מיר?

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט איהר געענטפערט מיט א קאָמפּלי־מענט.ביסלעכווייז האט ער זיך צורעדט. נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעווגאַ איז אַלע מאָל געווען זעהר ליעב און בעזונדערס נאָך יענעם אבענד. וולאַדימיר סערגעיאיטש'ען האט זי אויסגעוויעזען רייצענד. דער גע־דאַנק וועגען דעם מאָרגעדיגען דועל האט צורייצט זיינע נערווען און צוגעגעבען לעבעדיגקייט און אינטערעס צו זיינע רייד; אונטער דעם דאָזיגען איינדרוק האט ער זיך ערלויבט אויסצודריקען זיינע געפיהלען אין אביסעל א פערגרעסערטער מאָס.... „וואס מאַכט עס אוים!" האט ער געטראַכט. אין אלע זיינע רייד, אין די אונטערדריקטע זיפצען, אין די בליקען, וועלכע פלעגען מיט אמאָל טרויעריג ווערען, האט זיך דורכגעזעהן עטוואָס געהיימניספולעס, אומעטיגעס, עטוואָס עלעגאַנט־האָפנונגלאָזעס. צום סוף, האט ער זיך אזוי ווייט פערפּלוידערט, אז ער האט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען ליעבע, וועגען פרויען, וועגען זיין צוקונפט, וועגען דעם, ווי ער פערשטעהט דאס גליק און וואס ער פאָ־דערט פון'ם שיקזאַל.... ער האט זיך ערקלערט ניט דירעקט, מיט אָנצוהערענישען. וולאַדימיר סערגעיאיטש האט געקאָקעטירט מיט נאַ־דיעזשדאַ אַלעקסעיעווגאַ'ן אין דער לעצטער נאַכט פאַר זיין מעגליכען טויט.

זי האט איהם אויפמערקזאַם אויסגעהערט, האט שפּאָטיש גע־שמייכעלט, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, דאָ געשפּאַרט זיך מיט איהם און דאָ געמאַכט אָן אָנשטעל, ווי זי וואָלט איהם ניט געגלויבט... דער געשפּרעך, אָפט איבערגעריסען פון די טאַנצענדיגע העררען און דאַמען, האט צום סוף אָנגענומען זעהר א מערקווירדיגע ריכטונג... וולאַדימיר סערגעיאיטש האט שוין גענומען אויספרעגען נאַדיעזשדאַ אַלעקסעי־עווגאַ וועגען איהר אליין, איהר כאַראַקטער און וועגען איהרע סימפּאַ־טיעס.... אין אָנהויב האט זי געענטפערט מיט גלייכווערטלאָך, מיט

וויצלאַך, דערנאָך פּלוצים, גאַנץ אונערוואַרטעט פאר וולאַדימיר סערגעיאיטש'ען, האט זי איהם געפרעגט, ווען ער פאָהרט?

— וואוהין? — האט ער ארויסגערעדט פערוואונדערט.

— צו זיך אהיים.

— אין טשאַסאָווע?

— ניין, אהיים, אין אייער דאָרף פאר הונדערט מיילען פון דאַנען.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט ארונטערגעלאָזט די אויגען.

— עס וואָלט זיך וועלען וואס גיכער — האט ער ארויסגעמורמעלט מיט א פערזאָרגטען פּנים — איך דענק מאָרגען... אויב איך וועל נור לעבען. איך האב דאָך געשעפטען! אבער וואס איז איך פּלוצים איינגעפאַלען מיר ווענען דעם צו פרעגען?

— אזוי! — האט געענטפערט נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא.

— דאָך, עס מוז דאָך זיין עפּעס א אורזאכע?

— אזוי! — האָט זי נאָך אמאָל געזאָגט — מיך וואונדערט די ניינעריגקייט פון א מענשען, וועלכער פאָהרט מאָרגען אָב, און היינט וויל ער וויסען מיין כאראקטער...

אָבער ערלויבט דאָך... — האָט געהאט אָנגעהויבען וולאַדימיר סערגעאיטש...

— אָט, נאט... לעזט איבער — האָט איהם מיט א געלעכטער אונטערבראָכען נאַדיעזשדא אלעקסעיעוונא, דערלאַנגענדיג איהם א ביילעט פון א צוקערקע, וועלכע זי האָט נור וואָס גענומען אויף א דערבייאיגען טיש, און אליין האָט זי זיך אויפגעהויבען אַנטקעגען מאריא פּאַוולאָוונא, וועלכע האָט זיך אָבגעשטעלט פאר איהר צוזאַמען מיט אַן אנדער דאַמע.

מאריא פּאַוולאָוונא האָט געטאַנצט מיט פּיאָטער אלעקסעיאיטש'ן. איהר פּנים האָט זיך באַדעקט מיט א רויטער פאַרב, האָט זיך צוברענט, איז אָבער ניט פרעהלאַכער געוואָרען.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן בילעט — מיט שלעכטע פראַנצויזישע בוכשטאבען איז אויף איהם געווען געדרוקט:

דער יעניגער וואָס וועט מיך פערנאַכלעסיגען, וועט מיך פערלירען.

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און געטראָפען סטעלטשינסקי'ס בליק אָנגעשטעלט גלייך אויף איהם. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט גע-

צוואונגען אַ שמייכעל געטהאָן, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן ווענטעל פונ'ם שטול און פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס.

— אָט זעה, הייסט עס, ווי איך האָב מורא פאַר דיר!

דער פייערדיגער ארטילעריסט האָט צוגעפיהרט נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ'ן צו איהר שטוהל, האָט זיך שטיל פאַר איהר אַ דרעה געטהאָן, אַ קלונג געטהאָן מיט די שפּאָרעס און איז אוועק. זי האָט זיך געזעצט.

— ערלויבט מיר צו וויסען — האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם וולאַדימיר סערגעאיטש — ווי זאָל איך פערשטעהן דעם בילעט...

— און וואָס אַזוינס איז אויף איהם געשטאַנען געשריעבען — האָט געזאָגט נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ. — אַך, יאַ! „ווער עס פערנאַכלעסיגט מיך, דער פערליערט מיך!" געוויס! דאָס איז אַן אויסגעצייכענטער לעבענסרעגעל, וועלכער קאָן אויף יעדען שריט צונוטץ קומען. אום צו האָבען ערפאָלג אין וואָס עס זאָל דאַרט ניט זיין, מוז מען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבשטעלען, קיין מיטעל ניט פעראַכטען... מען דאַרף שטרעבען צו אַלעס, וועט מען אפשר עפּעס עררייכען. אָבער עס איז זעהר קאָמיש: איך... איך דערצעהל אייך, דעם פּראַקטישען מענשען וועגען לעבענס רעגעלען...

נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האָט זיך צולאַכט, און אומזיסט האָט זיך וולאַדימיר סערגעאיטש געסטאַרעט ביז דעם סאַמען סוף פון דער מאַזורקע אָנצוהאַלטען דעם פריהערדיגען געשפּרעך. נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האָט איהם אויסגעמיעדען מיט דער איינגעשפּאַרטקייט פון אַ נאָכגעגעבען קינד. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט צו איהר גערעדט וועגען זיינע געפיהלען און זי האָט איהם אָדער גאָרנישט געענטפערט, אָדער האָט איהם אָנגעוויזען אויף די קליידער פון די דאַמען, די קאָמישע געזיכטער פון מאַנכע מענער, אויף דער געטקייט, מיט וועלכער איהר ברודער האָט געטאַנצט, אויף מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ'ס שעהנהייט, האָט גענומען ריידען וועגען מוזיק וועגען דעם נעכטיגען טאָג, וועגען יעגאָר קאַפּיטאָניטש'ען און זיין פרוי מאַטרענאַ מאַרקאָוונאַ.. און נור ביים סאַמע סוף פון דער מאַזורקע, ווען וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך אָנגעהויבען מיט איהר געזעגענען, האָט זי מיט אַ איראָנישען שמייכעל אויף די ליפּען און אין בליק ארויסגערעדט:

— אלזא, איהר פאהרט בעשטימט מארגען?

— יא; און עס קאן זיין, זעהר ווייט — האט וויכטיג גע־ענטפערט וולאדימיר סערגעאיטש.

— איך ווינש אייך א גליקליכע רייזע.

און נאדעזשדא אלעקסעיעוונא איז שנעל צוגעגאנגען צו איהר ברודער, האט איהם פרעהלאך עפעס א שפעטצע געטהאן אויפ׳ן אויער, דערנאך געפרעגט אין דער הויך:

— ביזטו מיר דאנקבאר? יא? ניט אמת? אז ניט וואלט ער זי איינגעלאדען אויף דער מאזורקע.

ער האט א דריק געטהאן מיט די פלייצעס און ארויסגערעדט.

— און דאך וועט דערפון גארנישט ארויסקומען...

זי האט איהם אוועקגעפיהרט אין גאסט־צימער.

— א קאקעטקע! — האט א טראכט געטהאן וולאדימיר סערגע־איטש, און, גענומען די הוט אין האנד, איז ער אונבעמערקט ארויס פונ׳ם זאאל, האט אויסגעזוכט זיין לאקעי, וועמען ער האט נאך פריהער בעפעהלען צו זיין בערייט, און האט שוין געהאט אנגעטהאן זיין ראק, ווען פלוצים האט א לאקעי איהם געמעלדעט, אז ער קען בשום אופן ניט אוועקפאהרען, אז זיין קוטשער האט זיך איינגע־שיכור׳ט און עס איז אונמעגליך איהם אויפצו־וועקען. אויסגעזידעלט דעם קוטשער מיט קורצע, אבער שטארקע ווערטער (דאס אלעס האט פאסירט אין פיהר־הויז אין דער געגענווארט פון פרעמדע מענשען) און ערקלעהרט דעם לאקעי, אז אויב דער קוטשער וועט מארגען גאנץ פריה ניט זיין ווי געהעריג איז, דאן איז קיינער אין דער וועלט ניט אימשטאנד זיך פארצושטעלען, וואס דערפון קען ארויסקומען, — האט וולאדימיר סערגעאיטש זיך אומגעקעהרט אין זאאל און געבעטען דעם הויז־מייסטער, ער זאל איהם געבען א צימער. ער האט אפילו ניט געוואלט ווארטען אויפ׳ן נאכט־עסען, וועלכען מען האט שוין גענומען גרייטען אין גאסט־צימער.

דער בעל הבית פונ׳ם הויז איז פלוצים עפעס אזוי ווי פון אונ־טער דער ערד אויסגעוואקסען נעבען סאמע עלענבויגען פון וולאדי־מיר סערגעאיטש׳ען (גאווריל סטעפאניטש האט געטראגען שטיוועל אהן אבזאצען און דערפאר האט ער זיך בעוועגט אהן א שום גערויש) און האט איהם גענומען אבהאלטען, פארזיכערענדיג, אז צום נאכט־

עסען וועט זיין קאוויאר פון דעם בעסטען סאָרט; אָבער וולאדימיר סערגעאיטש האָט זיך אָבגעזאָגט אונטער דעם אויסרייד, אז דער קאָפּ טהוט איהם וועה. אין א האלב שעה ארום איז ער שוין געלעגען אויף א קליין בעטעל, אונטער א קורצער קאָלדרע, און געמאטערט זיך איינצושלאָפען.

אָבער איהם האָט זיך ניט געשלאָפען. ווי ער האָט זיך ניט געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אַנדערער, ווי ער האָט זיך ניט געסטאַרעט צו טראַכטען פון עפּעס אַנדערעס, סטעלטשינסקי׳ס געשטאַלט איז אָהן אויפהער געשטאַנען פאר זיינע אויגען... אָט שטעלט ער אָן אויף איהם זיין פּיסטאָלעט... אָט האָט ער אויסגעשאָסען... „אָסטאַכאָוו איז דערשאָסען!" מאַכט אימיצער. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט זיך ניט געקענט אָנרופען קיין העלד, אָבער קיין פּייגלינג איז ער אויך ניט געווען; אָבער אפילו בלויז דער געדאַנק וועגען א דועל מיט וועמען עס איז, איז איהם קיין מאָל אין קאָפּ ניט געקומען... שלאָגען זיך! מיט זיין קאַלטען פּערשטאַנד, מיט זיינע רוהיגע געוואוינהייטען, מיט דער אַכטונג צו אַנשטענדיגקייט, צו דעם, וואָס עס פּאַסט זיך, מיט זיינע טרוימערייען וועגען צוקונפטיגען רייכטהום און א פּראַקטישען שידוך. ווען דאָס וואָלט זיך געהאַנדעלט ניט וועגען זיין איינענער פּערזאָן, וואָלט ער זיך צולאַכט, אזוי אומגעלומפּערט און לעכערליך האָט זיך איהם אויסגעוויזען די גאַנצע געשיכטע. שלאָגען זיך! מיט וועמען און פאַרוואָס?!

— פוי טייפעל! וואָס איז דאָס פאר א אידיאָטסטווע! — האָט ער ניט ווילענדיג אויסגעשריען אין דער הויך. — נו, און ווי איז, אז ער דער׳הרג׳ט מיך טאַקע אויף אָן אמת — האָט ער ווייטער געטראַכט: — מען דאַרף, פון דעסטוועגען, זיך בעוואָרענען, אָננעהמען געוויסע מיטלען, און זאָגען וואָס צו טהאָן מיט מיין גוט... וועט מיך אימיצער בעדויערען?

און ער האָט מיט פּערדרוס צוגעמאַכט זיינע ברייט פונאַנדערגעעפענט אויגען, האָט ארויפגעצויגען די קאָלדרע איבער׳ן האלז... אָבער איינשלאָפען האָט ער פונדעסטוועגען פאָרט ניט געקענט...

דער מאָרגענשטערען האָט שוין געשוועבט איבער׳ן הימעל, און א פערמאַטערטערטער, א נערוועזער פון שלאָפלאָזיגקייט, האָט וולאַדימיר סערגעאיטש שוין געהאַט גענומען אריינפאַלען אין א דרימעל,

ווען ער האָט פּלוצים דערפיהלט עפּעס א שווערקייט אויף די פיס. ער האָט גענפּענט די אויגען... אויף זיין בעט איז געזעסען ווע־רעטיעוו.

וולאדימיר סערגעאיטש האָט זיך זעהר פערוואונדערט, בעזאָנ־דערס, ווען ער האָט באמערקט, אז ווערעטיעוו האָט ניט געטראָגען קיין סורטוק, אז פון הינטער זיין פונאנדערגעשפּיעלטען העמד האָט זיך ארויסגעזעהען די נאַקעטע ברוסט, די האָאָר זיינע געהאנגען אי־בער'ן שטערן און דאָס פּנים האָט אויסגעזעהן פערענדערט. וולאדי־מיר סערגעאיטש האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבען פון בעט...

— ערלויבט מיר צו פרעגען... — האָט ער אָנגעהויבען, צו־שפּרייטענדיג די הענד...

— איך בין צו אייך געקומען — האָט גענומען ריידען ווערעטיעוו מיט א הייזעריגען קול: — ענטשולדיגט מיר פאר מיין אויסזעהן... מיר האָבען דאָרט אַלע אביסעל ארייגגעגאָסען... איך האָב אייך בלויז געוואָלט בערוהיגען. איך האָב מיר געזאָגט צו זיך אליין: דאָרט ליגט א דזשענטעלמאן, ווען עס שלאָפט זיך וואהרשיינליך, ניט... לאָמיר איהם העלפען. אַלזאָ הערט: איהר שלאָגט זיך מאָרגען ניט און קאָנט רוהיג שלאָפען...

וולאדימיר סערגעאיטש האָט זיך נאָך מעהר פערוואונדערט:

— וואָס אזוינס האָט איהר געזאָגט? — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט. — יאָ; אַלעס איז אין אָרדנונג — האָט ווייטער גע־רעדט ווערעטיעוו — דער דאָזיגער הערר פון ארום די ברעגעס פונ'ם טייך וויסלאָ... הערר סטעלטשינסקי... ענטשולדיגט זיך פאר אייך... מאָרגען וועט איהר קריגען א בריעף... איך זאָג אייך נאָך אמאָל: — אַלעס איז געענדיגט... איהר מעגט כראָפּען!

און געזאָגט די דאָזיגע ווערטער, איז ווערעטיעוו אויפגעשטאנען און מיט אונזיכערע טריט גענומען געהן צו דער טהיר.

— אָבער ערלויבט נור, ערלויבט — האָט אָנגעהויבען וולאדי־מיר סערגעאיטש — ווי אזוי האָט איהר זיך געקענט דערוויסען, און ווי קען איך גלויבען אין אייערע רייד...

— אַך! איהר דענקט, אז איך... איך בין... (און ער האָט זיך לייכט א שאָקעל געטהאָן אין פאָראויס) מען זאָגט אייך... ער וועט אייך מאָרגען שיקען א בריעף... איהר רופט ביי מיר ניט ארויס קיין

בעזונדערע סימפּאַטיע, אָבער גרויסמוטה — איז מיין שוואַכקייט. און וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו ריידען . . . דאָס זיינען דאָך אַלץ בלויז נאַרישקייטען . . . אָבער זייט זיך מודה — האָט ער צוגעזעצט, אַ ווינק טהאָנדיג מיט אַן אויג: — איהר האָט זיך טאַקע דערשראָקען, אַה?

וולאַדימיר סערגעאיטש איז אין כעס געוואָרען.

— גנעדיגער הערר, ערלויבט מיר דאָך... — האָט ער אַרויס־גערעדט . . .

— נו, גוט, גוט — האָט איהם אונטערבראָכען ווערעטיעוו מיט אַ גוטמוטהיגען שמייכעל. — ניט געהיצט זיך: איהר ווייסט הפּנים ניט, אַז ביי אונז געהט אָהן דעם קיין איין באַל ניט אַוועק . . . דאָס איז שוין אַזוי איינגעפיהרט. קיין פאַלגען האָט עס קיין מאָל ניט. ווער מען ווילט זיך דאָס אונטערשטעלען זיין שטערן? נו, און וואָרום זאָל מען ניט מאַכען אַביסעל שפּאַס, אַה? לאָמיר זאָגען, למשל, אַי־בער אַ פרעמדען, אַ אָנגעפּאָהרענעם? „אין ווין ליגט די וואַרהייט". זאָגט מען אויף לאַטיין. הגם ניט איהר, ניט איך, מיר ביידע קענען ניט קיין לאַטיין. אָבער איך זעה נאָך אייך, אַז איהר ווילט שלאָפען. איך ווינש אייך אַ גוטע נאַכט, מיין הערר פּאָזיטיוועער מענש, עהרענהאַפ־טער שטערבליכער. עמפּפאַנגט דיעזען וואונש פון אַן אַנדער שטערב־ליכען, וועלכער איז אַליין אויך קיין מעשענעם גראָשען ניט ווערטה. אַדיע מיין טהייערער.

און ווערעטיעוו איז אַרויס.

— דער טייפעל ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס! — האָט אין אַ ווייל אַרום אַ געשריי געטהאָן וולאַדימיר סערגעאיטש און אַ זעץ געטהאָן מיט'ן פויסט איבער'ן קישען: — דאָס האָט גאָר קיין פּנים ניט . . . דאָס וועט מען מוזען ערקלעהרען! איך וועל דאָס ניט וועלען ליידען! איך וועל ניט ערלויבען!

פון דעסטוועגען האָט ער אין אַ מינוט פינף אַרום שוין געשלאָ־פען מיט אַ רוהיגען און שטאַרקען שלאָף. איהם איז גרינגער געוואָרען אויפ'ן הארצען . . . די איבערשטאַנדענע געפאַהר ערפילט זיסער גליקזעליגקייט און מאַכט וויכער דעם מענשליכען גייסט.

אָט וואָס עס איז פאָרגעקומען פאַר דעם אונערוואַרטעטען זעהען זיך פון ווערעטיעוו'ן מיט וולאַדימיר סערגעאיטש'ען.

ביי גאווריל סטעפּאַניטש'ען אין הויז האָט געוואוינט אַ ווייטער קרוב זיינער און האָט אין דעם אונטערשטען שטאָק פון הויז פאַרנומען אַ קוואַרטיר פאַר זיך אַליין. אין דער צייט פון אַ באַל, פלעגען די יונגע לייט אין די צווישען פויזען פון די טענץ, אריינלויפען צו איהם רויכערען און נאָכ'ן נאַכט־עסען פלעגען זיי זיך פערקלייבען ביי איהם און אַלע צוזאַמען מאַכען אַ רומפּעל און גוט אריינגיסען. אין יענער נאַכט זיינען צו איהם געקומען אַ היבש ביסעל געסט. סטעלטשינסקי און ווערעטיעוו זיינען געווען צווישען זיי; איוואַן איליטש די שוואַכע נשמה האָט זיך אויך דערשלעפּט אַהין צוזאַמען מיט די אַנדערע. מען האָט זיך גענומען צום ביטערען טראָפּען. און הגם איוואַן איליטש האָט פערשפּראָכען אסטאַכאָוו'ן, אַז ער וועט קיינעם ניט דערצעהלען וועגען דעם דועל, דאָך, ווען ווערעטיעוו האָט איהם צופעליג געפרעגט, וועגען וואָס ער האָט געשמועסט מיט דעם צוקראָכענעם העלד (ווערעטיעוו האָט אַנדערש ניט גערופען אסטאַכאָוו'ן), האָט די שוואַכע נשמה זיך ניט געקענט איינהאַלטען און איבערדערצעהלט זיין גאַנצען געשפּרעך מיט וולאַדימיר סערגעאיטש'ן וואָרט פאַר וואָרט.

ווערעטיעוו האָט זיך צולאַכט, דערנאָך האָט ער זיך פערטראַכט.

— אָבער מיט וועמען שלאָגט ער זיך? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס קען איך אייך ניט זאָגען — האָט געענטפערט איוואַן איליטש.

— האָט איהר אַם וויינגסטענס באַמערקט מיט וועמען ער האָט גערעדט?

— מיט פערשיעדענע מענשען... מיט יעגאָר קאַפּיטאָניטש'ען. אפשר שלאָגט ער זיך דאָס מיט איהם?

ווערעטיעוו האָט אָבגעטראָטען פון איוואַן איליטש'ען.

אַלזאָ, האָט מען גענומען טרינקען. ווערעטיעוו איז געזעסען אין רעכטען אויבען־אָן; אַ פרעהלאַכער און אַ פערשייטער, איז ער געווען דער ערשטער אויף די פערזאַמלונגען פון דער יוגענד. ער האָט פון זיך אראָבגעוואָרפען דעם סורטוק און דעם האַלז־טוך. מען האָט איהם געבעטען, ער זאָל זינגען, ער האָט גענומען די גיטאַרע און געזונגען עטליכע ליעדער. ביסלאַכווייז האָבען זיי זיך צוהיצט; די יוגענד האָט זיך גענומען מאַכען טאָסטען. סטעלטשינסקי, איז פּלוצים, אין גאַנצען

אַ רויטער, ארויפגעשפּרונגגען אויפ'ן טיש און, אויפהויבענדיג הויך איבער'ן קאָפּ זיין גלאָז, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— פאַר דעם געזונד... איך ווייס שוין פאַר וועמעס... — האָט ער אויף גיך אונטערגעכאַפּט, האָט אויסגעטרונקען דעם וויין, אַ זעץ געטהאָן דאָס גלאָז אָן פּאָדלאָגע און ארויסגערעדט: — טאָ זאָל מאָרגען פּונקט אזוי צושמעטערט ווערען אין שטיקער מיין שונא!

ווערעטיעוו, וועלכער האָט איהם שוין לאַנג בעטראַכטעט, האָט שנעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ...

— סטעלטשינסקי — האָט ער געזאָגט: — ערשטענס געה ארונטער פון טיש: דאָס איז ניט אַנשטענדיג, און דערצו זיינען דיי־נע שטיוועל זעהר שלעכטע, און צווייטענס קום אַקאָרשט אַהער, איך'ל דיר עפּעס זאָגען.

ער האָט איהם אָבגעפיהרט אָן אַ זייט.

— הער אוים ברודער, איך ווייס דו שלאָגסט זיך מאָרגען מיט דעם דזשענטעלמאַן פון פּעטערבורג?

סטעלטשינסקי האָט אַ ציטער געטהאָן.

— ווי... ווער האָט דיר געזאָגט?

—איך זאָג דיר. און איך ווייס אויך פאַר וועמען דו שלאָגסט זיך.

— נעמליך, עס איז גוט צו וויסען.

— אַך דו, חכם איינער! עס פערשטעהט זיך, אז פאַר מיין שוועסטער. נו, נו, מאַך זיך ניט אזוי פערוואונדערט. דאָס גיט דיר צו אַ געגנזענעם אויסדרוק. איך קען זיך ניט פאָרשטעלען ווי אזוי דאָס איז ביי אייך ארויסגעקומען, אָבער דאָס איז אזוי. הער אויף ברודער — האָט ווייטער גערעדט ווערעטיעוו: — צו־וואָס טויג דיר דאָס פערשטעלען זיך? איך ווייס דאָך, דו דרעהסט זיך שוין לאַנג ארום איהר ארום.

— דאָס בעווייזט דאָך אָבער ניט...

— הער אויף, איך בעט דיך. און הער זיך צו, וואָס איך וועל דיר איצט זאָגען. איך וועל אונטער קיינע אומשטענדען ניט דער־לאָזען צו דעם דועל. דו פערשטעהסט? די גאַנצע נאַרישקייט וועט דערנאָך פאַלען אויף דער שוועסטער. ענטשולדיג: אזוי לאַנג ווי איך לעב... וועט עס ניט זיין. מירביידע וועלען פערלאָרען געהן — איז

נאָך אַלץ קיין אונגליק ניט, מעהר זיינען מיר ניט ווערטה, אָבער זי דאַרף נאָך לאַנג לעבען, און לעבען גליקליך. יאָ, איך שווער — האָט ער פּלוצים צוגעזעצט מיט אַ ברען: — פאַר אַלע אַנדערע אָארט מיך ניט, אפילו פאַר יענע, וועלכע וואָלטען בערייט געווען אַלעס פאַר מיר צו אָפּפּערען, אָבער ביי איהר וועל איך אפילו אַ האָאַר אויפ'ן קאָפּ ניט לאָזען אָנריהרען.

סטעלטשינסקי האָט זיך געצוואונגען צו לאַכט.

— דו ביזט שיכור מיין ליעבער און רעדסט פון היץ... דאָס איז אַלעס.

— און דו, אפשר ניט? נור צו איך בין שיכור, צו ניט, דאָס איז אַלץ איינס. ריידען, רייד איך צו דער זאַך. דו וועסט זיך ניט שלאָגען מיט יענעם פריץ, דאָס פאַרזיכער איך דיר. און נויטיג האָסטו גע־דאַרפט מיט איהם פאַרפיהרען אַן עסק! דו ביזט צו איהם אייפער־זיכטיג געוואָרען, צו וואָס? עס איז טאַקע אַן אמת, וואָס מען זאָגט, אַז פערליעבטע זיינען נאַרען! זי האָט דאָך געטאַנצט מיט איהם בלויז דערפאַר, אום ער זאָל ניט איינלאַדען... נו, יאָ, ניט דערפון איז די רייד. אָבער די דועל וועט ניט זיין.

— הם! איך וואָלט וועלען זעהן, ווי אַזוי דו וועסט מיר שטע־רען?

— אָט, ווי אַזוי אויב דו וועסט מיר גלייך ניט געבען אַ וואָרט זיך צו ענטזאָגען פון דיעזער דועל, דאַן וועל איך אליין זיך מיט דיר שלאָגען.

— דאָס איז נור גערעדט.

— מיין ליעבער, צווייפעלט ניט אין דעם. איך וועל דיך, פריינד מיינער טהייערער אָט דאָ גלייך, פאַר אַלעמען אין די אויגען אַזוי בעליידיגען, אַז כאָטש געה דערנאָך און שריי געוואַלד. און איך דענק, אַז דאָס וועט דיר זיין אונאַנגענעהם צוליעב פיעלע אורזאַכען, ווי דענקסטו?

סטעלטשינסקי האָט זיך אָנגעצונדען, גענומען ריידען, אַז דאָס איז אַ פּריוואַט זאַך, אַז ער וועט קיינעם ניט ערלויבען זיך אריינצו־מישען אין זיינע געשעפטען, אַז ער וועט ניט קוקען אויף קיין זאַך... און געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבען און אָבגע־זאָגט זיך פון צו פּרובירען נעהמען דאָס לעבען פון וולאַדימיר סער־

נעאיטש'ען. ווערעטיעוו האָט איהם אַרומגענומען און עס איז ניט אַוועק קיין האַלב שעה, ווי זיי האָבען שוין אודאי צום צעהנטען מאָל געטרונקען ברודערשאַפט... דער יונגער מאַן, דער אָנפיהרער פון די טענץ האָט אויסגעטרונקען מיט זיי ברידערשאַפט און איז אַפריהער פון זיי ניט אָבגעשטאַנען, נור צום סוף, איז ער אויף אַ גאַנץ אונ־שולדיגען אופן איינגעשלאָפען, און איז לאַנג געלעגען אויפ'ן רוקען אין אַ פאַלשטענדיג בעוואוסטלאָזער לאַגע... דער אויסדרוק פון זיין קליינעם בלייך געוואָרענעם פּנים'ל איז געווען אַ קאָמיש, אַ רחמנות'דיג... מיין גאָט! וואָס וואָלטען געזאָגט די וועלטליכע דאַמען, זיינע בעקאַנטע, ווען זיי זאָלען איהם זעהן אין אַזאַ נידעריגען צו־שטאַנד! אָבער, צו זיין גליק, האָט ער ניט געקענט קיין איין וועלט־ליכע דאַמע.

איוואַן איליטש האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אין יענער נאַכט. צוערשט האָט ער איבערראַשט די געסט דערמיט, וואָס ער האָט פּלוצים גענומען זינגען: „אין דאָרף האָט אַמאָל אַ באַראָן".

— דער שצור! דער שצור האָט גענומען זינגען! — האָבען אַלע אין איין קול אויסגעשריען: — ווען טרעפט עס, אַז דער שצור זאָל זינגען אין די נעכט!

— אַזוי ווי איך וואָלט נור דאָס איינע ליעד געקאָנט — האָט געענטפערט איוואַן איליטש אַ צוהיצטער פונ'ם וויין: — איך קען נאָך אַנדערע.

— נו, נו, נו, ווייז אונז אַקאָרשט, וואָס דו קענסט.

איוואַן איליטש האָט אַ ווײַלע געשוויגען און פּלוצים האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ באַס שטימע עפּעס אַ ליעד, אָבער אַזוי מאָדנע און אַזוי פאַלש, אַז עס האָט ארויסגעפּלאַצט אַן אַלגעמיינער געלעכ־טער און פערשטיקט זיין קול. ער איז אַנשווייגען געוואָרען.

ווען אַלע זיינען זיך צוגאַנגען, איז ווערעטיעוו אַוועק צו וולאַ־דימיר סערגעאיטש'ען און צווישען זיי איז פאָרגעקומען דער קור־צער אויבענדערמאָהנטער געשפּרעך.

אויף דעם צווייטען טאָג איז וולאַדימיר סערגעאיטש זעהר פריה אַוועקגעפאָהרען צו זיך אין סטאַסאָוואָ. אַ גאַנצען פריהמאָרגען האָט ער פערבראַכט אין הוילע ציטערניש, האָט שיעור ניט אָנגע־נומען אַ אָנגעפאָהרענעם סוחר פאַר אַ סעקונדאַנט, און האָט אָבגע־

רוהט ערשט דאן, ווען א לאקעי האט איהם געבראכט א בריעף פון סטעלטשינסקי'ן. וולאדימיר סערגעאיטש האט דעם דאזיגען בריעף עטליכע מאל איבערגעלעזען — ער איז געווען זעהר קלוג געשריע־בען....

סטעלטשינסקי האט זיך פאר קיין זאך ניט ענטשולדיגט, ווייל נאך זיין מיינונג נאך, האט ער זיין געגנער מיט קיין זאך ניט בע־ליידיגט; הגם ער האט צוגעגעבען, אז געכטען האט ער זיך עטוואס צופיעל צוהיצט, און האט געענדיגט זיין ערקלעהרונג דערמיט, אז ער שטעהט אימער צו דיענסט פון הערר אסטאכאוו, נור אליין פער־לאנגט ער שוין ניט קיין גענוג טהואונג.

פערפאסט און אוועקגעשיקט אן ענטפער, וועלכער איז געווען אי העפליך, אי אנשטענדיג און אהן שום בעריהמעריי, האט וולא־דימיר סערגעאיטש זיך געזעצט ביים טיש און רייבענדיג זיך די הענד, האט ער מיט גרויס פערגעניגען אבגעגעסען און גלייך נאכדעם זיך אבגעטראגען אהיים. די וועג, איבער וועלכער ער איז געפאהרען איז פערבייגעגאנגען א וויארסט פיער פון איפאטאוו'ס גוט... וולא־דימיר סערגעאיטש האט אויף איהם א קוק געטהאן...

— לעב וואהל שטיל, פערוואָרפען ווינקעל! — האט ער ארוים־גערעדט מיט א שמייכעל.

די געשטאלטען פון נאדעזשדא אלעקסעיעוונא און מאריא פאוו־לאוונא האבען אויף א מאמענט ארויסגעשוועבט אין זיין פאנטאזיע; ער האט א מאך געטהאן מיט א האנד, זיך אבגעקעהרט און איז אנדריי־מעלט געוואָרען.

---

## VI.

דריי מאנאטען זיינען אוועק. עס איז שוין לאנג יעסען געוואָרען; די געל געוואָרענע וועלדער זיינען געשטאנען נאקעטע, דער ווינד האט גענומען בלאזען און פייפען. נור קיין גרויסע רעגענס זיינען נאך ניט געווען און די בלאטע אויף די וועגען איז נאך ניט צוגאנגען. בענוצענדיג זיך מיט דעם דאזיגען אומשטאנד, איז וולאדימיר סער־

געאיטש אוועקגעפאָהרען אין שטאָדט אום צו ענדיגען געוויסע גע־שעפטען. דעם פריהמאָרגען האָט ער פערבראַכט אין ארומפאָהרען, און אין אבענד איז ער אוועקגעפאָהרען אין קלוב.

אין דעם גרויסען, פינסטערען זאַאל פונ׳ם קלוב האָט ער געטראָפען עטליכע בעקאַנטע און, צווישען זיי דעם אַלטען אויסגעדיענטען ראָטמיסטער, פּליטש׳ן, א בעוואוסטען געשעפטס מאַן, א וויצלינג, א קאָרטעוועניק און א רכילות טרייבער. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט פערפיהרט מיט איהם א שמועס.

— אַך, איך האָב זיך דערמאָנט — האָט פּלוצים אויסגערופען דער ראָטמיסטער — די טעג איז דאָ פארבייגעפאָהרען אייערע א בעקאַנטע, האָט זי געהייסען אייך לאָזען גריסען.

— וואָס איז דאָס פאַר א בעקאַנטע ?

— סטעלטשינסקאַיא.

— איך בין ניט בעקאַנט מיט קיין סטעלטשינסקאַיא.

— איהר האָט זי געקענט אַלס פרייליין... איהר מיידעלשער נאָמען איז ווערעטיעווא... נאַדעזשדא אַלעקסעיעוונא... איהר מאַן דיענט ביי אונזער גובערנאַטאָר. איהר האָט איהם אויך, וואהרשיינ־ליך, געזעהען... א ריהרעוודיגער אזא מיט וואָנצעלאך... א וואָויל שטיקעל סחורה האָט ער געכאַפּט, און מיט א פערמעגען.

— אזוי גאָר — האָט ארויסגערעדט וולאַדימיר סערגעאיטש — האָט זי טאַקע מיט איהם חתונה געהאַט... הם ! און וואוהין זיינען זיי אוועקגעפאָהרען ?

— אין פּעטערסבורג, זי האָט אייך נאָך געהייסען דערמאָנען וועגען עפּעס א בילעטעל פון א קאָנפעקטע... וואָס איז דאָס געוועז פאַר א בילעטעל, ערלויבט מיר צו פרעגען ?

און דער אַלטער רכילות־טרייבער האָט אויסגעשטעלט אין פאָר־אויס זיין שאַרפע נאָז.

— איך געדענק ווירקליך ניט, עפּעס א שפּאַס מסתמא — האָט געענטפערט וולאַדימיר סערגעאיטש — אָבער זאָגט מיר נור, וואו איז איצט איהר ברודער ?

— פּיאָטער ? נו, יענעם געהט שלעכט.

הערר פּליטש האָט פערדרעהט זיינע קליינע, פוקסענע אויגע־לאך ארויף און האָט א זיפץ געטהאָן.

— וואָס איז? — האָט געפרעגט וולאַדימיר סערגעאיטש.

— ער האַלט אין איין הוליען! אַ פערלאָרענער מענש.

— און וואו איז ער איצט?

— קיינער ווייס ניט. איז אוועקגעפאָהרען וואו עס איז, נאָך ציגיינערקעס איז ער נאָכגעלאָפען, דאָס איז ריכטיגער פון אַלעס־דינג. אין שטאָדט איז ער נישטאָ, פאַר דעם בין איך ערוב.

— און דער אַלטער, איפּאטאָוו, וואוינט נאָך אַלץ דאָרט?

— מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש? יאָ, אַלץ דאָרט.

— און אַלעס ביי איהם אין הויז... איז ווי פריהער?

— ווי דען, ווי דען. אָט דאָס איז פאַר אייך אַ גוטער שידוך, זיין שוועגערין! דאָס איז דאָך ניט קיין פרוי, נור אַ מאָנומענט, אויף מיין וואָרט. כאַ, כאַ. מען האָט שוין ביי אונז אפילו גערעדט... אַז יאָקבי...

— אַזוי גאָר — האָט געזאָגט וולאַדימיר סערגעאיטש פאַרזשמור־רענדיג די אויגען.

אין דיעזען אויגענבליק האָט מען פּליטש׳ען פאָרגעשלאָגען צו שפּיעלען אַ פּאַרטיע, און דער געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסען.

וולאַדימיר סערגעאיטש האָט גערעכענט גלייך צו פאָהרען אהיים, אָבער פּלוצים האָט ער געקראָגען אַ מעלדונג עקסטרא צוגעשיקט פון זיין סטאַראָסטאַ, אַז אין פּאַסאָווא זיינען פערברענט געוואָרען זעקס הויפען, און ער האָט בעשלאָסען אליין פאָהרען אהין אַ קוק טהאָן. פון דער גובערנסקער שטאָדט ביז צו פּאַסאָווא האָט זיך גערעכענט אַ וויאָרסט זעכציג. וולאַדימיר סערגעאיטש איז אָנגעקומען אין דעם בעקאַנטען פליגעל אין אַבענד, האָט גלייך געהייסען רופען דעם סטאַראָסטאַ און דעם זעמסקען, האָט זיי גוט אויסגעזידעלט, האָט אין דער פריה ארומגעקוקט דעם פּלאַץ, וואו דער פייער איז געווען, האָט אָנגענומען די נויטיגע מיטעל, און נאָך מיטאָג איז ער, נאָך אַ קליינעם ישוב, אוועקגעפאָהרען צו גאַסט צו איפּאטאָוו׳ן. וולאַדימיר סערגעאיטש וואָלט געבליבען אין דער היים, ווען ער וואָלט ניט גע־הערט פון פּליטש׳ען וועגען נאַדעזשדא אַלעקסעיעווגאַ׳ס אָבפאָהרען; ער האָט ניט געהאַט קיין חשק זיך מיט איהר צו טרעפען; ער איז אָבער ניט געוועזען דאַגעגען נאָך אַמאָל אַ קוק צו טהאָן אויף מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ.

ווי אין זיין ערשטען בעזוך אזוי אויך איצט, האט וולאדימיר סערגעאיטש געטראפען איפאטאוו'ן שפיעלענדיג אין דאמינא מיט דער שוואכער נשמה. דער אלטער האט זיך זעהר דערפרעהט מיט איהם; דאך האט זיך וולאדימיר סערגעאיטש'ען אויסגעוויזען, אז זיין פנים איז פערזארגט און גערעדט האט ער איצט אויך ניט אזוי פריי און גערן, ווי פריהער...

מיט איוואן איליטש'ען האט וולאדימיר סערגעאיטש זיך איבער־געקוקט שווייגענדיג. זיי ביידע האבען זיך א ווײלע געפיהלט ניט בעקוועם; דאך האבען זיי זיך שנעל בערוהיגט.

— אלע אייעריגע זיינען געזונד? — האט געפרעגט וולאדימיר סערגעאיטש זעצענדיג זיך.

— אלע, געלויבט איז גאט, א דאנק פאר נאכפרעגען — האט געענטפערט איפאטאוו — איין מאריא פאוולאוונא איז ניט אין גאנ־צען... געפינט זיך מעהרסטענס אין איהר צימער.

— זי האט זיך פערקיהלט?

— ניין... אזוי. זי וועט קומען צום טהעע.

— און יעגאר קאפיטאניטש? וואס מאכט ער?

— אך! יעגאר קאפיטאניטש איז א דער'הרג'עטער מענש. דאס ווייב איז ביי איהם געשטארבען.

— עס קען ניט זיין.

—אין איין מעת לעת איז זי געשטארבען פון כאלערא. איהר וואלט איהם איצט ניט דערקאנט, עס איז פון איהם גאר נישט געווארען. „אהן מאטרענא מארקאוונא, זאגט ער, איז מיר דער לעבען ניט ניכע. איכ'ל שטארבען, זאגט ער, און גאר; איך וויל ניט, זאגט ער, לעבען". יא, ער איז פערלארען, דער ארימער.

— אך, מיין גאט, ווי דאס איז אונאנגענעהם! — האט אויס־גערופען וולאדימיר סערגעאיטש. — ארימער יעגאר קאפיטאניטש! אלע האבען א ווײלע געשוויגען.

— אייער שכנה, האב איך געהערט, האט חתונה געהאט — האט גענומען ריידען וולאדימיר סערגעאיטש, לייכט רויט ווערענ־דיג.

— נאדעזשדא אלעקסעיעוונא? יא, זי האט געהייראטה.

איפּאַטאָוו האָט קרום אַ קוק געטהאָן אויף וולאַדימיר סערגע־איטש'ען.

— ווי דען... ווי דען, האָט געהייראַטה און איז שוין אַוועק־געפאָהרען.

— אין פּעטערסבורג?

— אין סאַנקט פּעטערסבורג.

— מאַריא פּאַוולאָוונאַ מוז אודאי זיין אומעדיג אָהן איהר? זיי זיינען, דאַכט זיך, געווען שטאַרק בעפריינדעט.

— געוויס איז איהר אומעדיג. אַנדערש קען ניט זיין. און, אגב, וואָס בעלאַנגט צו פריינדשאַפט, מוז איך אייך זאָגען, אַז די מיידעלשע פריינדשאַפט איז נאָך ערגער פון דער מענערשער. אזוי לאַנג, ווי זיי זיינען אויף די אויגען, איז גוט, אָבער אַוועק פון די אויגען איז שוין נאָך אַלעמען...

— איהר דענקט אזוי?

— יאָ, ביי גאָט, אזוי איז דאָס. אָט לאָמיר נעהמען די אייגענע נאַדעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ. זייט זי איז אַוועקגעפאָהרען האָט זי נאָך קיין איין בריעף צו אונז ניט געשריעבען, און ווי זי האָט עס אונז פערשפּראָכען, האָט זיך אפילו געשוואָרען. אמת, איהר ליעגט עס איצט אין קאָפּ ניט.

— איז זי שוין לאַנג אַוועקגעפאָהרען?

— יאָ, שוין אַ וואָך זעקס. אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך דער חתונה איז זי אַוועק אין אויסלאַנד.

— מען זאָגט, דער ברודער איהרער איז אויך דאָ נישטאָ? — האָט אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגערעדט וולאַדימיר סערגעאיטש.

— יאָ, ער אויך. זיי זיינען דאָך גרויס שטאָדטישע מענשען; ווי קענען זיי לאַנג לעבען אין דאָרף!

— און מען ווייס ניט וואוהין ער איז געפאָהרען?

— ניין.

— האָט אָבגעזעגנען און איז אַוועק — האָט בעמערקט איוואַן איליטש.

— האָט אָבגעזעגנען און איז אַוועק — האָט איבער'געחזר'ט איפּאַטאָוו — נו, און איהר, וולאַדימיר סערגעאיטש, וואָס האָט איהר

עפּעס געטהאָן גוטס? — האָט ער צוגעזעצט, זיך אומדרעהענדיג אויף זיין שטול.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט גענומען דערצעהלען וועגען זיך, איפּאַטאָוו האט איהם אויסגעהערט, אויסגעהערט און צום סוף אויס־געשריען:

— וואס קומט עפּעס ניט מאשא? איוואַן איליאיטש, דו וואָלסט זי געהן רופען.

איוואַן איליאיטש איז ארוים פון צימער און ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט, האט ער ערקלערט, אַז מאַריא פּאַוולאָוונא וועט באַלד קומען.

— וואס איז, דער קאָפּ טהוט איהר וועה? — האט געפרעגט איפּאַטאָוו אין דער שטיל.

— יא, עס טהוט וועה — האט געענטפערט איוואַן איליאיטש.

די טהיר האט זיך געעפענט און עס איז אריין מאַריא פּאַוולאָוו־נאַ. וולאַדימיר סערגעיאיטש איז אויפגעשטאַנען, פארנייגט זיך און פאר ערשטוינונג אזש ניט געקענט אויסריידען קיין וואָרט: אזוי פערענדערט איז געוואָרען מאַריא פּאַוולאָוונא פון דער צייט אָן, וואס ער האט זי געזעהן צום לעצטען מאָל! די רויטע פארב איז פער־שוואונדען פון איהר מאָגער געוואָרענע באַקען; ברייטע שווארצע פאַסען האבען ארומגערינגעלט איהרע אויגען; מיט ביטערקייט הא־בען זיך צוזאַמענגעצויגען די ליפּען; דאס גאַנץ פּנים איהר׳ס א אונ־בעוועגליך׳ס און א פינסטער׳ס האט אויסגעזעהן, ווי פערשטוינערט.

זי האט אויפגעהויבען די אויגען, און אויך אין זיי איז ניט גע־ווען קיין גלאַנץ.

— ווי פיהלסטו זיך? — האט זי געפרעגט איפּאַטאָוו.

— איך בין געזונד — האט זי געענטפערט און זיך געזעצט צום טיש, אויף וועלכען עס האט שוין געזאָטען א סאַמאָוואַר.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך אזוי נישקשה׳דיג געלאַנג־ווײַלט יענעם אָבענד. און איבערהויפּט זיינען אַלע איבעריגע אויך געווען ניט גוט אויפגעלייגט. און גערעדט האבען זיי אַלץ פון אזעלכע ניט פרעהליכע זאכען.

— אָט הערט — האט צווישען אנדערעס געזאָגט איפּאַטאָוו, זיך צוהערענדיג צום וואָיען פון ווינד — הערט וואס פאר א נאָטען

דער ווינד יאָמערט אוים! דער זומער איז שוין לאַנג אוועק; אָט געהט אויף דער יעסען פּאַראיבער און אָט קומט שוין אָן דער ווינטער. עס וועט ווידער פּאַרוואַלען ארום און ארום מיט בערג שנעע. וואָלט כאָטש וואס שנעלער ארויסגעשאָטען א שנעע. אז ניט געהסטו אין גאַרטען ארוים און אַ אומעט פאַלט אָן... ווי עפּעס א חורבה, א רואינע. די בוימער קלאַפּען מיט די צווייגלאַך... יאָ, אוועק זיינען שוין די פרעהליכע טעג!

— אוועק — האט אויך געזאָגט איוואַן איליאיטש.

מאַריא פּאוולאָוונא האט שווייגענדיג א קוק געטהאָן אין פענ־סטער.

— גאָט וועט געבען און זיי וועלען זיך נאָך צוריקקעהרען — האט ארויסגערעדט איפּאַטאָוו.

קיינער האט זיך ניט אָבגערופען.

— און געדענקט איהר, ווי מען האט דאָ, אויף דעם זעלבען פּלאַץ, דאַן אזוי שעהן געזונגען? — האט געזאָגט וולאַדימיר סער־געיאיטש.

— מאַלע וואס איז געוועןǃ — האט א זיפץ געטהאָן דער אַלטער.

— אבער איהר וואָלט דאָך איצט אויך געקענט — האט ווייטער גערעדט וולאַדימיר סערגעיאיטש, זיך ווענדענדיג צו מאַריא פּאוו־לאָוונא — איהר האט דאָך אַזאַ פּראַכטפּאָלע שטימע.

זי האט איהם ניט געענטפערט.

— און וואס מאַכט אייער מוטער? — האט געפרעגט וולאַדי־מיר סערגעיאיטש ביי איפּאַטאָוו'ן, ניט וויסענדיג וועגען וואס נאָך צו ריידען.

— גאָט צו דאַנקען, זי שלאָגט זיך ביסלאַכווייז דורך מיט איהרע קראַנקהייטען. היינט נאָך איז זי געפּאָהרען אין איהר וועגעלע. זי איז, ווי א צובראָכענער בוים, עס סקריפּעט און סקריפּעט און טהוסט א קוק א סך יונגע, שטאַרקע בוימלאַך פאַלען צו דר'ערד, און יענער שטעהט אַלץ און שטעהט. אָך, כאָ, כאָ!

מאַריא פּאוולאָוונא האט אראָבגעלאָזען די הענד אויף די קניע און איינגעבויגען דעם קאָפּ.

— און דאָך האט זי פון אזא לעבען קיין נחת ניט — האט

געמאַכט איפּאַטאָוו — עס איז זעהר ריכטיג וואס מען זאָגט: „די עלטער איז ניט קיין פרייד."

— און די יוגענד איז אויך ניט קיין בעזונדער גליק — האט ארויסגערעדט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ, ווי פאַר זיך.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך געוואָלט אומקעהרען אהיים נעכטיגען, אבער אין דרויסען איז געוואָרען אַזאַ פינסטערניש, אַז ער האט זיך ניט געקענט בעשליסען צו פאָהרען. מען האט איהם אָב־געגעבען דעם זעלבען צימער אין אויבערשטען שטאָק, אין וועלכען ער האט מיט דריי מאָנאַט צוריק פערבראַכט אַזאַ אונרוהיגע נאַכט, צוליעב יעגאָר קאַפּיטאָניטש'ן...

— צו כראַפּעט ער איצט? — האט א טראַכט געטהאָן וולאַדי־מיר סערגעיאיטש, און האט זיך דערמאָהנט, ווי ער האט דאַן געלע־רענט זיין דיענער דרך ארץ, און ער האט זיך אויך דערמאָהנט אויף דאס פּלוצימדיגע ערשיינען פון מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ בייַנאַכט אין גאָרטען...

וולאַדימיר סערגעיאיטש איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און צו־געלייגט זיין שטערען צו די קאַלטע שויבען. זיין אייגענער פּנים האָט מאַט א קוק געטהאָן אויף איהם פון הויף ארויס, ווי א שוואַרצע וואַנט איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגען און נור אין א צייט ארום האט ער געקענט אונטערשיידען דעם דונקעלען הימעל אָהן איין שטערנדעל און די צווייגען פון די בוימער, וועלכע האבען זיך מיט אימפּעט געדרעהט אין דער פינסטערניש. זיי האט געטרייסעלט א שטאַרקער ווינד.

פּלוצים האט וולאַדימיר סערגעיאיטש'ען זיך אויסגעוויעזען, אַז עטוואָס ווייסעס האט א מיניע געטהאָן איבער דער ערד... ער האט זיך גוט איינגעקוקט, א שמייכעל געטהאָן, א דריק געטהאָן מיט די פּלייצעס, און שטיל פאַר זיך אויסגערופען: „וואס א פאַנטאַזיע איז!" האט ער זיך געלעגט אין בעט.

ער איז זעהר שנעל אנשלאָפען געוואָרען, אבער אויך דיעזען מאָל איז איהם ניט בעשערט געווען צו פערברייִנגען א רוהיגע נאַכט. איהם האט אויפגעוועקט עפּעס א טומולט און לויפעניש, וואס האט זיך אויפגעהויבען איבער'ן הויז... עס האבען זיך געהערט אויפגעגע־רעגטע שטימען, אויסגעשרייען, שנעלע טריט, די טהירען האבען גע־

קלאַפּט; אַט האט זיך דערהערט א ווייבערשער געוויין, קולות האבען זיך דערטראָגען פון גאָרטען, אַנדערע געשרייען האבען זיך געהערט נאָך ווייטער... די מהומה אין הויז איז געוואַקסען, איז געוואָרען טומולדיגער מיט יעדען אויגענבליק... „עס ברענט!" האט זיך דורכגעטראָגען ביי וולאַדימיר סערגעיאיטש'ען אין קאָפּ. ער האט זיך דערשראָקען, איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און זיך א וואָרף געטהאָן צום פענסטער; נור קיין פייער האט זיך ניט געזעהן; נור אין גאָרטען, איבער די וועגלאַך, פאַרביי די בוימער האבען זיך שנעל בעוועגט רויטע, פייערדיגע פינטעלאַך — דאס זיינען מענשען מיט לאַנטערנעס געלאָפען. וולאַדימיר סערגעיאיטש איז שנעל צוגעגאַנגען צו דער טהיר, האט זי געעפענט און האט זיך אָנגעשטויסען גלייך אויף איוואַן איליאיטש'ן. א בלאַסער, א צוקודעלטער, א האלב אויסגעטהאָנענער, איז ער געפלויגען, אליין ניט וויסענדיג וואוהין.

— וואס טהוט זיך דאָ? וואס האט פּאַסירט? — האט מיט אויפרעגונג אין קול געפרעגט וולאַדימיר סערגעיאיטש, איהם אָנכאַפּענדיג פעסט פאַס א האנד.

— פערלאָרען, דערטרונקען, זיך אין וואַסער אריינגעוואָרפען — האט געענטפערט איוואַן איליאיטש מיט א פערשטיקטען קול.

— ווער האט זיך אין וואַסער אריינגעוואָרפען, ווער איז פערלאָרען?

— מאַריא פּאַוולאָווגאַ! ווער אַנדערש, אז ניט מאַריא פּאַוולאָוונאַ? אונגליקליך האט ער זי געמאַכט, די אָרעמע! ראַטעוועט! טאַטעלאַך, לאָמיר לויפען אויף גיכער! פויגעלאַך מיינע, שנעל!

און איוואַן איליאיטש האט זיך א וואָרף געטהאָן אראָב פון די טרעפּ.

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט ווי עס איז אָנגעטהאָן די שטיוועל, ארויפגעוואָרפען דעם שינעל אויף די פּלייצעס און זיך א לאָז געטהאָן נאָך איהם.

אין הויז האט ער שוין קיינעם ניט געטראָפען, אלע זיינען אוועק אין גאָרטען; בלויז די מיידלאַך, איפּאַטאָוו'ס טעכטער האט ער געפונען אין קאָרידאָר; טויט פאר שרעק, זיינען זיי געשטאַנען אין זייערע ווייסינקע אונטערקליידלאַך, מיט צוזאַמענגעדריקטע הענד און נאַקעטע פיסלאַך, לעבען דעם נאַכטלעמפעל, וועלכען מען האט

אוועקגעשטעלט אויף דער פּאָדלאָגע. וולאַדימיר סערגעיאיטש איז דורך'ן גאסטצימער, פאַרביי אַ אומגעוואָרפענעם טיש, ארויסגעלאָפען אויף דעם גאַנעק. צווישען די געדיכטע בוימער, אין דער ריכטונג פון דער דאַם, האבען זיך געמיניעט פייערלאַך, שאָטענס....

— נאָך די האַטשיקעס! אויף גיך נאָך די האַטשיקעס! — האט זיך געהערט איפּאַטאָוו'ס קול.

— אַ פישערנעץ! אַ פישערנעץ! אַ שיפעל! — האבען גע־שריען אנדערע שטימען.

וולאַדימיר סערגעיאיטש איז געלאָפען אין דער ריכטונג פון וואַנען עס האבען זיך געהערט די קולות. ער האט געטראָפען איפּאַ־טאָוו'ן אויפ'ן ברעג פון טייך; אַ לאַמטערנע איז געהאַנגען אויף אַ צווייג, האט העל בעלויכטען דעם גרויסען קאָפּ פון דעם אַלטען. ער האט געבראָכען מיט די הענד און זיך געוואַקעלט, ווי אַ שכור'ער. נעבען איהם, ליגענדיג אויף דער ערד, האט עפּעס אַ פרוי געקלאָגט און געיאָמערט; ארום האבען זיך געדרעהט מענשען. איוואַן איל־איטש איז שוין אריין ביז די קניע אין וואַסער און האט מיט אַ שטע־קען געטאַפּט דעם גרונד; דער קוטשער האט זיך אויסגעטהאָן, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען לייב; עס האט זיך געהערט אַ האַרטער טור־פען פון קאַפּיטעס איבער אַ גאַס פון דאָרף.... אַ ווינד האט זיך געיאָגט מיט אַ פייפעריי, ווי ער וואָלט געפּלויגען די לאַמטערנעס פאַרלעשען, און דער טייך האט געפּליעסקעט און געראַשט פינסטער און שטורעמדיג.

— וואס איך האב געהערט — האט אויסגערופען וולאַדימיר סערגעיאיטש, צולויפענדיג צו איפּאַטאָוו'ן — איז עס מעגליך?

— האַטשיקעס! גיט אַהער האַטשיקעס! — האט ארויסגע־קרעכצט דער אַלטער אַלס אַן ענטפער...

— אבער איהר האט אפשר אַ טעות, גאָט איז מיט אייך, מיכאַ־איל ניקאָלאַיאיטש...

— ניין! ווי קומט אַ טעות! — האט מיט אַ וויינענדיגען קול געענטפערט ריידען די פרוי, וועלכע איז געלעגען אויף דאס גראָז, מאַריאַ פּאַוולאָווּנאַ'ס דיענסט — איך אליין, די פערשאָלטענע, האב גע־הערט, ווי זי, דאס טייבעלע מיינס, האט זיך אין וואַסער ארייגגע־וואָרפען, ווי זי האט זיך געצאַפּעלט אין וואַסער, ווי זי האט אַ גע־

שריי געטהאָן: ראַטעוועט, און דערנאָך נאָך אַמאָל: ראַטעוועט!

— אבער ווי אזוי האָסטו איהר ניט געשטערט, שטייטע?

— אבער ווי אזוי, טאַטעלע מיינער, האב איך איהר געקענט שטערען? ווען איך האב זיך ערשט געכאַפּט איז זי דאָך שוין אין צימער ניט געווען, נור מיין הארץ האט עס געפיהלט: די לעצטע עטליכע טעג האט זי אלץ אזוי געבענקט, אומעטיג געווען און גאָר־ניט גערעדט; און איך האב גלייך געוואוסט און בין גלייך געלאָפען אין גאָרטען, אזוי ווי עמעצער וואָלט מיר אַזאַ שכל אריינגעגעבען; איך הער, פלוצים טראָך עפּעס אין וואַסער אריין: ראַטעוועט, הער איך, שרייט זי... ראַטעוועט... אַך, טייבעלאָך מיינע! אַך, פויגעלאָך מיינע!

— אבער דיר, קען זיין, האט זיך עס נור אויסגעוויעזען?

— וואָסער אויסגעוויעזען? וואו דען איז זי? וואו איז זי אהינ־געקומען?

— איז אַט פארוואָס מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז איך זעה עטוואָס ווייסעס אין דער פינסטער — האט א טראַכט געטהאָן וולאַ־דימיר סערגעיאיטש...

דערווייל זיינען אָנגעלאָפען מענשען מיט האַטשיקעס, מען האט געבראַכט צו שלעפּען א פישערנעץ, און איהם גענומען אויסשפּרייטען איבער'ן גראָז, מענשען זיינען אָנגעלאָפען אין די מאַסען, עס איז געוואָרען א גערודער, א שטופּעניש... דער קוטשער האט געכאַפּט א האַטשיק, דער סטאַראָסטאַ א צווייטען, ביידע זיינען אריינגעשפּרונ־גען אין שיפעל, זיינען אָבגעפּאָהרען פון ברעג און גענומען זיך זו־כען מיט די האַטשיקעס אין וואַסער; פון ברעג האט מען זיי צוגע־לויכטען. מערקווירדיג און מורא'דיג האבען אויסגעזעהען די בעווע־גונגען פון זיי און זייערע שאָטענס אין דעם נעבעל, איבער דעם שווי־מענדיגען טייך, פאר דעם שוואַכען און בלאַסען שיין פון די לאַמ־טערנעס.

— אַ... אַט האב איך פארטשעפּעט אָן עפּעס... — האט פלוצים א געשריי געטהאָן דער קוטשער.

אלע זיינען ווי פארגליווערט געוואָרען אויף זייערע ערטער.

דער קוטשער האט א ציה געטהאָן צו זיך דעם האַטשיק, האט

זיך איינגעבויגען... עטוואָס שפּיציגעס, שווארצעס, איז לאַנגזאַם ארויפגעשוואומען פון אויבען...

— א קלאַץ! — האט ארויסגערעדט דער קוטשער און האט אָבגעשטופּט דעם האטשיק.

— קעהרט זיך אום, קעהרט זיך אום — האט מען גענומען שרייען פון ברעג — מיט די האטשיקעס וועט מען גאָרניט מאַכען, מען מוז פּרובען מיט'ן פישערנעץ.

— יאָ, יאָ, מיט'ן פישערנעץ — האבען אונטערגעכאַפּט די אנ־דערע.

— שטעהט! — האט ארויסגערעדט דער סטאַראָסטאַ — איך האב אויך עפּעס פאַרטשעפּעט... דאכט זיך, עפּעס ווייכעס — האט ער צוגעזעצט אין א ווײַלע ארום.

א ווייסער פלעק האט זיך בעוויעזען נעבען דער שיפעל...

— דאס פריילען! — האט פלוצים א געשריי געטהאָן דער סטאַ־ראָסטאַ — זי!

ער האט ניט געהאַט קיין טעות... דער האטשיק האט פאַרטשע־פּעט מאַריא פּאַוולאָוונא פאר דעם ארבעל פון איהר קלייד. דער קו־טשער האט זי גלייך א כאַפּ געטהאָן און ארויסגעשלעפּט פון וואַסער. מיט צוויי שטאַרקע בעוועגונגען איז דאס שיפעל געווען ביים ברעג. איפּאַטאָוו, איוואַן איליאיטש, וולאַדימיר סערגעיאיטש, אלע האבען זיך א וואָרף געטהאָן צו מאַריא פּאַוולאָוונאַ, האבען זי אויפגעהויבען, און אויף די הענד אוועקגעטראָגען אהיים; מען האט זי גלייך אויס־געטהאָן, גענומען זי טרייסלען, אָנוואַרעמען... אבער זייער אלע־מענס מיה, זייער מאַטערנעט איז געווען אומזיסט... מאַריא פּאַוו־לאָוונאַ איז ניט געקומען צו זיך. זי איז שוין געווען טויט.

אויף מאָרגען, גאנץ פריה, האט וולאַדימיר סערגעיאיטש פער־לאָזען איפּאַטאָווקע; פאַר'ן אָבפאָהרען איז ער אוועק זיך זעגענען מיט דער געשטאָרבענער.

זי איז געלעגען אין גאַסטצימער אויף א טיש אין א ווייס קלייד... איהרע געדיכטע האָאָר האבען זיך נאָך ניט גאַנצען אויסגעטרי־קענט. עפּעס א מין טרויעריגע פאַרוואונדערונג, א מין ניט קענען בעג־גרייפען האט אויסגעדריקט איהר בלייך פּנים, וועלכען דער טויט האט נאָך ניט צייט געהאַט צו פערקרימען; די געעפענטע ליפּען

האבען זיך, ווי געמאַטערט צו נעהמען ריידען און פרעגען עטוואָס... די צוזאַמענגעדריקטע, איינס איבער דאס אנדערע, פערלייגטע הענד האבען זיך מיט עפּעס א מין ביינקעניש געדריקט צו דער ברוסט... נור מיט וואס פאר א טרויעריגע געדאַנקען עס זאָל ניט האבען פער־לאָרען געגאַנגען די אָרעמע דערטרונקענע, דער טויט האט ארויפגע־לייגט אויף איהר זיין שטעמפּעל פון אייביגען שווייגען און אונטער־געבען זיך... און ווער פערשטעהט, וואס עס דריקט אוים א טויטעס געזיכט ווען עס טרעפט צום לעצטען מאָל דעם בליק פון די לעבע־דיגע, איידער עס דארף אויף אימער פערשווינדען און צושטערט ווע־רען אין קבר?

וולאַדימיר סערגעיאיטש איז געשטאַנען א ווײַלע פאר דעם קער־פּער פון מאריא פּאוולאָוונא מיט א פּאסענדער פערטראַכטקייט, דער־נאָך האט ער זיך דריי מאָל איבערגע׳צלמ׳ט און איז ארויס, ניט בע־מערקענדיג איוואַן איליאיטש׳ן, וועלכער האט שטיל געוויינט אין א ווינקעל... און ניט ער אליין האט געוויינט אין יענעם טאָג, די גאַנ־צע דיענערשאַפט אין הויז האט ביטער געוויינט: מאריא פּאוולאָוונא האט איבערגעלאָזען נאָך זיך א גוטען אנדענקען.

אָט וואס איפּאַטאָוו האט געשריעבען אין א וואָך ארום אלס אַן ענטפער אויף דעם בריעף, וואס איז ענדליך אָנגעקומען פון נאַדיעזש־דא אַלעקסעיעוונאַ.

„מיט א וואָך צוריק, גנעדיגע הערין נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוו־נאַ, האט די אונגליקליכע שוועגערין מיינע, אייער פריינדין, מאריא פּאוולאָוונא, מיט איהר אייגענעם ווילען געענדיגט איהר לעבען, אריינוואַרפענדיג זיך ביי דער נאַכט אין טייך, און מיר האבען שוין איבערגעגעבען איהר קערפּער צו דער ערד. אויף דיעזער טרויעריגער און שרעקליכער טהאט האט זי זיך ענטשלאָסען, ניט זעגענענדיג זיך מיט מיר, ניט איבערלאָזענדיג אפילו א בריעף צו א צעטעלע, וואו זי זאָל האבען אויסגעדריקט איהר לעצטען ווילען... נור איהר, נאַדיעזש־דא אַלעקסעיעוונאַ, ווייסט בעסער פון אַלעמען, אויף וועמעס קאָפּ עס דארף פאַלען דיעזע גרויסע און שרעקליכע זינד! זאָל גאָט ברוך הוא משפּט׳ן אייער ברודער, נור מיין שוועגערין האט ניט געקענט ניט אויפהערען צו ליעבען, און ניט איבערלעבען די צושיידונג....״

נאַדיעזשדאַ אַלעקסעיעוונאַ האט געקריעגען דעם דאָזיגען בריעף

שוין אין איטאליען, וואוהין זי איז געפאָהרען צוזאמען מיט איהר מאן, גראף דע סטעלצינסקי, ווי מען האט איהם גערופען אין אלע גאסטהייזער. אייגענטליך האט ער בעזוכט ניט נור גאסטהייזער אליין. מען האט איהם אָפט געזעהן אין הייזער, וואו מען שפיעלט אין קאָר־טען, אין די זאאלען פון באדע פלעצער.... צוערשט האט ער פער־שפיעלט א סך געלד, דערנאָך האט ער אויפגעהערט צו פערשפיעלען און זיין פנים האט אָנגענומען עפּעס א בעזונדערען אויסדרוק, אי א פערדעכטיגען, אי א פרעכען, וועלכער עס ווערט ביי א מענשען, מיט וועלכען עס טרעפט פלוצים אונערוואַרטעטע ניט גאָר שעהנע געשיכ־טען... מיט דער ווייב האט ער זיך זעלטען געזעהן. אגב האט נאַ־דיעזשדא אלעקסעיעוונא זיך ניט געלאנגווייל אין זיין אָבוועזענהייט. אין איהר האט זיך ערוועקט א ליידענשאפט צו קונסט און מאהלעריי. זי האט זיך אלץ געקענט מיט ארטיסטען און ליעב געהאט צו ריידען וועגען שעהנע און הויכע געגענשטענדע מיט יונגע לייט. איפּאטאָוו'ס בריעף האט איהר זעהר צוקלעמט, עס האט איהר אבער ניט געשטערט נאָך אין דעם זעלבען טאָג צו פאָהרען אין דער „הינטישער העהל" א קוק טהאָן, ווי עס ווערען דערשטיקט די אָרימע חיות, אריינגעטריבענע אין א פארע פון שוועבעל.

געפאָהרען איז זי ניט אליין. איהר האבען בעגלייט פערשיעדענע העררען. צווישען זיי האט זיך, אלס דער פריינדליכסטער, גערעכענט איינער א געוויסער הערר פּעפּעלין, א ניט געלונגענער מאהלער פון די פראנצויזען, מיט א בערדעל און אין א קעסטעלדיגען רעקעל. ע־ר האט מיט א דינינקען טענאָר געזונגען די נייעסטע ראָמאנסען, האט זיך געוויצעלט גאנץ פריי, און כאָטש ער איז געווען גאנץ מאָגער און דין, האט ער פון דעסטוועגען געקענט א סך אריינעסען.

---

## VII.

עס איז געווען א זוניגער, קאלטער טאָג אין יאנוואר; אויף דעם נעוופקען פּראָספּעקט האבען שפּאצירט א סך מענשען. דער זייגער אויף דעם טהורעם פון דער דומא האט געוויעזען אויף דריי. איבער

די ברייטע שטיינער, בעזעהט מיט א געל זעמדעל, איז צווישען אנ־דערע, געגאַנגען אונזער אַלטער בעקאַנטער, וולאַדימיר סערגעיאַיטש אַסטאַכאָוו. ער האָט זיך א סך געענדערט פון דער צייט אָן, וואָס מיר האָבען איהם ניט געזעהן, האָט זיך אָבגעלאָזען א פּאָאַר באַקען־באָרדס און איז פולער געוואָרען אין גאַנצען קערפּער, אָבער עלטער איז ער ניט געוואָרען. ער איז געגאַנגען הינטער דעם עולם, ניט איילענדיג זיך און צייטענווייז זיך אַרומקוקענדיג: ער האָט ערוואַרט זיין ווייב; זי צוזאַמען מיט איהר מוטער האָט געדאַרפט צופאָהרען אַהער אין א קאַרעטע. שוין פינף יאָהר, ווי וולאַדימיר סערגעיאַיטש האָט חתונה געהאַט, גראַדע אַזוי, ווי ער האָט זיך אימער געוואונשען: זיין פרוי איז געוועזען רייך און האָט געהאַט די סאַמע בעסטע פערבינדונגען. פריינדליך אויפהויבענדיג זיין אויסגעצייכענט אויסגערייניגטען הוט, פאַר די פיעלע, פיעלע בעקאַנטע, וואָס ער האָט בעגעגענט, האָט וולאַ־דימיר סערגעיאַיטש געטראָטען ווייטער מיט דעם דרייסטען גאַנג פון א מענשען, וועלכער איז צופריעדען מיט זיין שיקזאַל, ווען פּלוצים האָט זיך אויף איהם אָנגעשטויסען עפּעס א הערר אין א שפּאַנישען מאַנטעל, אין א היטעל, מיט א שטאַרק אָבגעבליאַקירטען פּנים, מיט געפאַרבטע וואָנצעס און גרויסע, אביסעל פערגאָסענע אויגען. וולאַדי־מיר סערגעיאַיטש האָט זיך מיט ווירדע אָבגערוקט, נור דער הערר אין דער היטעל האָט אויף איהם א קוק געטהאָן און פּלוצים אויסגע־שריען:

— אַה! הערר אַסטאַכאָוו, וואָס מאַכט איהר!

וולאַדימיר סערגעיאַיטש האָט גאָרניט געענטפערט און איז גע־בליעבען שטעהן פערוואונדערט. ער האָט ניט געקענט פערשטעהן, פון וואַנען א מענש, וואָס האָט געוואַגט צו געהן איבער׳ן געוויסקען פּראָס־פּעקט אין א היטעל, האָט געקענט וויסען זיין פאַמיליען נאָמען.

— איהר דערקענט מיך ניט? — האָט ווייטער גערעדט דער הערר אין היטעל — איך האָב אייך געזעהן מיט אַכט יאָהר צוריק אין דאָרף, אין דער גובערניע ט..., ביי איפּאַטאָוו׳ן. מיין נאָמען איז ווערעטיעוו.

— אַך! מיין גאָט, ענטשולדיגט מיך! — האָט אויסגעשריען וולאַדימיר סערגעיאַיטש — אָבער ווי איהר האָט זיך פערענדערט פון יענער צייט אָן...

— יאָ, איך בין פאַרעלטערט געוואָרען — האט גענענטפערט פיאָ־טאָר אלעקסעיאיטש און א פיהר געטהאָן איבער'ן פנים מיט א האנד, אויף וועלכער עס איז ניט געווען קיין האנדשוה — אָט איהר, האט זיך גאָרנישט אומגעביטען.

ווערעטיעוו איז ניט אזוי פיעל פערעלטערט געוואָרען, ווי ער האט עפּעס אויסגעצויגען, אָבגעלאָזען זיך. קליינע און דינע קנייטשען האבען בעדעקט זיין גאַנץ פנים און ווען ער האט גערעדט, האבען זיינע ליפּען און באקען זיך לייכט געטרייסעלט. נאָך אלץ איז קענטיג געווען, אז דער מענש האט געלעבט אויף א שטאַרקען שטייגער...

— וואו זייט איהר די גאַנצע צייט אהינגעקומען, וואס מען האט אייך אין ערגעץ ניט געטראָפען? — האט איהם געפרעגט וולאדימיר סערגעיאיטש.

— האב געוואַנדערט וואו ניט איז. און איהר געפינט זיך אלץ אין פעטערסבורג?

— מעהרסטענטהיילס אין פעטערסבורג.

— פערהייראַטה?

— פערהייראַטה.

און וולאדימיר סערגעיאיטש האט אָנגענומען אביסעל א שטרענ־גען אויסזעהן, ווי ער וואָלט וועלען זאָגען ווערעטיעוו'ן: „דו, ברודער, זאָלסט נור ניט דענקען מיך צו בעטען, איך זאָל דיך פאָרשטעלען פאר מיין ווייב."

ווערעטיעוו האט איהם, קענטיג, פערשטאַנען. א גלייכגילטיגער שמייכעל האט קוים בעריהרט זיינע ליפען.

— און וואס מאַכט אייער שוועסטער? — האט געפרעגט וולא־דימיר סערגעיאיטש — וואו איז זי?

— איך קען אייך ניט זאָגען אויף געווים. וואהרשיינליך, אין מאָסקווע. איך האב פון איהר שוין לאַנג קיין בריעף ניט געקריעגען.

— איהר מאַן לעבט?

— יאָ, ער לעבט.

— און וואס מאַכט העררר איפּאַטאָוו אליין?

— איך ווייס ניט; ער לעבט, וואהרשיינליך, אויך; און אפשר איז ער שוין געשטאָרבען.

— און יענער הערר, ווי האָט מען איהם דאָרט גערופען, באָדריאַ־קאָוו, דאַכט זיך?

— דער זעלבער וועמען איהר האט געוואָלט האבען אלס סעקונ־דאַנט, איהר געדענקט, ווען איהר האט זיך אזוי דערשראָקען? דער טייפעל ווייסט איהם, וואס ער מאַכט דאָרט?

וולאַדימיר סערגעיאיטש האט א ווייילע געשוויעגען. מאַכענדיג אַן ערנסטען פנים.

— איך האב אימער מיט פערגעניגען זיך דערמאָהנט אָן יענע אָבענדען, ווען איך האב געהאט דעם צופאַל (ער האט שיעור ניט גע־זאָגט — די עהרע) זיך צו בעקענען מיט אייער שוועסטער און מיט אייך. זי איז זעהר א ליעבענסווירדיגע פּערזאָן. נו, און איהר זינגט נאָך אַלץ אזוי אנגענעהם?

— ניין, איך האב פערלאָרען די שטימע.... יאָ, א שעהנע צייט איז דאַן געוועזן!

— איך האב דערנאָך נאָך אַמאָל בעזוכט איפּאַטאָווקע — האט געזאָגט וולאַדימיר סערגעיאיטש, א מאָך טהאָנדיג טרויעריג מיט די ברעמען — אזוי, דאַכט זיך, האט מען גערופען יענעם דאָרף — אין דעם זעלבען טאָג, ווען דאָרט האט פּאַסירט א שרעקליכער צופאַל...

— יאָ, יאָ, דאס איז שרעקליך, שרעקליך — האט איהם שנעל איבערגעשלאָגען די רייד ווערעטיעוו — יאָ, יאָ, און געדענקט איהר, ווי איהר האט זיך שיעור ניט געשלאָגען מיט מיין איצטיגען שוואָגער?

— הם! אָך געדענק! — האט געענטפערט וולאַדימיר סערגעי־איטש לאַנגזאַם — אגב איך מוז זיך מודה זיין, אז אזוי פיעל צייט איז אוועק פון דאַן אָן. מיר דאַכט זיך אַמאָל, אז דאס איז אלעס געוועזן עפּעס א חלום...

— א חלום — האט וויעדערהאָלט ווערעטיעוו, און זיינע בלייכע באַקען זיינען רויט געוואָרען — א חלום... ניין, דאס איז ניט געוועזן קיין חלום, אם וועניגסטענס ניט פאַר מיר. דאס איז געווען א צייט פון יוגענד, פון פרעהליכקייט, פון גליק, א צייט פון האָפנונגען אָהן א ברעג און כחות אָהן א מאָס, און אויב דאס איז געווען א חלום, דאַן איז דאס געווען א שעהנער חלום. און אָט דאס, וואס מיר ביידע זיינען איצט געוואָרען פאַרעלטערט, פאַרנאַרישט, וואס מיר פאַרבען די וואָנ־צעס און שלעפען זיך ארום איבער׳ן נעווסקען פּראָספּעקט, און זיינען

געוואָרען אזוי, אז מיר טויגען שוין צו קיין זאַך ניט, ווי צושלאָגענע קליאַטשעס, האבען זיך אויסגעוועבט, זיך אויסגעריבען, אדער מיר מאַכען א אָנשטעל און קרימען זיך, אָדער מיר פּוסט און פּאַסעווען, אז ניט פערגיסען מיר גאָר די צרות מיט וויין — אָט דאָס איז שוין זיכער א חלום, און א חלום א מיאוס'ער, א העסליכער... דאס לעבען איז אוועק, איז אָבגעלעבט, און אומזיסט, אומגעלומפּערט, נאַריש אָבגע־לעבט—אָט וואָס עס איז ביטער! אָט דאָסהאט מען גערארפט אראָב־טרייסלען פון זיך, ווי א חלום, אָט פון דעם האט מען גערארפט א כאַפּ טהאָן זיך, ערוואכען... און דערצו — איבעראל און אומעדום פער־פאָלגט איין שרעקליכע עראינערונג, איין געשפּענסט... עך, וואס טויג די רייד, לעבט וואָהל!

ווערעטיעוו איז שנעל אוועק, נור צוקומענדיג צו די טהירען פון איינער פון די הויפּט קאָנדיטערייען אויפ'ן נעווסקען פּראָספּעקט, האט ער זיך אָבגעשטעלט, איז אריין אינעווייניג און אויסטרינקענדיג ביים בופעט א גלעזעל פּאָמעראַנצען שנאַפּס, איז ער אוועק, דורך דעם בי־ליארד צימער, א דונקעלען און נעבעלדיגען פון טאַבאַק רויך, אין א הינטערשטען צימער. דאָרט האט ער געטראָפען אייניגע בעקאַנטע, פריהערדיגע חברים: פּעטיא לאַזורין, קאָסטיא קאָסטראָווסקי, פּירסט סערדיוקאָוו, און נאָך צוויי הערערן, וועלכע מען האט גערופען איינ־פאַך וואסיוק און פּילאַט. זיי אלע זיינען שוין ניט געוועזן קיין יונגע מענשען, כאָטש זיי זיינען געווען אונפערהייראַטה; ביי אייניגע זיינען די האָאָר אויסגעקראָכען, און ביי אנדערע גרוי געוואָרען, זייערע פּנים'ער האבען זיך מיט קנייטשען בעדעקט, זייערע מאָרדעס דיקער געוואָרען. מיט איין וואָרט, אלע דיעזע הערערן זיינען שוין לאַנג ארי־בער די צייט פון זייער בליהען. זיי אלע האבען נאָך פון דעסטוועגען געהאלטען ווערעטיעוו'ן פאר א אונגעוועהנליכען מענשען, וועלכער איז געשאפען אום צו איבערראשען די גאַנצע וועלט, און ער איז נור דער־פאר געווען קליגער פון זיי, ווייל ער אליין האט גוט בעגריפען זיין פאַל־שטענדיגע אונניצליכקייט. און אויסער זיין קרייז האבען זיך אויך געפונען מענשען, וועלכע האבען וועגען איהם געדענקט, אז, יוען ער וואָלט זיך אליין ניט רואינירען, וואָלט פון איהם, דער טייפעל ווייסט, וואס ארויסגעקומען... די דאָזיגע מענשען האבען א טעות געהאַט: פון אזעלכע, ווי ווערעטיעוו, קומט קיין מאָל גאָרנישט ניט ארויס.

פיאָטאָר אַלעקסעיאיטש'עס פריינד האבען איהם בעגעגענט מיט זייער געוועהנליכער פריינדליכקייט. אין אָנהויב האט ער זיי פערוואונדערט מיט זיין פינסטערען אויסזעהן און דעם ריידען מיט גאַל, נור אין גיכען האט ער זיך בערוהיגט, איז פרעהליך געוואָרען, און אַלעס איז וויעדער אוועק אויף דעם געוועהנליכען שטייגער.

און וואַלאַדימיר סערגעיאיטש, ווי נור ווערעטיעוו איז פון איהם אוועק, האט זיך אָנגעכמורעט און שטאַלץ אויסגעגלייכט זיך. די אונערוואַרטעטע האנדלונג פון פיאָטאָר אַלעקסעיאיטש'ען האט איהם זעהר פערוואונדערט, זאָגאר בעליידיגט איהם.

„זיינען נאַרישער געוואָרען, טרינקען וויין, פאַרבען די וואָנצעס... דאס מיינט איהר זיך אליין, מיין העררֿ" — האט ער ענדליך ארויסגערעדט כמעט אין דער הויך, און א פאַרשקע געטהאָן אמאָל צוויי פון שטאַרקער ענטריסטונג, האט ער זיך שוין געהאט געקליבען אוועקצוגעהן שפּאַצירען ווייטער.

— ווער האט עס מיט אייך גערעדט? — האט זיך דערהערט א הויכע און זעלבסטבעוואוסטע שטימע הינטער זיין רוקען.

וואַלאַדימיר סערגעיאיטש האט זיך אומגעקעהרט און דערזעהן איינעם פון זיינע גוטע בעקאַנטע, א געוויסען העדר פּאָמפּאָנסקי. דער דאָזיגער העדר פּאָמפּאָנסקי, א מענש פון הויכען וואוקס און א דיקער, האט פערנומען א גאַנץ וויכטיגע שטעלע, און קיין מאָל, פון זיין פריהעסטער יוגענד אָן, האט ער ניט געצווייפעלט אין זיין אייגענער פערזאָן.

— אָט אזוי עפּעס א שטיקעל א משוגענער — האט געענטפערט וואַלאַדימיר סערגעיאיטש, נעהמענדיג העדר פּאָמפּאָנסקי'ן אונטער'ן האַנד.

— וואס טהוט זיך מיט אייך, וואַלאַדימיר סערגעיאיטש, איז דען ערלויבט אַן אנשטענדיגען מענשען צו שמועסען אויף דער גאַס מיט א סוביעקט, וועלכער טראָגט א היטעל אויפ'ן קאָפּ? דאס איז ניט אנשטענדיג! איך וואונדער זיך! וואו האט איהר געקענט בעקאַנט ווערען מיט אזא פערזאָן?

— אין דאָרף.

— אין דאָרף... מיט דאָרפישע שכנים, ווען מען טרעפט זיך אין שטאָדט, בעגריסט מען זיך אפילו ניט... א שעהנע זאַך, ווירקליך.

א דזשענטעלמאַן דאַרף זיך אימער האַלטען, ווי א דזשענטעלמאַן, אויב ער וויל....

— אָט איז מיין פרוי — האט זיך געאיילט איהם צו אונטערברע־כען וולאַדימיר סערגעיאיטש — לאָמיר געהען צו איהר.

און ביידע הערען זיינען אוועק צו א קליינער, עלעגאַנטער קאַ־רעטקע, וואו פון די פענסטער האט ארויסגעקוקט א בלאַסער, מיעדער און פערדריסליך־שטאָלצער פּנים'על פון א פרוי נאָך א יונגער, אבער שוין א פערוועלקטער.

הינטער איהר האט זיך געזעהן נאָך א דאַמע, אויך עפּעס א אָנ־געבלאָזענע, א אין כעס'ע איהר מוטער. וולאַדימיר סערגעאיטש האָט געעפענט די טהירען פון דער קארעטע און דערלאַנגט זיין פרוי דעם אָרעם. פּאַמפּאַנסקי איז אוועק מיט זיין שווינגער. און ביידע פּאַראַלאַך זיינען אוועק איבער'ן נעווסקען פּראָספּעקט אין דער בעגלייטונג פון א ניט הויכען לאַקעי מיט שווארצע האָאַר און געלע שטיבלעטען און מיט א גרויסער קאָקאַרדע אין זיין הוט.



# דריי מאל בעגעגנט

„שפרייז דו אריבער די דאזיגע בערגלאך און קום צו מיר א פרעהלי־
בער; מיט קיין געזעלשאפט פערזארג זיך ניט. קום אליין און
אויפ'ן וועג די גאנצע צייט דענק בלויז וועגען מיר, אזוי
אז איך זאל זיין דיין חבר אויפ'ן גאנצען וועג."

## I.

אין ערגעץ בין איך זומער־צייט ניט אזוי גערן אויף יאגד גע־
פאהרען, ווי אין דארף גלינאיע, וואס האט זיך געפונען א פינף און
צוואנציג וויארסט פון מיין הויף. ארום דעם דאזיגען דארף געפינען
זיך כמעט די בעסטע פלעצער פאר געיעג אין אונזער גאנצער געגענד.
דורכגעהענדיג אלע ארומיגע בושעס און פעלדער, האב איך זיך געגען
אבענד אומבעדינגט פארקירעוועט צו דעם זומפ, כמעט דעם איינצי־
גען זומפ אין דער גאנצער אומגעגענד און שוין פון דארט זיך אומ־
געקעהרט צו מיין גאסט־פריינדליכען בעל הבית, דעם סטאראסטע פון
גלינאיע, ביי וועלכען איך פלעג זיך שטענדיג אבשטעלען. פון דעם
זומפ צו גלינאיע איז ניט מעהר ווי צוויי וויארסט; דער וועג לויפט
אלץ איבער א הוילען פעלד און בלויז אויפ'ן מיטען וועג קומט אויס
אריבערצוגעהן איבער א קליין בערגעל. אויפ'ן שפיץ פון דעם דאזיגען
בערגעל געפינט זיך א פריצישער הויף, וואס בעשטעהט פון איין
פריצישען הייזעל און א גערטעל. מיר איז כמעט שטענדיג אויסגע־
קומען דארט פערבייצוגעהן אין דעם רעכטען מיטען פון זונען־אונטער־
גאנג, און איך געדענק, ווי יעדעס מאל האט דאס דאזיגע הייזעל מיט
איהרע פעסט צוגעמאכטע לאדענס זיך מיר אויסגעוויזען, ווי א בליג־

דער אַלטינקער, וועלכער איז ארויס אַנטקעגען זיך אויף דער זונן. זיצט זיך דער אַלטינקער ביים וועג; דער אייביגער נעבעל האָט שוין זייט לאַנג פערטריעבען פון איהם די ליכטיגע שיין פון דער זונן; דאָך פיהלט ער נאָך די שטראַהלען אויף זיין פעררינענעם, אויסגעצויגע־נעם פנים, אויף די אַנגעוואַרעמטע באַקען.

עס האָט זיך געדאַכט, אז אין דעם הויז גופא האָט שוין קיינער פון לאַנג אָן ניט געוואָהנט; בלויז אינ'ם קליינעם פליגעל אויפ'ן הויף, האָט זיך אויפגעהאַלטען א שוואַכער בעפרייטער דיענער, א הויכער, א גרויער, מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען און מיט שאַרפע, אונבע־וועגליכע שטריכען אויפ'ן פנים. ער פלעגט פאַר איינס זיצען אויף א ביינקעלע פאַר דעם איין־איינציגען פענסטערל פון פליגעל, קוקענדיג מיט אַן אומעדיגער פערטראַכטקייט אין דער ווייטקייט, און דערזעהן מיך, פלעגט ער זיך עטוואָס א הויב טהאָן, און זיך פערנויגען מיט יע־נער געוויסער וויכטיגקייט, מיט וועלכער עס האָבען זיך אויסגעצייי־כענט די דיענער ניט פון אונזערע פאָטערס, נור פון אונזערע זיידעס. איך פלעג מיט איהם פערפיהרען א שמועס, אָבער ער איז ניט געווען קיין ריידעוודיגער: איך האָב זיך בלויז דערוואוסט פון איהם, אז דער הויף, אין וועלכען ער האָט געוואָהנט, האָט געהערט צו אַן אייניקעל פון זיין אַלטען פּריץ, אַן אלמנה, וואָס האָט געהאַט א אינגערע שוועס־טער; אז זיי ביידע לעבען אין גרויסע שטעדט און אויף דעם אַנדער זייט ים, און אין דער היים ווייזען זיי זיך ניט; אז איהם אליין ווילט זיך שוין אויך וואָס גיכער זיין ביסעל יאָהרען דערלעבען, ווייל, ער פלעגט זאָגען: „קייסט, קייסט ברויט, און אמאָל פאַלט אָן אזא אוּ־מעט: שוין אזוי לאַנג, אז דו קייסט!"

דעם דאָזיגען אַלטען האָט מען גערופען לוקיאַניטש.

איין מאָל האָב איך זיך עפּעס לאַנג ארומגעדרעהט אין פעלד; דער טאָג איז אויסגעפאַלען זעהר א מזל'דיגער און איך האָב זיך צוריקגעקעהרט היבש אָנגעלאָדעוועט מיט געשאָסענעם ווילד... דער טאָג איז בכלל געווען א גוטער פאַר יאַגד — אזא שטילער, א גרויער.

איך בין פערקראָכען ווייט און ניט נור איז שוין געוואָרען גאַנץ פינסטער, נור די לבנה איז שוין אויפגעגאַנגען און די נאַכט איז שוין לאַנג צוגעפאַלען, בעת איך בין אָנגעקומען צו דעם בעקאַנטען הויף.

מיר איז אויסגעקומען צו געהן פאַזע גאָרטען... אַרום איז געווען אַזא שטילקייט...

איך בין אַריבער דעם ברייטען וועג, פאַרזיכטיג דורכגעקראָכען דורך די פערשטויבטע קראַפּיווע און זיך אָנגעשפּאַרט אָן צוים. פאַר מיר איז אונבעוועגליך געלעגען דער קליינער גאָרטען, אין גאַנצען אַ בעלייכטעטער און עפּעס ווי אַ בערוהיגטער מיט די זילבערנע שטראַהלען פון דער לבנה — אין גאַנצען אַ שמעקעדיגער און אַ פייכטער; צו גראָבען אויף אַלט־פּריינקישען שטייגער, איז ער בעשטאַנען פון איין לייגגליכען פעלדעל. די גלייכע וועגעלאך זיינען זיך צוזאַמען געקומען אין רעכטען מיטען אין אַ רונדען בוקעט, געדיכט פערוואַקסען מיט אַסטערעס; הויכע לינדען־בוימער האָבען איהם אַרומגערינגעלט ווי מיט אַ גלייכען זוים. אין איין פּלאַץ בלויז האָט זיך דער זוים איבערגעריסען אויף אַ פּאָאַר קלאַפטער און האָט געלאָזט אַרויסזעהן אַ טהייל פון אַ ניעדריגען הויז מיט צוויי פענסטער, וועלכע, צו מיין גרויסער איבעראַשונג, זיינען איצט געווען בעלייכטעט. די יונגע עפּעל־בוימער האָבען וואָר־ניט־וואו אַרויסגעטראָטען איבער'ן פעלד און פון צווישען זייערע שיטערע צווייגען האָט פריינדליך אַרויסגעשמייכעלט דער בלויער, בייגאַכטיגער הימעל און די לבנה האָט געגאָסען איהר שלעפעריגען שיין; פאַר יעדען עפּעל־בוים איז געלעגען אויף די בעזילבערטע גראָז איהר שוואַכער, בונטער שאָטען.

פון איין זייט גאָרטען האָבען די לינדען־בוימער דונקעל געגרינט, פערגאָסען מיט אַן אונבעוועגליכען, בלייך־העלען ליכט; פון דער צווייטער זייט, זיינען זיי אַלע געשטאַנען שוואַרצע און פינסטערע; צייטענווייז האָט זיך דערהערט אַ איינגעהאַלטענער מאָדנער שאָרשקעריי פון זייערע בלעטער, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען עפּעס דאָרט גערופען פון די שטעגלאך, וואָס זיינען הינטער זיי פערלאָרען געגאַנגען, ווי זיי וואָלטען גערופען צו זיך, אונטער זייער דונקעלען שאָטען.

דער גאַנצער הימעל איז אויסגעזעעט געווען מיט שטערענדלאך; זיי האָבען ווייך, קלוג און פער'סוד'עט געפינקעלט פון זייער בלויער הויכקייט און האָבען, דאַכט זיך מיט רוהיגער אויפמערקזאַמקייט געקוקט אויף די ווייטע ערד. קליינצינקע, דינינקע וואָלקענדלאך זיינען פון צייט־צו־צייט אָנגעפלויגען אויף דער לבנה, האָבען אויף אַ רגע

פערצוויגען די ליכטיגע שיין פון איהר פנים מיט א ניט קלאָהרען, אָבער העלען נעבעל...

אלסדינג האָט געדרעמעלט. די לופט, אין גאַנצען א וואַרימע, אין גאַנצען א דופטענדיגע, איז ווי פערגליווערט געוועזן, בלויז ציי־טענווייז האָט זי אויפגעציטערט, ווי עס ציטערט אויף דאָס וואַסער, צורודערט פון א וואָרף מיט א צווייגעל... עפּעס א מין דורשטיגקייט האָט זיך געפיהלט אין איהר, א מין אויסגעהן...

איך האָב זיך איבערגעבויגט איבער'ן צוים: פאַר מיינע אויגען האָט א רויטער מאָהן אויפגעהויבען פון די פערשטיקטע גראָז זיין גלייכען שטענגעל; א גרויסער רונדער טראָפּען פון דעם ביינאַכטיגען טהוי האָט דונקעל געפינקעלט אויפ'ן דעק פון א פונאַנדערגעעפענטער בלום. אלסדינג האָט געדרעמילט, אלסדינג ארום האָט זיך גע'חיות'ט, אלסדינג האָט ווי עפּעס געקוקט ארויף, אויסגעצויגען, ניט א ריהר־טהאָנדיג זיך, און האָט ווי אויף עפּעס געוואַרט... אויף וואָס האָט גע־וואַרט די דאָזיגע וואַרימע, די דאָזיגע וואַכענדיגע נאַכט?...

אויף א קלאַנג האָט זי געוואַרט; אויף א לעבעדיגען קול האָט זי געוואַרט, די דאָזיגע וואַכענדיגע שטילקייט — אָבער אלסדינג האָט געשוויגען.

די נאַכטיגאַלען האָבען שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט צו זינ־גען... און א פּלוצומדיגע זשוזשעריי פון א פערבייפליהענדיגען זשוק, א לייכטע שמאָצקעריי פון א קליין פישעלע אין דעם קליינעם טייכעל הינטער די לינדען־בוימער אויפ'ן עק גאָרטען, א פערשלאָפענער פייף פון אַן אויפגעצאַפּעלטער פויגעלע, א ווייטער געשריי אינ'ם פעלד, אזא ווייטער, אַז דער אויער האָט קלאָהר ניט געקענט אונטערשיידען, ווער דאָס שרייט — צו א מענש, צו א חיה, צו א פויגיל, — א קורצע, שנעלע טופּעריי איבער'ן וועג, — די דאָזיגע אלע שוואַכע קלאַנגען און שאָרשקערייען האָבען בלויז נאָך טיעפער געמאַכט די ארומיגע שטיל־קייט...

דאָס האַרץ אין מיין ברוסט האָט געציטערט פון עפּעס א מין געפיהל, וואָס לאָזט זיך ניט קלאָהר ערקלעהרען, פון א געפיהל, וואָס איז עהנליך צי צו ליעבע ערוואַרטונג, אָדער צו אַן עראינערונג וועגען גליק; איך האָב ניט געוואַגט זיך א ריהר צו טהאָן, איז בין געשטאַנען ווי א צוגעשמיעדטער פאַר דעם דאָזיגען אונבעוועגליכען גאָרטען, וואָס

איז פערגאַסען געוועזן אי פון לבנה־שיין, אי פון טהוי, און, איך ווייס ניט וואָרום, איך האָב ניט געקענט אָפּרייסען די אויגען פון די צוויי פענסטער, וואָס האָבען דונקעל־רויט געשיינט אין א ווייכען האַלב־שאָטען, ביז עס האָט זיך פלוצים דערהערט אינ'ם הויז אַן אַקקאָרד, — האָט זיך דערהערט און זיך צוגאָסען כוואַליעס־ווייז... די נערוועז־הילכענדיגע לופט האָט אָפּגעהילכט מיט אַן עכאָ... איך האָב ניט ווי־לענדיג אַ ציטער געטהאָן.

גלייך נאָכ'ן אַקקאָרד האָט זיך דערהערט אַ פרויען־קול... איך האָב זיך גענומען צוהערען און... וואָס איז דאָס ?... פאַר צוויי יאָהרען האָב איך דאָס אייגענע ליעד, די אייגענע ווערטער געהערט אין אי־טאַליען, אין סארענטא... די אייגענע שטימע... יאָ, יאָ...

דאָס זיינען זיי, איך האָב זיי דערקאָנט, די אייגענע קלאַנגען...

אָט ווי אַזוי דאָס האָט דעמאָלט פּאַסירט :

איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אַהיים נאָך אַ לאַנגען שפּאַציר אַרום ברעג ים. איך בין שנעל געגאַנגען איבער דער גאַס ; די נאַכט איז שוין לאַנג געהאַט צוגעפאַלען, — אַ פּרעכטיגע זידליכע נאַכט, ניט קיין שטילע און טרויעריג־פערטראַכטע, ווי ביי אונז אין רוסלאַנד, ניין ! אַ נאַכט אין גאַנצען אַ ליכטיגע, אַ שטראַהלענדיגע און אַ פּרעכטיגע, ווי אַ גליקליכע פרוי אין איהרע בעסטע יאָהרען ; די לבנה האָט געשיינט אונגלויבליך העל ; גרויסע, שטראַהלענדיגע שטערען האָבען ווי געצי־טערט אויף דעם דונקעל־בלויען הימעל ; שוואַרצע שאָטענס האָבען זיך שאַרף אָפּגעטהיילט פון דער ערד, וואָס האָט אויסגעקוקט אַזש געל פון דער צושטאַרקער שיין.

פון ביידע זייטען גאַס האָבען זיך געצויגען שטיינערנע צוימען פון גערטנער ; אַפּעלסינען־בוימער האָבען צושפּרייט איבער זיי זייערע קרומע צווייגען ; די גאָלדענע שווערע פּירות האָבען דאָ קוים אַרויס־געקוקט, בעהאַלטענע הינטער די פערפלאָנטערטע בלעטער, און דאָ האָבען זיי העל געגלאַנצט, אַרויסגעשטעלטע געגען דער לבנה. אַ סך בוימער זיינען פערשאָטען געוועזן מיט צאַרטער ווייסער בליהונג ; די לופט איז אָנגעזאָפּט געוועזן מיט אַ בערוישענדיג־שטאַרקען, שאַרפען און כמעט שווערען, הגם זעהר זיסען דופט. איך בין געגאַנגען און, דעם אמת געזאָגט, צוגעוועהנט שוין צו די אַלע דאָזיגע וואונדערס, האָב איך געטראַכט בלויז וועגען איינס : ווי גיכער צו קומען אין

מיין האַטעל. ערשט פּלוצים האָט פון ניט אַ גרויסער פּאַווילִיאָן, וואָס איז אויפגעבויט געוועזן אויף דער סאַמער וואַנד פונ'ם צוים, פערביי וועלכען איך בין פערבייגעגאַנגען, — האָט פון דעם דאָזיגען פּאַווילִיאָן זיך דערהערט אַ פרויען־קול. ער האָט געזונגען עפּעס אַן אונבעקאַנטע ליעד, און אין זיינע טענער האָט זיך געפיהלט אַזוי פיעל אויפפאָדער־רענדיגס, אַזוי פיעל ליידענשאַפט און פריידיגער ערוואַרטונג האָבען אויסגעדריקט די טענער און ווערטער פונ'ם ליעד, אַז איך בין געגען מיין ווילען שטעהן געבליבען און פעררייסען דעם קאָפּ.

אינ'ם פּאַווילִיאָן זיינען געוועזן צוויי פענסטער; אָבער אין ביידע זיינען די לאָדענס צוגעמאַכט געווען, און דורך די שמאָלע שפּאַרונעס האָט קוים־קוים זיך דורכגעריסען אַ מאַטע שיין. איבערגע'חזר'ט צוויי מאָל דאָס וואָרט „וויעני־וויעני", איז דער קול פערשטאָרבען. עס האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַנג פון סטרונעס, אַזוי ווי פון אַ גיטאַרע, וואָס איז אַרונטערגעפאַלען אויף אַ טעפּיך, אַ קלייד, האָט אַ שאָרשקע געטהאָן, אַ פּאָדלאָגע האָט לייכט אַ סקריפּע געטהאָן. פון איין פענס־טער איז די שיין אין גאַנצען פערשוואונדען... פון אינעווייניג איז עמיצער צוגעגאַנגען צו איהם און האָט זיך אָן איהם צוגעשפּאַרט.

איך האָב אָפּגעטראָטען אַ פּאָאָר טריט צוריק.

פּלוצים האָבען די לאָדענס אַ קלאַפּ געטהאָן און האָבען זיך פונ־נאַנדערגעעפענט; אַ שלאַנקע פרויענצימער, אין גאַנצען אין ווייסען, האָט פלינק ארויסגערוקט, פונ'ם פענסטער איהרע רייצענדיגען קעפּעלע און, אויסשטרעקענדיג צו מיר די הענד, האָט זי מיך בעגריסט מיט אַ ברוך הבא.

איך בין צומישט געוואָרען, ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגען; אָבער אין דער אייגענער רגע האָט די אונבעקאַנטע זיך אַ כאַפּ געטהאָן צוריק מיט אַ לייכטען אויסגעשריי, די לאָדענס זיינען פערקלאַפּט געוואָרען, און דאָס פייער אינ'ם פּאַווילִיאָן איז נאָך דונקעלער געוואָרען אַקוראַט ווי מען וואָלט איהם אין אַ צווייטען צימער אוועקגעטראָגען.

איך בין געבליבען שטעהן ווי אן איינגעגראָבענער און האָב א לאַנגע צייט ניט געקענט קומען צו זיך. דער פּנים פון דער פרוי, וואס האט אזוי אונערוואַרטעט א מיניע געטהאָן פאר מיינע אויגען, איז געווען מערקווירדיג שעהן. אלע שטריכען זיינע האב איך ניט געקענט געדענקען, אבער דער איינדרוק אין גאנצען פון דעם דאָזיגען פּנים איז געווען אונגעוועהנליך שטארק און טיעף... איך האב באַלד דאַן גע־פיהלט, אז דעם דאָזיגען פּנים וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען.

די שטראַהלען פון דער לבנה זיינען געפאַלען גלייך אויף די וואנד פון'ם פּאַווילִיאָן, גלייך אויף דאס פענסטער, פון וועלכען זי האט זיך צו מיר געוויזען, און, גאָט מיינער! ווי פּרעכטיג עס האבען געפינ־קעלט אונטער דער שיין פון די לבנה־שטראַהלען איהרע גרויסע, דונ־קעלע אויגען! ווי שעהן עס זיינען ארונטערגעפאַלען איהרע האַלב־צולאָזטע שווארצע האָאר אויף דעם פעררִיסענעם רונדען אקסעל! וויפיעל שעהמעוודיגער צערטליכקייט און כישוף איז געווען אין דעם ווייכען אויסבויג פון איהר טאַליע, וויפיעל צערטליכקייט אין איהר קול, בעת זי האט מיך א רוף געטהאָן, אין דער דאָזיגער כאַפּענדיגער, און פונדעסטוועגען, הילכענדיגער שעפּצעריי!

געשטאַנען א היבשע צייט אויף דעם זעלביגען אָרט, בין איך, צום סוף, אָבגעטראָטען אביסעלע אָן א זייט, אין שאָטען פון'ם פּאַר־קאַן געגענאיבער, און גענומען קוקען פון דאָרט מיט עפּעס א מין נאַ־רישער איבערראַשונג און ערוואַרטונג אויף דעם פּאַווילִיאָן. איך האב זיך איינגעהערט... איינגעהערט מיט אן אָנגעשטרענגטער אויפ־מערקזאַמקייט... מיר האט זיך דאָ אויסגעוויזען א שטיל אטהעמען הינטער דעם דונקעלען פענסטער, דאָ עפּעס א שאָרשקערייַ און א שטיל געלעכטער.

צום סוף, האבען זיך פון דער ווייטענס דערהערט טריט... זיי זיינען צוגעקומען נעהענטער, נעהענטער; א מאַנספּאַרשוין, כמעט פון מיין וואוקס, האט זיך בעוויזען אויפ'ן עק גאַס, איז שנעל צוגעגאַנגען צו דער פּאָרטקע נעבען דעם פּאַווילִיאָן, וועלכע איך האב פריהער ניט בעמערקט, האט, ניט אומקוקענדיג זיך, א קלאַפּ געטהאָן צוויי מאָל מיט איהר אייזערנעם רינג, האט געוואַרט א ווײַלע, ווידער א קלאַפּ געטהאָן און גענומען האַלב־שטיל זינגען א ליעד... די פּאָרטקע האט זיך געעפענט... ער איז שטיל פערשוואונדען אין איהר...

איך האב זיך א כאפ געטהאן, מיט'ן קאפ א דרעה געטהאן, מיט די הענד א מאך געטהאן, און מיט הארץ ארונטערדרוקענדיג די הוט ביז איבער די אויגען, בין איך אן אונצופריעדענער אוועק אהיים.

אויף מארגען בין איך אומזיסט א שעה צוויי ארומגעגאנגען אין דער סאמע היטץ איבער יענער גאס פערביי דעם פאוויליאן און אין דעם אייגענעם טאג פארנאכט האב איך פערלאזען סארענטא, ניט בע־זוכענדיג אפילו דעם דיכטער טאססא'ס הויז.

איצט זאל זיך דער לעזער פארשטעלען מיין איבערראשונג, אז איך האב פלוצים אין דער סטעפע, אין איינעם פון די פערוואָרפענ־סטע געגענדען פון רוסלאנד, דערהערט דעם אייגענעם קול, דאס איי־גענע ליעד...

אזוי ווי דעמאלט, איז איצט אויך געווען נאכט; אזוי ווי דע־מאלט, האט דער קול זיך פלוצים אויך דערהערט פון א בעלייכטעטען, אונבעקאנטען צימערל; אזוי ווי דעמאלט, בין איך איצט אויך געווען אליין. דאס הארץ אין מיר האט שטארק גענומען קלאפען. „צו איז עס ניט א חלום?" — האב איך געטראכט. אבער אט האט זיך ווידער דערהערט דאס לעצטע „וויעני" פון דעם איטאליענישען ליעד... שוין־זשע וועט זיך דאס פענסטער עפענען? שוין־זשע וועט זיך אין איהם בעוויזען א פרויענצימער?...

דאס פענסטער האט זיך געעפענט. אין'ם פענסטער האט זיך בעוויזען א פרויענצימער. איך האב זי גלייך דערקאנט, הגם איך בין געשטאנען פון איהר א פופציג טריט ווייט, הגם א לייכטער וואלקענ־דעל האט פערשלייערט די לבנה.

דאס איז געווען זי, מיין אונבעקאנטע פון סארענטא. אבער דאס מאל האט זי ניט אויסגעשטרעקט איהרע נאקעטע ארעמס, ווי דע־מאלט: זי האט זיי רוהיג געהאלטען צונויפגעלעגט איינעם איבער'ן אנדערן אויף דער ברוסט און, אנשפארענדיג זיך מיט זיי אן פענסטער, האט זי גענומען קוקען אונבעוועגליך ערגעץ אין גארטען אריין.

יא, דאס איז זי געווען; דאס זיינען געווען איהרע שטריכען, וואס איך האב ניט געקענט פערגעסען, איהרע אויגען, וואס זייער גלייכען האב איך נאך קיינמאל ניט געזעהן. זי האט איצט אויך געטראגען א ברייטע ווייסע קלייד. זי האט אויסגעזעהן עטוואס פולער, ווי אין סא־רענטא. אלסדינג אין איהר האט געאטהעמט מיט זיכערקייט און מיט

דער רוה פון ליעבע, מיט דעם טריאומף פון שעהנקייט, בערוהיגט פון גליק.

זי האט א לאנגע צייט זיך ניט א ריהר געטהאן, דערנאך האט זי זיך אומגעקוקט אהינטער, אין צימער, און פלוצים אויסגלייכענדיג זיך, האט זי דריי מאל נאכאנאנד אויסגעשריען מיט א הויכען, היל־בענדיגען קול: „אדריא!" . . .

ווייט־ווייט האבען זיך צוטראגען די דאזיגע פרעכטיגע קלאנגען און א לאנגע צייט האבען זיי געציטערט, אפשטארבענדיג צווישען די לינדען־בוימער אין'ם גארטען און אויפ'ן פעלד הינטער מיר, און אומע־דום. אלעס ארום מיר האט אויף עטליכע רגע'ס לאנג געהילכט מיט דעם קול פון דער דאזיגער פרויענצימער, אלעס האט איהר אפגעקלונ־גען און ענטפער, האט געקלונגען מיט איהר.

זי האט פערמאכט דאס פענסטער, און אין א ווייילע ארום איז אין'ם הויז פינסטער געווארען.

אזוי גיך ווי איך בין געקומען צו זיך — און דאס, בין איך זיך מודה, האט געדויערט א היבשע ווייילע — בין איך גלייך אוועק מיט'ן גארטען צום הויף, בין צוגעגאנגען צו דעם פערשפארטען טויער און א קוק געטהאן איבער'ן פארקאן.

אויפ'ן הויף האט זיך גאר נישט געמערקט קיין בעזאנדערעס, אלסדינג האט דארט אויסגעזעהן ווי געוועהנליך; אין א ווינקעל, אונ־טער'ן וועטער־דאך, איז געשטאנען א קאוטש. די פאדערשטע טהייל פון איהם איז אין גאנצען געוועזן איינגעטונקט אין ווייסען, פערטרי־קענטען קויט, וועלכער האט זיך שטארק געווארפען אין די אויגען געגען דער שיין פון דער לבנה. די לאדענס זיינען אין'ם הויז צוגע־מאכט געוועזן, ווי פריהער. איך האב פערגעסען צו זאגען, אז פאר יענעם טאג בין איך א גאנצע וואך ניט פערפאהרען אין גנילאיע.

העכער א האלב שעה האב איך ארומגעשפאצירט ארום פארקאן און זיך אליין געוואונדערט, ביז דער אלטער הונד פון'ם הויף האט, צום סוף, מיך בעמערקט, פונדעסטוועגען האט ער ניט גענומען בילען אויף מיר, האט נור עפעס אזוי שפאטיש א קוק געטהאן אויף מיר פון אונטער'ן טויער מיט זיינע פערזשמורעטע, האלב־בלינדע אויגלאך.

איך האב פערשטאנען, וואס דער דאזיגער בליק זיינער האט בע־דייטעט, און איך האב זיך אפגעטראגען.

אבער איך האב נאָך קיין צייט ניט געהאט אָפּצוגעהן א האלב ווי-אָרסט, ערשט פּלוצים האב איך דערהערט א טופּעריי פון א פערד... אין א ווײַלע ארום האט א רייטער אויף א שווארצען פערד זיך פער־בייגעטראָגען פערביי מיר און, א קעהר געטהאָן צו מיר זיין פּנים — דערביי האב איך בלויז בעמערקט אַן אָדלער־נאָז און א פּאָאַר שעהנע וואָנצעס אונטער אַן ארונטערגערוקטען היטעל — ער האָט זיך געגנ־מען רעכטס פון'ם וועג און איז גלייך פערשוואונדען הינטער'ן וואלד.

— אזוי? — האב איך א טראכט געטהאָן — דאס איז ער, דער בחור?

און דאס הארץ האט ביי מיר אזוי מאָדנע א ציטער געטהאָן.

מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך האב איהם דערקאָנט; זיין פיגור האָט אין אמת'ן מיך דערמאָנט אָן דער פיגור פון יענעם מאַנס־פּארשוין, וועלכער איז ארייננגעגאנגען אין די פּאָרטקע אין סאָרענטאָ.

אין א האלב שעה ארום בין איך שוין געווען אין גנילאָיע ביי מיין בעל הבית, האב איהם אויפגעוועקט און גלייך איהם גענומען אויספרעגען וועגען דעם, ווער איז דאָרט געקומען אין דעם שכנ'שען הויף. קוים מיט צרות האב איך ביי איהם ארויסגעקראָגען, אז עס זיינען דאָרט געקומען פּריצה'טעס.

— אבער וואס פאר א פּריצה'טעס? — האב איך זיך אָנגערופען מיט אונגעדולד.

— איהר קאָנט דאָך אליין פערשטעהן, וואס פאר א פּריצה'טעס — האָט ער געענטפערט פערשלאָפען.

— אבער וואס פאר א פּריצה'טעס?

— פּריצה'טעס.

— רוסישע?

ווי דען? אודאי רוסישע.

— ניט קיין אויסלענדישע?

— הא?

— זיינען זיי שוין לאנג געקומען?

— פערשטעהט זיך, ניט לאנג.

— און אויף ווי לאנג זיינען זיי געקומען?

— דאס ווייסען מיר ניט.

— זיינען זיי רייכע?

— דאס ווייסען מיר ניט. אפשר רייכע.
— איז מיט זיי געקומען עפעס א פריץ אויך?
— א פריץ?
— יא, א פריץ.
דער סטאראסטא האט א זיפץ געטהאן.
— א־אך — גאטוניו! — האט ער ארויסגערעדט, גענעצענדיג:
— נ־ניין,, א פריץ איז ניט געקומען... ניין... א פריץ איז, דאכט זיך, ניטא. מיר ווייסען ניט! — האט ער פלוצים צוגעלייגט.
— וואס פאר א שכנים וואוינען דא נאך?
— וואס פאר א שכנים? פערשיעדענע.
— פערשיעדענע? און ווי רופט מען זיי?
— ועמען? די פריצה'טעס אדער די שכנים?
— די פריצה'טעס.
דער סטאראסטע האט ווידער א זיפץ געטהאן.
— ווי מען רופט זיי? — האט ער ארויסגעמורמעלט — דער גוטער יאהר ווייסט זיי, ווי מען רופט זיי! די עלטערע, דאכט זיך, אננא פיאדאראוונא, און די אנדערע... איך ווייס ניט, ווי מען רופט די אנדערע.
— און ווי איז זייער פאמיליע־נאמען?
— דער פאמיליע־נאמען?
— יא.
— איך שווער אייך, אז איך ווייס ניט.
— זיי זיינען יונג?
— יונג? דאס ניט.
ווי?
— דער אינגערער וועט שוין זיין א יאהר פערציג.
— דו לייגסט.
דער סטאראסטע איז אנשוויגען געווארען.
— נו, איהר דארפט בעסער וויסען. און מיר ווייסען ניט.
— ווייסען ניט! ווייסען ניט! טענה'ט איין זאך! — האב איך אויסגעשריען מיט פערדרוס.
וויסענדיג פון ערפאהרונג, אז פון א רוסישען מענשען, בעת ער הייבט אן צו ענטפערען אויף אזא שטייגער, וועט מען גאר נישט ניט

קאָנען דערגעהן (אגב, איז מיין בעל הבית געווען שטארק פערשלאָפען אויך), האב איך א מאַך געטהאָן מיט א האַנד, אָפּגעזאָגט זיך פון'ם אָבענד־מאָהלצייט און בין אוועק אין שייער.

איך האב ניט געקענט איינשלאָפען. א לאַנגע צייט האב איך געטראַכט: „ווער איז זי? א רוסישע? אויב א רוסישע, היינט ווארום רעדט זי איטאַליעניש? דער סטאַראָסטע זאָגט, אז זי איז ניט קיין יונגע... דאס איז א ליגען... און ווער איז יענער גליקליכער?... איך פערשטעה ניט... אבער וואס פאר א מערקווירדיגער צופאַל! דעם צווייטען מאָל זי בעגעגענט אויף דעם זעלבען און אייגענעם שטיינער... איך מוז אונבעדינגט דערגעהן, ווער זי איז און וואס זי טהוט דאָ...."

פערפאָלגט פון אזוינע צומישטע, צוריסענע געדאַנקען, בין איך שפּעט איינגעשלאָפען און האב געזעהן מאָדנע חלומות...

דאָ האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך וואַנדער ערגעץ אין א מדבר, אין דער סאַמע בייטאָגיגער היטץ, און פּלוצים דערזעה איך פאר זיך, איבער דעם אָנגעברענטען געלען זאַמד, פליהט א גרויסער פלעק פון א שאָטען... איך הייב אויף דעם קאָפּ — זי, מיין שעהנהייט, יאָגט זיך, שוועבענדיג אין דער לופטען, אין גאַנצען א ווייסע, מיט לאַנגע ווייסע פליגלען, און ווינקט צו מיר. איך טהו זיך א וואָרף נאָך איהר; אבער זי שוועבט לייכט און שנעל און איך קען זיך ניט אויפהייבען פון דר'ערד און אומזיסט שטרעק איך אויס צו איהר מיינע ברענענדיגע הענד... „אדדיאָ!" — זאָגט זי מיר, אוועקפליענדיג: — ווארום האָסטו ניט קיין פליגלען? אדדיאָ!..."

און פון אלע זייטען הילכט אָב דאס דאָזיגע „אדדיאָ"... יעדער זעמדעלע שרייט און פּיסקעט צו מיר: אדדיאָ! מיט אן אונגעדולדיגער, שאַרפער טרעל קלינגט דאס דאָזיגע „אדדיאָ!" איך טרייב עס פון זיך, ווי א גיפטיגע פליעג, און מיינע אויגען זוכען זי...

און זי איז שוין דאָרט געוואָרען א וואָלקענדעל און הייבט זיך שטיל נעגען דער זונן; די זונן ציטערט, שאָקעלט זיך, לאַכט, ווארפט איהר אַנטקעגען גאָלדענע לאַנגע פאָדים, און באַלד האבען די דאָזיגע פאָדים זי ארומגעפלאָנטערט און זי צוגעהט צווישען זיי, און איך שריי מיט אלע קרעפטען, ווי א משוגענער: „דאס איז ניט די זונן, דאס איז ניט די זונן, דאס איז אן איטאַליענישער שפּין; ווער האט

איהם א פּאַס געגעבען פאַר רוסלאַנד? איך וועל איהם ווייזען: איך האָב געזעהן, ווי ער האָט גע׳גנב׳עט אַפּעלסינען אין פרעמדע גערט־נער...."

און דאָ האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך געה איבער א שמאָ־לען בערגיגען וועג... איך אייל: איך דאַרף ערגעץ אָנקומען שנעל, עס ערוואַרטעט מיך עפּעס א גרויס גליק; פּלוצים טרעט ארויס פאַר מיר א מורא׳דיגער פעלז און פערשטעלט מיר דעם וועג. איך זוך א דורכגאַנג, נעהם זיך רעכטס, לינקס — נישטאָ קיין דורכגאַנג! און מיט אמאָל דערהערט זיך הינטער׳ן פעלז א קול, וואס זינגט דאס אי־טאַלישנע ליעד... ער רופט מיך, דער דאָזיגער קול, עס רופט מיך דאס הארציג ליעד. איך וואַרף זיך ארום א פערצווייפעלטער, זוך כאָטש א שפּאַרונע אין דער פעלזיגער וואַנד, אָבער אומזיסט: פעלז דאָ און דאָרט און אומעדום!... און דאס ליעד רופט מיך מיט אזוינע רחמנות־טענער... דאס האַרץ אין מיר ווערט צוריסען, איך וואַרף זיך מיט דער ברוסט אויפ׳ן גלאַטען שטיין און משוגענערהייט קראַ איך איהם מיט מיינע נעגעל... א דונקעלער דורכגאַנג עפענט זיך פּלוצים פאַר מיר. מיין פרייד איז גרויס, און איך טהו זיך א וואָרף אין פאָראויס... „כאַפּ נישט!" — דערהער איך דאַן הינטער זיך עמיצען׳ס קול — „דו וועסט ניט דורכגעהן!..." איך טהו א קוק, לוקיאַניטש שטעהט פאַר מיר און סטראַשעט, און מאַכט מיט די הענד... איך טהו זיך א כאַפּ צו די קעשענעס, וויל איהם אונטער־קויפען, אבער אין די קעשענעס איז פּוסט. „לוקיאַניטש — זאָג איך איהם — לאָז מיך דורך, איך וועל דיך שפּעטער בעלוינען." „א טעות, מיין הערר — ענטפערט מיר לוקיאַניטש, און זיין פּנים נעהמט אָן א מאָדנעם אויסדרוק — „איך בין ניט לוקיאַניטש, איך בין דאָן קיכאָט, דער וועלט־בעריהמטער וואַנדערענדיגער ריטער; מיין גאַנץ לעבען לאַנג האב איך געזוכט מיין דולציניייע און האב זי ניט געקענט אויפ־זוכען, און איך וועל ניט דערלאָזען, אז איהר זאָלט געפינען אייערע..."

און איהר קול קלינגט דערווייל הינטער דער פעלזיגער וואַנד און אין די ווערטער פון׳ם ליעד הערט זיך א יאָמער.

— לאָזט מיך דורך, סיניאָר! — שריי איך אויס א ווילדער און וויל זיך א וואָרף טהאָן אויף איהם. אבער די לאַנגע פּיקע פון דעם רי־טער טרעפט מיר אין סאַמע הארצען אריין... איך פאַל א טויטער,

איך ליעג אויפ'ן רוקען... איך קען זיך ניט א ריהר טהאָן... און מיט אמאָל זעה איך, זי קומט צוגעהן מיט א לעמפּעל אין א האנד, הייבט איהם אויף רייצענד איבער'ן קאָפּ, קוקט זיך ארום אין דער פינסטערניש, און, צוגע'גנב'עט זיך צו מיר פאָרזיכטיג, בויגט זי זיך אויס איבער מיר...

— דאס איז ער, דער נאר! — מאכט זי מיט א געלעכטער, פול פעראכטונג — ער איז דאס, וואס האט געוואָלט דערגעהן, ווער איך בין!

און די קאָכעדיגע אויל פון איהר לעמפּעל האט גענומען טריפען גלייך אויף מיין פערוואונדעט הארץ...

— פּסיכעא *) — שריי איך אויס מיט מיה און כאפּ זיך אויף...

די גאנצע נאכט האב איך שלעכט געשלאָפען און בין אויפגעשטאנען פארטאָג. אנגעטהאָן זיך אויף גיך און בעוואפענט זיך, בין איך אוועק גלייך צום הויף. מיין אונגעדולד איז געווען אזוי גרויס, אז בעת איך בין צוגעגאנגען צום בעקאנטען טויער, האט דער מאָרגען־שטערן ערשט גענומען ברענען אויפ'ן גאָריזאָנט. ארום האבען געזונגען לערכען־פויגעלאך און דאָלען־פויגעלאך האבען געשריען אויף די בירקען־בוימער; אבער אין'ם הויז האט אלעס געשלאָפען מיט א געשמאַקען, אין־דער־פריהערדיגען שלאָף. דער הונד אפילו האט אויך געכראָפּעט הינטער'ן טויער.

א צורייצטער, אן אונגעדולדיגער בין איך ארומגעגאנגען איבער די פערטהויטע גראָז און ניט ארונטערגענומען די אויגען פון דעם ניעדריגען שטיבעל, וואס האט געהאַלטען פערבאָרגען צווישען זיינע ווענד יענעם רעטזעלהאפטען וועזען...

פּלוצים האט די פאָרטקע שוואך א סקריפּע געטהאָן, האט זיך געעפענט, און לוקיאניטש האט זיך בעוויזען אין עפּעס א קעסטעל־דיגען קאפטען. זיין אָנגעבלאָזענער, אויסגעצויגענער פּנים האט אויס־

*) פּסיכעא — פון דער גריכישער מיפאָלאָגיע — א שעהן מיידעל, אין וועלכער דער גאָט פון ליעבע אָמור האָט זיך פערליעבט, און דער גאָט יופּיטער האָט זי צוגענומען אויפ'ן בארג אָלימפּ און זי געמאכט אונשטערבליך. ל. ק.

געזעהן פינסטערער ווי ווען־עס־איז. ער האט מיך אַנגעקוקט פער־וואונדערט און שוין בדעה געהאט ווידער פערמאַכען די פאָרטקע.

— הער אויס, הער אויס! — האב איך מיט אימפּעט אויסגע־שריען.

— וואס דאַרפסט איהר אזוי פריה? — האט ער זיך אַנגערופען לאַנגזאַם און פערשטיקט.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, איך האב געהערט, אז אייער פּריצה'־טע איז געקומען צופאָהרען?

לוקיאַניטש האט א ווײַלע געשוויגען.

— געקומען...

— אליין?

— מיט דער שוועסטער.

— האבען זיי געהאט געסט נעכטען?

— ניין.

און ער האָט אַ ציה געטהאָן צו זיך די פאָרטקע.

— װאַרט, װאַרט, פריינד... טהו מיר א טובה...

לוקיאַניטש האט א הוסט געטהאָן און זיך גענומען קאַרטשען פאר קעלט.

— וואָס ווילט איהר?

— זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי אַלט איז דיין פּריצה'טע?

לוקיאַניטש האט פערדעכטיג א קוק געטהאָן אויף מיר.

— ווי אַלט די פּריצה'טע איז, ווייס איך ניט. איבער פערציג, אן ערך.

— איבער פערציג! און ווי אַלט איז איהר שוועסטער?

— יענע איז מסתמא א יאָהר פערציג.

— וואס רעדסטו! איז זי עפּעס שעהן?

— ווער, די שוועסטער?

— יאָ, די שוועסטער.

לוקיאַניטש האט א שמייכעל געטהאָן.

— איך ווייס ניט. לויט מיין גוסט, איז זי ניט שעהן.

— וואָרום?

— אזוי, נישטאָ וואס צו זעהן אויף איהר, צו מאָגער, צו קליין.

— אזוי גאר! און אויסער זיי, איז קיינער צו אייך ניט געקור־מען?

— קיינער ניט. ווער זאל קומען!

— דאס קען אבער ניט זיין!... איך...

— עה, פּריץ! — האט דער אלטער מיט פערדרוס מיך אונ־טערבראכען — הפנים, אז עס וועט ניט נעהמען קיין סוף צו אייערע רייד. עס איז צו קאלט! האט קיין פּאראיבעל ניט.

— ווארט, ווארט, נא דיר... נעהם!...

און איך האב צו איהם אויסגעשטרעקט א פּערטעלע, וואס איך האב אנגעגרייט פון פריהער; אבער מיין האנד האט זיך אנגעשטוי־סען אן דער שנעל־פּערקלאפּטער פּארטקע. די זילבערנע מטבע איז ארונטערגעפאלען אויף דר'ערד, האט זיך א קייקעל געטהאן און איז געבליבען ליעגען נעבען מיינע פיס.

— אה, אלטער פוקס! — האב איך א טראכט געטהאן — דאן קיכאט דו, מען האט דיר, קאנטיג, געהייסען שווייגען... ווארט, ברו־דערקע, מיך וועסטו שוין ניט נארען...

איך האב זיך געגעבען א ווארט, צו דערגעהן, ווער יענע איז, אונטער אלע אומשטענדען. ארום א האלב שעה בין איך ארומגעגאנ־גען הין און צוריק, ניט וויסענדיג, וואס ווייטער צו טהאן. צום סוף, האב איך בעשלאסען צו געהן אין דארף און אויספרעגען דארט.

איך בין געשטאנען נאך א וויילע, געווארט, טאמער וועט ארויס־געהן פון'ם הויז די אונבעקאנטע און איך וועל זי זעהן פון דער נא־הענט אין דעם העלען טאג ווי א לעבעדיגען מענשען און ניט ווי א געשפּענסט. זי איז ניט ארויס, האט זיך ניט בעוויזען, און איך בין, צום סוף, אוועק אין דארף.

אנגעקומען אין דארף, האב איך געטראפען צוויי פויערים, וואס זיינען צו דער ארבייט געגאנגען. אויסגעפרעגט זיי, האב איך זיך בלויז דערוואוסט, אז דער הויף צוזאמען מיט דער דארף הייסען מי־כאילאווקע, און זיי געהערען צו דער אלמנה די מאיארשע אננא פּיא־דאראוונא שליקאווא; אז ביי איהר איז געוועזען א שוועסטער, א מיי־דעל מיט'ן נאמען פּעלאגעא פּיאדאראוונא באדאיעווא, אזביידע זיי־נען שוין ניט יונג, זיינען רייך און וואוינען זעלטען אין זייער הויף, רייזען שטענדיג ארום און האלטען ביי זיך פון זייער דארף בלויז צוויי

מיידלאַך און אַ קאַך ; אַז אַננאַ פּיאָדראָוונאַ איז די טעג געקומען פון מאָסקווע בלויז מיט איהר שוועסטער...

איך בין צומישט געוואָרען. פאַרשטעלען זיך, אַז די פּויערים האט מען אויך געהייסען שווייגען וועגען דער אונבעקאַנטער, האט קיין זינן ניט געהאט. פון דער אַנדערער זייט, איז שווער געווען פאַר־צושטעלען זיך, אַז אַננאַ פּיאָדראָוונאַ שליקאָווא, די פינף און פער־ציג יאָהריגע אלמנה, און יענע יונגע, רייצענדע פרויענצימער, וואס איך האב געזעהן נעכטען, איז די אייגענע פערזאָן. וואס דען, דאס זאָל אפשר זיין איהר שוועסטער פעלאַגעאַ פּיאָדראָוונאַ? אבער לויט די בעשרייבונגען איז די שוועסטער אויך ניט געווען שעהן. חוץ דעם, ביי דעם געדאַנק אליין, אז די פרוי, וואס איך האב געזעהן אין סאָרענטאָ, האט מען געקאָנט רופען פעלאַגעאַ, דערצו נאָך באַדאַיעווא, האב איך געקוועטשט מיט די אַקסלען און געלאַכט מיט אַ בייזען געלעכטער. און דאָך האָב איך זיך נעכטען אליין געזעהן, מיט מיינע אייגענע אויגען זי געזעהן — האב איך געטראַכט....

אַ צורייצטער, אַ בייזער, אבער אלץ נאָך מיט דעם פעסטען בע־שלוס צו דערגעהן, ווער זי איז, האב איך זיך ווידער געוואָלט צוריק־קעהרען אין הויף.... אָבער איך האָב אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער: נאָך פאַר זעקס... איך האב בעשלאָסען צו וואַרטען. אין'ם הויף שלאָפט מען נאָך, מסתמא, און ארומגעהן סתם אין דער וועלט אריין ארום יענעם הויז אין דער דאָזיגער צייט, וואָלט בלויז ארויסגערופען אַ פערדאַכט געגען מיר. אויסער דעם, האבען זיך פאַר מיר צושפּרייט בושעס און הינטער זיי אַ וואַלד...

איך מוז זיין גערעכט צו מיר: די עדעלע ליידענשאַפט צו געיעג האבען די דאָזיגע אלע אויפרעגענדיגע געדאַנקען אין גאַנצען אין מיר ניט דערשטיקט.

— איך וועל זיך דורכגעהן דערווייל אויף געיעג — האב איך אַ טראַכט געטהאָן — די צייט וועט אזוי גיכער אריבער.

איך בין אריין אין די בושעס. אבער, דעם אמת געזאָגט, גע־טראָטען האָב איך גאַנץ אונפאָרזיכטיג, גאָר ניט מעשה יעגער, האָב ניט אכטונג געגעבען מיט די אויגען אויף מיין הונד ווי עס בעדאַרף צו זיין, האב ניט געכראַפּעט אויף אַ געדיכטען בוש, מיט דער האָפ־נונג, טאָמער פליהט פון דאָרט ארויס מיט אַ געפּילדער אַ רויט־ברע־

מענדיגער שווארץ־פויגעל, און איך האב נאכאנאנד געקוקט אויף מיין זייגער, וואס דאס טויג אודאי ניט אויף געיעג.

צום סוף, האט דער זייגער געוויזען אויף ניין. — שוין צייט! — האב איך אויסגעשריען הויך אויפ'ן קול, און האב שוין בדעה געהאט צו געהן אין הויף, ערשט פלוצים האט א מורא'דיג־גרויסער שווארץ־פויגעל א צאפעל געטהאן זיך צווישען די גראז, א פאאר טריט פון מיר; איך האב אויסגעשאסען אין דעם פרעכטיגען פויגעל און איהם געטראפען אונטער א פליעגעל; דער פויגעל איז שיעור ניט אומגעפאלען, האט זיך אבער א כאפ געטהאן און, קלאפענדיג מיט די פליעגלען, האט ער אוועקגעשוועבט צום וואלד צו, האט געפרובט אויפהייבען זיך איבער די שפיצען פון די בוימער, איז אבער אבגעשוואכט געווארען און האט זיך ארונטערגעקוליעט מיט'ן קאפ אין וואלד.

איך האב זיך פלינק אווארף געטהאן נאך איהם, בין אריין אין וואלד, א רוף געטהאן מיין הונד, און אין עטליכע רגע'ס ארום האב איך דערהערט א מאכטלאזע צאפלעריי און קלאפעריי... דאס האט זיך געצאפעלט דער אונגליקליכער שווארץ־פויגעל אונטער די לאפעס פון מיין קלוגען הונד.

איך האב איהם אויפגעהייבען, אריינגעלייגט אין יאג־טאש, אומגעקוקט זיך, און געבליבען שטעהן, ווי אן איינגעגראבענער...

דער וואלד, אין וועלכען איך בין אריין, איז געוועזען זעהר א געדיכטער און פערוואקסענער, אזוי, אז איך בין קוים דערקראכען צום פלאץ, וואו דער פויגעל איז געפאלען; אבער ניט ווייט פון דעם פלאץ, וואו איך בין געשטאנען, איז געלאפען א וועג פאר פוהרען, און איבער דעם דאזיגען וועג זיינען געפאהרען רייטענדיג, טראט ביי טראט און נאהענט איינער נעבען אנדערן, מיין שעהנהייט און יענער מאנספארשוין, וועלכער איז נעכטען פארבייגעפאהרען; איך האב איהם דערקאנט אן זיינע וואנצעס...

זיי זיינען געפאהרען שטיל, שווייגענדיג, האלטענדיג זיך פאר די הענד; זייערע פערד זיינען קוים געטראטען, פויל שאקלענדיג זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער און אויסציהענדיג שעהן זייערע לאנגע העלזער.

קומענדיג צו זיך פון דעם ערשטען שרעק... יא, שרעק: מיט קיין אנדער נאמען קען איך ניט אנרופען דעם געפיהל, וואס האט מיך

פלוצים בעהערשט... האב איך זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין איהר. ווי שעהן זי איז געוועז! מיט וואס פאר א רייץ האט זיך גע־טראָגען מיר אנטקעגען דורך דער ארומיגער גרינקייט איהר שלאנקע געשטאלט! ווייכע שאָטענס, צארטע אָפּשטראהלונגען האבען שטיל געשוועבט איבער איהר, איבער איהר לאנגען, גרויען קלייד, איבער דער דינער, עטוואָס איינגעבויגטער האלז, איבער דעם בלייך־ראָזעווען פּנים, איבער די גלאנציגע שווארצע האָאָר, וואס האבען זיך ארויס־געריסען פון הינטער איהר ניעדריגער היטעלע. אבער ווי גיעב איך אי־בער יענעם אויסדרוק פון פולער ליידענשאפטליכער גליקזעליגקייט, מיט וועלכער עס האט געאָטהעמט יעדער שטריך איהרער! איהר קאָפּ האט זיך אזוי ווי ארונטערגעבויגט אונטער דער משא פון דער דאָזיגער גליקזעליגקייט; פייכטע, גאָלדענע פונקען האָבען געפינקעלט אין איהרע דונקעלע אויגען, וואס זיינען אויף א העלפט פערמאכט געוועזן מיט די אויגען־לעדלאך; זיי האבען ערגעץ ניט געקוקט, די דאָזיגע גליקליכע אויגען. אן אונבעשטימטע, קינדערש שמייכעל — א שמייכעל פון טיעפער פרייד האט געשוועבט אויף איהרע ליפּען; עס האט זיך גערדאכט, אז די איבערגעפילטע מאָס פון גליק האט זי מיעד געמאכט, אז זי ברעכט זיך אונטער אזוי פיעל גליק, אָט ווי א שטענגעל ברעכט זיך אמאָל אונטער זיין פונאנדערגעבליהטער בלום; איהרעביידע הענד זיינען מאכטלאָז געלעגען: איינע אין דער האנד פון דעם מאנס־פּארשוין, וואס איז געפּאָהרען נעבען איהר, די צווייטע ביי איהר פערד אויפ'ן האלז.

איך האב צייט געהאט זי צו בעטראכטען און איהם אויך...

ער איז געוועזן א שעהנער, שלאנקער מאנספּארשוין, מיט א ניט רוסישען פּנים. ער האט געקוקט אויף איהר דרייסט און פרעהלאך און האט, קאָנטיג, שטארק אָנגעקוואָלען פון איהר. ער האט אָנגעקוואָ־לען פון איהר, דער גנב, און איז געוועזן שטארק צופריעדען מיט זיך אליין און געריהרט, און נתפּעל, ממש נתפּעל...

און אין אמת'ן, וועלכען מענשען איז בעשערט אזא גליק... איך האב איהם שטארק מקנא געוועזן!

דערווייליע זיינען זיי צוגעפּאָהרען צו דעם פּלאץ, וואו איך בין געשטאנען.... מיין הונד איז פּלוצים ארויסגעשפּרונגען פון'ם וואלד אויפ'ן וועג און גענומען בילען.

די אונבעקאַנטע האט זיך א צאַפּעל געטהאָן, שנעל אומגעקוקט זיך, און, מיך דערזעהן, האט זי א שמיץ געטהאָן מיט'ן בייטשעל דעם פערד איבער דער האלז. דאס פערד האט א פאַרשקע געטהאָן, אויפ־געשטעלט די פאָרדערשטע פיס, האט זיך א טראָג געטהאָן אין פאַר־אויס און געגומען זיך יאָגען אין האלאַפּ... דער מאַנספּאַרשוין אויפ'ן שווארצען פערד נאָך איהר, און אין א ווײלע ארום האבען זיי ביידע זיך שוין געטראָגען אין דער העלער ווייטקייט, איבער'ן פעלד, שעהן שאָקלענדיג זיך אויף די זאָטלען... זיי זיינען געפאָהרען ניט אין די זייט פון'ם הויף...

איך האב געקוקט... זיי זיינען פערשוואונדען הינטער'ן בערגעל.

איך בין געשטאַנען און געשטאַנען, דאַן האב איך זיך צוריקגע־קעהרט אין וואַלד אריין און זיך געזעצט, צודעקענדיג די אויגען מיט די הענד. און פאר מיינע צוגעמאַכטע אויגען האבען באַלד אָפּגעלעבט די שעהנע אונבעקאַנטע, איהר פריינד, די פערד און אלסדינג.... בעזאָנדערס שאַרף און בולט האט זיך פאר מיר געטראָגען דער שמייכ־לענדיגער פּנים פון'ם מאַנספּאַרשוין. איך האב זיך גענומען איינקוקען אין איהם... ער איז צוגעגאַנגען עפּעס אין א מין פייערדיג־רויטער דונקעלהייט, און גלייך נאָך איהם איז איהר געשטאַלט אויך ערגעץ פערשוואונדען און שוין ניט געוואָלט מעהר זיך צוריקווייזען...

איך האב זיך אויפגעהייבען!

— מילא! — האב איך א טראַכט געטהאָן — איך האב לכל הפּחות זיי געזעהן. קלאָר געזעהן זיי ביידען... איצט מוז איך בלויז דערגעהן זייערע נעמען.

זוכען דערגעהן זייערע נעמען! וואס פאר אן אונפּאַסענדע, קליינ־ליכע נייגעריגקייט! אבער, איך קאָן שווערען, אז ניט סתם נייגעריג־קייט האט זיך צוברענט אין מיר; מיר האט זיך פּשוט אויסגעוויזען, אז איך מוז דערגעהן, לכל הפּחות, ווער זיי זיינען: מיט וועמען דער צופאַל האט אויף אזא מאָדנעם שטייגער מיך צונויפגעבראַכט. אגב, אזוי אונגעדולדיג ווי פריהער בין איך שוין מעהר ניט געוועזן. אנשטאט דעם האט מיך גענומען מאַרטערן א שווער געפיהל.... איך האב מקנא געוועזן....

איך האב ניט געאיילט צוריק אין הויף. דעם אמת געזאָגט, האב

איך זיך גענומען שעהמען מיט דעם, וואס איך יאָג זיך נאָך נאָך א געהיימניס פון פרעמדע מענשען. חוץ דעם, דאס, וואס דאס פערליעבט פּאָרל איז פּלוצים ערשיענען אָפען אין מיטען העלען טאָג, האָט מיך, ווי זאָל איך זיך אויסדריקען, מען קען ניט זאָגען, אז דאס האט מיך בערוהיגט, אבער דאס האט מיך אָפּגעקיהלט. דער פריהערדיגער געהיימער שלייער איז שוין מעהר ניט געלעגען אויף דער דאָזיגער בעגעגעניש, דאס פריהערדיגע אוננאטירליכעס און וואונדערליכעס איז איצט געוועזן פערשוואונדען, עס איז שוין מעהר ניט עהנליך געוועזן צו א חלום...

איך האב זיך ווידער פערנומען מיט געיעג און דאס מאָל מיט מעהר אויפמערקזאמקייט, ווי פריהער, הגם אָהן דעם געוועהנליכען ברען און חשק.

די זונן איז שוין געשטאַנען זעהר הויך (דער זייגער איז געוועזן צוועלף), בעת איך בין אוועק צוריק אין הויף. איך בין געגאַנגען ניט געאיילט.

אָט, האט, צום סוף, זיך דערזעהן פון'ם בערגעל דאס ניעדריג שטיבעל... דאס הארץ אין מיר האט זיך ווידער א צאַפּעל געטהאָן. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און האב מיט פערגעניגען דערזעהן לוקיאַניטש'ן. ער איז, ווי תמיד, געזעסען אויפ'ן באַנק פאר'ן הויז. דער טויער איז געוועזן פערשפּאַרט, די לאָדען צוגעמאַכט.

— א גוטען, פעטערקע! — האב איך אויסגעשריען נאָך פון דער ווייטענס — דו ביזט ארויס זיך וואַרעמען?

לוקיאַניטש האט א קעהר געטהאָן צו מיר זיין מאָגערען פּנים און שווייגענדיג ארונטערגענומען דאס היטעל.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם.

— א גוטען, פעטערקע, א גוטען — האב איך ווידער געזאָגט, וועלענדיג איהם ערמונטערן — וואָס איז דאָס? — האָב איך זיך א כאַפּ געטהאָן, דערזעהענדיג פּלוצים אויף דר'ערד איין נייעם פערטעלע — האָסט עס ניט בעמערקט, וואס?

און איך האב אָנגעוויזען אויף דער זילבערנער מטבע, וואס איז אויף א העלפט ארויסגערוקט געוועזן פון צווישען די קורצע גראָז.

— ניין, איך האב יאָ בעמערקט.

— היינט וואָרום האָסטו עס ניט אויפגעהייבען?

— אזוי: ניט מיין געלד, האב איך עס ניט אויפגעהייבען.

— וואס פאר א מאָדנער מענש דו ביזט, ברוודערקע! — האב איך זיך אָנגערופען צומישט און, אויפהייבענדיג די מטבע, האב איך זי איהם דערלאַנגט — נעהם, נעהם, אויף טהעע.

— א גרויסען דאנק אייך — האָט לוקיאַניטש געענטפערט און רוהיג א שמייכעל געטהאָן — מיר דארפען ניט. אָהן דעם וועלען מיר אויך לעבען. א גרויסען דאנק.

— איך וועל מיט פערגעניגען דיר געבען מעהר! — האָב איך זיך אָנגערופען א פערשעהמטער.

— פאר וואָס? בעמיהט זיך ניט, מיר דאנקען אייך פאר אייער גוט הארץ. אבער פאר אונז איז גענוג א שטיקעלע ברויט, און אפילו דאס וועסטו ניט צייט האבען אויפצועסען אין גאנצען, אויב דיר איז ניט בעשערט....

און ער האט זיך אויפגעהייבען און אויסגעשטרעקט די האנד צו דער פאָרטקע....

— שטעה, אַלטער, שטעה — האב איך זיך אָנגערופען כמעט מיט פערצווייפלונג — ווי ניט רעדעוודיג דו ביזט היינט! זאָג מיר, אָם וועניגסטען, איז דיין פריצה'טע שוין אויפגעשטאַנען?

— זיי זיינען שוין אויפגעשטאַנען...

— און... זי איז אין דער־היים?

— ניין, זיי זיינען אין דער־היים ניטאָ.

— אוועקגעפאָהרען צו גאסט ערגעץ, וואס?

— ניין, ניט צו גאסט. זיי זיינען אין מאָסקווע אוועקגעפאָהרען.

— וואָס הייסט אין מאָסקווע? היינט ערשט אין דער פריה איז זי דאָך דאָ געוועזען?

— דאָ.

— און זי האט דאָ גענעכטיגט?

— דאָ גענעכטיגט.

— און זי איז ניט לאַנג דאָ געוועזען?

— ניט לאַנג.

— ווען איז זי אוועקגעפאָהרען?

— מיט א שעה צוריק אָן ערך איז זי אוועקגעפאָהרען צוריק אין מאָסקווע.

— אין מאָסקווע!

איך האב געקוקט מיט פערוואונדערטע אויגען אויף לוקיאַניטש'ן; אויף דעם האב איך זיך, דעם אמת געזאָגט, גאָר ניט געריכט...

און לוקיאַניטש אליין האט אויך געקוקט אויף מיר. א גנב'ש שמייכעל האט זיך צושפרייט אויף זיינע אַלטע, טרוקענע ליפּען און האט קוים־קוים געשיינט אין זיינע טרויעריגע אויגען.

— זי איז אוועק מיט איהר שוועסטער? — האב איך, צום סוף, ארויסגערעדט.

— מיט איהר שוועסטער.

— און איצט איז אין'ם הויז קיינער ניטאָ?

— קיינער ניט...

— דער אַלטער נאַרט מיך — האב איך א טראַכט געטהאָן — ניט אומזיסט שמייכעלט ער אזוי גנב'ש...

— הער נור, לוקיאַניטש — האב איך זיך אָנגערופען — ווילסט מיר טהאָן א טובה?

— וואָס ווילט איהר? — האָט ער ארויסגערעדט לאַנגזאַם, קאָנ־טיג, אָנהייבענדיג צו פערלירען די געדולד פון מיינע פראַגען.

— דו זאָגסט, אז אין'ם הויז איז קיינער ניטאָ; קאָנסטו מיר איהם ווייזען? איך וועל דיר זעהר דאַנקבאַר זיין דערפאַר.

— איהר ווילט אָנקוקען די צימערען?

— יא, די צימערען.

לוקיאַניטש האט א ווייל'ע געשוויגען.

— קומט — האט ער ארויסגערעדט, צום סוף — אז איהר ווילט...

און, איינגעבויגט זיך, איז ער אריין אין פאָרטקע, איך נאָך איהם.

דורכגעגאַנגען א קליינעם הויף, זיינען מיר ארויף אויף שוואַכע טרעפּ פון א גאַניק, וואס האבען זיך געשאָקעלט אונטער אונזערע פיס. דער אַלטער האט א שטופּ געטהאָן א טהיר; זי האט אפילו קיין שלאָס ניט געהאַט, א שטריקעל מיט א קניפּעל האט ארויסגעשטעקט פון דעם שליסעל־לאָך...

מיר זיינען אריין אין הויז. עס איז אין גאַנצען בעשטאַנען פון א פינף־זעקס ניעדריגע צימערלאַך און, ווי ווייט איך האב געקאָנט

בעטראכטעטען אין דעם שוואכען ליכט, וואס האט זיך קוים־קוים דורכ־געריסען דורך די שפארונעס פון די צוגעמאכטע לאדענס, איז דאס מעבעל דא געווען אלטע און פשוט'ע. אין איין צימער, וואס איז ארויס צום גארטען צו, איז געשטאנען אן אלטער פארטעפיאנא... איך האב אויפגעהייבען איהר אויסגעבויגטע דעקעל און א קלאפ געטהאן איבער די קלאווישען; א זויערער, שיפענדיגער קלאנג האט גענומען ציטע־רען און איז באלד קראנקהאפט פערשטארבען, אזוי ווי ער וואלט זיך געקלאגט אויף מיין פרעכהייט. בשום אופן וואלט מען ניט געקאנט זאגען, אז פון דעם דאזיגען הויז זיינען ניט לאנג ארויסגעפאהרען לע־בעדיגע מענשען; עס האט דארט געשמעקט מיט טויטקייט און פער־שטיקטקייט — מיט אונבעוואוינטקייט. סיידען א ווייס פאפירל, וואס האט זיך געוואלגערט דא אדער דארט, האט געלאזט וויסען דורך זיין ווייסקייט, אז מענשען זיינען דא ניט לאנג געווען.

איך האב אויפגעהייבען איינס פון די דאזיגע פאפירלאך, עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז געווען א שטיקעל פון א בריעף, געשריעבען מיט א פעסטער האנדשריפט פון א פרויענצימער.

אויפ'ן רונדען טישעל נעבען פענסטער איז געשטאנען אין א גלאז א בוקעט האלב־פערוועלקטע בלומען און א צוקנייטשטע גרינע שטענגע איז דארט געלעגען. איך האב די דאזיגע שטענגע צוגענומען אלס אנדענקען.

לוקיאניטש האט געעפענט א שמאלע טהיר.

— דא — האט ער געזאגט, אויסשטרעקענדיג א האנד — איז א שלאף־צימער און ווייטער איז א צימער פאר די דיענסטען, קיין אנ־דערע זאאלען זיינען ניטא...

מיר זיינען אוועק צוריק איבער'ן קארידאר.

— און וואס איז דארט פאר א צימער? — האב איך געפרעגט, אנווייזענדיג אויף א ברייטע, ווייסע טהיר מיט א שלאס.

— דאס? — האט געענטפערט לוקיאניטש מיט א פערשטיקטען קול — דאס איז אזוי.

— וואס הייסט אזוי?

— אזוי... א קלויט...

און ער איז שוין געהאט אוועק ווייטער.

— א קלויט? קען מען זי ניט זעהן?

— וואס איז דאָרט צו זעהן? כ׳לעבען, פּריץ, איך פערשטעה אייך ניט! — האט ער ארויסגערעדט מיט אונצופריעדענהייט אין׳ם קול — קופּערטען, אַלטע געשיר... א קלויט, און דאס אלעס!

— דאָך, אַלטער, איך וויל זי אָנקוקען — האב איך געזאָגט, הגם אין׳ם הארצען האב איך זיך געשעהמט מיט דעם, וואס איך שטעה צו צו איהם אזוי ניט שעהן — איך וויל ביי זיך אין דאָרף אויך אזא הויז...

דאס געוויסען האט מיך גענומען מוטשען און איך האב ניט גע־קענט ענדיגען מיין געשפּרעך.

לוקיאַניטש איז געשטאַנען, דעם גרויען קאָפּ ארונטערגעלאָזט אויף דער ברוסט, און האט עפּעס אזוי מאָדנע געקוקט אויף מיר פון דער זייט.

— ווייז — האב איך ארויסגערעדט.

— נו, איך וועל אייך ווייזען — האט ער, צום סוף, זיך אָנגערו־פען, געקראָגען דעם שליסעל און אָהן חשק געעפענט די טהיר.

איך האב א קוק געטהאָן אין קלויט אריין. קיין בעזאָנדערעס איז אין איהר ניט געווען. אויף די װענד זיינען געהאנגען אלטע פּאָרטרע־טען מיט פינסטערע, כמעט שווארצע פּנים׳ער און בייזע אויגען. אויף דער פּאָדלאָגע האָט זיך געוואַלגעלט פערשיעדענער אַלטער בראָך.

— נו, האט איהר זיך שוין אָנגעקוקט? — האט לוקיאַניטש גע־פרעגט מיט א פינסטערער מינע.

— יא, א דאַנק! — האב איך שנעל געענטפערט.

ער האט פערקלאַפּט די טהיר. איך בין ארוים אין פירהויז, און פון׳ם פירהויז אויפ׳ן הויף.

לוקיאַניטש האט מיך בעגלייט, ארויסגעמורמעלט: „זייט מוחל!" און איז פערשוואונדען אין זיין פליגעל.

— און וואס איז דאס פאר א דאַמע געווען ביי אייך נעכטען צו גאַסט? — האב איך איהם נאָכגעשריען — איך האב זי היינט געטראָ־פען אין וועלדעל.

איך האב געהאָפט איהם צו צומישען מיט מיין פּלוצימדיגער פראגע און א ניט ארויסגעטראַכטען ענטפער. נור דער

אַלטער האט זיך בלויז הייזעריג צולאַכט און, אוועקגעהענדיג צו זיך, האט ער א קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר.

איך בין אוועק צוריק אין גנילאָיע. מיר איז געוועזן אונאַנגענעהם, איך האב זיך געפיהלט, ווי א פערשעהמטער אינגעל.

— ניין — האב איך געזאָגט צו זיך אליין — ווי עס שיינט, וועל איך ניט קענען לייזען יענע רעטעניש. מילא, איך וועל מעהר ניט טראַכטען וועגען דעם אין גאַנצען.

אין א שעה ארום בין איך שוין געפאָהרען אהיים א בייזער און אן אויפגערעגטער.

עס איז אוועק א וואָך. ווי איך האב זיך ניט געסטאַרעט צו פערטרייבען די עראינערונג אָן דער אונבעקאַנטער, אָן איהר בעגלייטער, אָן מיינע בעגעגענישען מיט זיי — איז זי נאָכאַנאַנד צוריקגעקומען און צוגעשטאַנען צו מיר מיט דער איינגעשפּאַרטקייט פון א פליג אין א נאָכמיטאָג... לוקיאַניטש, מיט זיינע געהיימניספאָלע בליקען און איינגעהאַלטענע רייד, מיט זיין קאַלטען אומעטיגען שמייכעל, איז מיר אויך אָהן אויפהער געקומען אויפ'ן זינען. דאס הויז אליין, ווען איך האב זיך אָן איהם דערמאָהנט — האט, דאַכט זיך, אויך כיטרע און טעמפּ געקוקט אויף מיר דורך זיינע האַלב אָפענע לאָדענס און האט זיך עפּעס ווי גערייצט מיט מיר, האט ווי גערעדט צו מיר: און דאָך וועסטו קיין זאַך ניט דערגעהן! צום סוף, האב איך ניט אויסגעהאַלטען און אין איין שעהנעם טאָג בין איך אוועקגעפאָהרען קיין גנילאָיע, און פון גנילאָיע בין איך אוועק צופוס.... וואוהין? דער לעזער וועט זיך לייכט אָנשטויסען.

איך מוז מודה זיין, אז צוגעהענדיג צו דעם געהיימניספולען הויף, האב איך געפיהלט א גאַנץ שטאַרקע אויפרעגונג. פון אויסענוויינינג איז אין דעם הויז ניט פּאָרגעקומען קיין שום ענדערונג: די זעלבע צוגעמאַכטע פענסטער, דער זעלבער אומעדיגער און פער'יתום'טער אויסזעהן; בלויז אויף דעם ביינקעל פאַר'ן פליגעל איז אנשטאט דעם אַלטען לוקיאַניטש'ן געזעסען עפּעס א יונגער בחור, א יאָהר צוואַנציג אַלט, פון די בעדיענטע, אין א לייווענטענעם קאַפּטען און א רויטען העמד. ער איז געזעסען אונטערגעשפּאַרט דעם געקרויזטען קאָפּ אויפ'ן לאָדען און גערעמעלט, וויגענדיג זיך פון צייט צו צייט און אויפצי־טערענדיג.

— א גוט מאָרגען, ברודער! — האב איך געזאָגט אין דער הויף.

ער איז גלייך אויפגעשפּרונגען און אויסגעפּוטשעט אויף מיר זיינע צושראָקענע אויגען.

— א גוט מאָרגען, ברודער! — האב איך געזאָגט נאָך אמאָל — און וואו איז עפּעס דער אַלטער?

— וועלכער אַלטער? — האט לאַנגזאם ארויסגערעדט דער בחור.

— לוקיאַניטש.

— א, לוקיאַניטש! — ער האט א קוק געטהאָן אין דער זייט — איהר דארפט לוקיאַניטש׳ען?

— יאָ, לוקיאַניטש׳ען. איז ער אין דער היים?

— נ־ניין — מאַכט דער בחור לאַנגזאם — ער איז... ווי זאָל איך אייך... ער איז....

— ער איז ניט געזונד, וואס?

— ניין.

— טאָ וואס דען?

— ער איז דאָ שוין מעהר נישטאָ.

— וואס הייסט נישטאָ?

— אָט אזוי. מיט איהם האט עטוואָס... ניט גוטעס האט מיט איהם פּאַסירט.

— ער איז געשטאָרבען? — האָב איך געפרעגט פערוואונדערט.

— ער האט זיך געהאַנגען.

— געהאַנגען? — האב איך א געשריי געטהאָן מיט שרעק און א פּאַטש געטהאָן מיט די הענד.

מיר האבען ביידע שווייגענדיג א קוק געטהאָן איינער דעם צווייטען אין די אויגען.

— שוין לאַנג? — האב איך, צום סוף, געפרעגט.

— אָט, היינט איז דער פינפטער טאָג... נעכטען האט מען איהם צו קבורה געבראַכט.

— אבער פאַרוואס האט ער זיך געהאַנגען?

— גאָט ווייסט איהם. א מענש איז ער געווען א פרייער, האט בעקומען געהאַלט; פון קיין נויט האט ער ניט געוואוסט, די בעלי הבתים האָבען איהם ליעב געהאט, ווי אן אייגענעם מענשען. מיר

האבען דאך אזעלכע גוטע בעלי הבתים — זאל זיי גאט געזונד געבען! מען קען גאר מיט'ן שכל ניט בענעהמען, וואס אזוינס מיט איהם איז געשעהן. הפנים, דער ניט גוטער האט איהם אנגערעדט.

— און ווי אזוי האט ער דאס געטהאן?

— אט אזוי. האט גענומען און זיך אויפגעהאנגען.

— און פריהער האט מען אין איהם גארנישט בעמערקט?

— ווי זאל איך אייך זאגען... עפּעס בעזונדערעס אזוינס... האט מען גארנישט געזעהן. ער איז שטענדיג געווען אזא אומעטיגער, פערטראכטער מענש. פלעגט נעהמען אמאל קרעכצען, אכצען. אומעדיג איז מיר, פלעגט ער זאגען. נו, יא, אין זיינע יאהרען, אויף דער עלטער. די לעצטע צייט האט ער גענומען אפט פערטראכטען זיך. פלעגט קומען צו אונז אין דארף; איך בין איהם געווען א פלימעניק. — „הער, ברודער וואסיא, — פלעגט ער זאגען — קום, ברודער, נעכטיג איבער ביי מיר!" — וואס איז עפּעס, פעטער'ל? — „אט אזוי, ס'איז עפּעס מורא'דיג, אומעדיג איינעם אליין". נו, בין איך געגאנגען צו איהם. עס פלעגט טרעפען, ער געהט ארוים אין'ם הויף, קוקט זיך איין, קוקט זיך אזוי איין אויף דאס הויז און נעהמט שאקלען מיט'ן קאפּ, שאקלען און זיפצען... פאר דער לעצטער נאכט, ווען ער האט גענארפט, הייסט עס, זיך דעם לעבען נעהמען, איז ער אויך געקומען צו אונז, מיך רופען. נו, בין איך געגאנגען. אט זיינען מיר געקומען צו איהם אין פליגעל, ער איז געזעסען א ווייל'ע אויפ'ן ביינקעל; איז אויפגעשטאנען און איז ארוים. איך ווארט, וואס איז דאס, וואס ער קומט ניט אזוי לאנג. בין איך ארוים אויפ'ן הויף און א געשריי געטהאן: „פעטערל, א פעטערל?" רופט זיך דער פעטערל ניט אב. טראכט איך מיר, וואו איז ער דאס אוועק? אפשר אין הויז? איך בין אוועק אין הויז. עס האט שוין גענומען פינסטער ווערען. אט, געה איך פערביי דעם שפייכלער, הער איך עמעצער קאלופּעט זיך עפּעס דארט הינטער דער טהיר; איך נעהם און עפען די טהיר; ערשט ער זיצט דארטען, צוזאמענגעהויקערט הינטער'ן פענסטער. „וואס, זאג איך, פעטערל, טהוט איהר דא?" טהוט ער זיך א קעהר און גיט אויף מיר א גוואלדעווע, און די אויגען זיינען ביי איהם אזעלכע ביסטרע, ביסטרע און ברענען, ווי ביי א קאץ. „וואס דארפסטו? זעהסט דען ניט — איך גאל זיך!" פרעגט ער דערנאך, און דער קול זיינער איז

אזוי הייזעריג. ביי מיר האָבען זיך די האָאר געשטעלט קאַפּויר און, איך ווייס אליין ניט פאַרוואס, מיר איז אזוי מורא'דיג געוואָרען... הפנים, אז אין יענער צייט האבען שוין די ניט גוטע געקראָגען איבער איהם א שליטה. „אין דער פינסטער, גאָלט איהר זיך?" זאָג איך, און די קניע טרייסלען זיך ביי מיר פאַר שרעק. „נו, זאָגט ער, גוט, גען." איך בין אַוועק און ער איז ארויס פון שפּייכלער און די טהיר פערשלאָסען מיט א שלאָס. מיר זיינען געקומען צוריק אין פליגעל, מיין שרעק איז גלייך אריבער. „וואס, זאָג איך, פעטערל, האָסטו געטהאָן אין שפּייכלער?" ער איז געוואָרען צורודערט. — „דו שווייג, זאָגט ער, שווייג!" און איז ארויפגעקראָכען אויף דער לעזשאַנקע. „נו, טראַכט איך מיר, איך'ל בעסער ניט פערפיהרען מיט איהם קיין שמועס: הפנים, אז ער איז היינט ניט געזונד, צו וואס." און איך האב גענומען און בין אויך ארויפגעקראָכען אויף דער לעזשאַנקע. און אין ווינקעל ברענט א נאַכט לעמפּעלע. ליעג איך מיר אזוי, און עס דרימעלט זיך מיר... פּלוצים הער איך, די טהיר האט שטיל, שטיל א סקריפּע געטהאָן.... און האט זיך געעפענט... אָט אזוי, א קליין ביסעלע. דער פעטער איז געלעגען מיט'ן רוקען צו דער טהיר און געהערט האט ער אלע מאָל, ווי איהר ווייסט, אביסעל שווערלאָך. אבער דאָ האט ער פּלוצים דערלאַנגט א שפּרונג אויף... „ווער רופט מיך, הא? ווער? נאָך מיר איז ער געקומען, נאָך מיר!" — האט ער גענורמען שרייען און אזוי ווי ער איז געווען, אָהן א היטעל, איז ער ארויסגעלאָפען אין הויף ארויס... טראַכט איך ביי מיר: „וואס טהוט זיך דאס היינט מיט איהם?" אבער איך בין דאָך ניט מעהר, ווי א זינדיגער מענש, בין איך גלייך אויפ'ן שטעל איינגעשלאָפען. אויף מאָרגען אין דער פריה כאַפּ איך זיך אויף... נישטאָ לוקיאַניטש'ען. בין איך ארויס פון צימער, גענומען איהם רופען — נישטאָ איהם אין ערגעץ. פרעג איך ביים וועכטער — „האָסטו ניט געזעהן: איז דער פעטער ערגעץ ארויסגעגאַנגען?" — „ניין, זאָגט ער, ער האט ניט געזעהן." — „וואס קען דאס זיין, ברודער — פרעג איך — וואס ער איז נישטאָ?..." און מירביידע האבען זיך שטאַרק דערשראָקען. — „קום, זאָג איך, פעדאָסעאיטש, לאָמיר געהן א קוק טהאָן, אפשר איז ער ערגעץ וואו אין הויז?" „קום — זאָגט, וואסילי טימאָפעאיטש," און אליין איז ער ווייס ווי קאַלך. זיינען מיר אוועק אין הויז... געהם

איך אזוי פערבייגעהן פאר דעם שפייכלער, ערשט איך טהו א קוק: דער שלאָס היינגט אָן אָפּענער, טהו איך א זעץ אין טהיר, איז די טהיר פון אינעווייניג פערשפּארט... פּעראָסעאיטש איז גלייך אוועק־געלאָפען פון דער אנדערער זייט און א קוק געטהאָן אין פענסטער. „וואסילי טימאָפעאיטש! — שרייט ער — פּיס היינגען, פּיס..." איך לויף צום פענסטער, זעה איך פּיס, לוקיאַניטש'עס פּיס.... ער האט גענומען און זיך אויפגעהאנגען אין מיטען צימער... מען האט געשיקט נאָך פּאָליציי... אראָבגענומען איהם פון'ם שטריק: מיט צוועלף קניפּלאַך איז געווען דער שטריק פערבונדען.

— נו, און וואס האט געטהאָן די פּאָליציי?

— וואס זאָל זי טהאָן? האבען געטראַכט, געטראַכט, וואס קען זיין פאר א סיבה. אבער קיין סיבה, ווארום ער האט זיך אויפגעהאנגען, האט זי ניט געפונען. און זיי האבען בעשלאָסען, אז ער איז, מסתמא, ניט געוועזן ביים זינען. די לעצטע צייט האט איהם דער קאָפּ שטארק וועה געטהאָן. ער האט זיך אָפּט געקלאָגט אויפ'ן קאָפּ....

ביי א האלב שעה האב איך נאָך געשמועסט מיט'ן בחור און, צום סוף, בין איך אוועק, אין גאנצען א צומישטער. איך מוז זיך מודה זיין, איך האב אָהן א געהיימען, אבערגלויבישען שרעק ניט געקענט קוקען אויף דעם דאָזיגען אלטען הייזעל... אין א מאָנאַט ארום בין איך אוועקגעפאָהרען פון דאָרף, און בּיסלאכווייז זיינען די דאָזיגע אלע שרעקען, די דאָזיגע געהיימניספולע בעגעגענישען ארויס ביי מיר פון'ם קאָפּ.

---

## II.

דריי יאָהר זיינען אוועק. די גרעסטע טהייל פון דער דאָזיגער צייט האב איך פערבראַכט אין פּעטערסבורג און אין אויסלאנד, און ווען איך בין שוין אמאָל יא ארייגגעפאלען צו זיך אין דאָרף, איז דאָס געווען ניט מעהר ווי אויף עטליכע טעג, אזוי, אז מיר איז קיין איין מאָל ניט אויסגעקומען צו זיין ניט אין גנילאָיע, ניט אין מיכאילאָווקע. איך האָב שוין ניט מעהר געזעהן ניט יענע שעהנהייט מיינע און ניט

יענעם מאָן. איין מאָל, אין קנאַפּע דריי יאָהר שפּעטער, איז מיר אין מאָסקווע אויסגעקומען צו טרעפען זיך מיט פרוי שליקאָווא און איהר שוועסטער, פעלאַגעא באַדאַיעווא — מיט דער זעלבער באַדאַיעווא, וועלכע איך האב ביז אהער געהאַלטען פאַר אַן אויסגעטראַכטע פּער־זאָן. דאס איז געווען אויף אַן אבענד ביי איינער א בעקאַנטער מיינער. ביידע דאַמען זיינען געווען שוין ניט קיין יונגע און גאַנץ אַנגענעהמע; זייער געשפּרעך האט זיך אויסגעצייכענט מיט קלוגשאַפט און פרעה־ליכקייט: זיי האבען פיעל געררייזט און גערייזט מיט נוצען; אין זייער האַלטונג האט זיך געפיהלט א אונגעצוואונגענע פרעהליכקייט. אבער צווישען מיין אונבעקאַנטער און זיי איז ניט געווען קיין שום געמיינ־שאַפטליכעס. מען האט מיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט. איך מיט דער פרוי שליקאָווא האבען זיך צורעדט (מיט דער שוועסטער האט פער־בראַכט עפּעס איינער, אַן אַנגעפּאַהרענער געאָלאָג). איך האב איהר ערקלערט, אז איך האב דאס פערגעניגען צו זיין איהרער א שכן אין דעם בעצירק.

— הא! ווירקליך, איך האב דאָרט א קליין גוט — האט זי גע־זאָגט — נעבען גנילאָיע.

— יאָ, יאָ — האב איך געענטפערט — איך קאָן אייער הויף. איהר קומט דאָרט אמאָל?

— איך? זעלטען.

— מיט דריי יאָהר צוריק זייט איהר דאָרט געווען?

— וואַרט! דאַכט זיך, איך בין געווען. יאָ, ווירקליך, געווען.

— מיט דער שוועסטער צו אליין?

זי האט אויף מיר א קוק געטהאָן.

— מיט דער שוועסטער — האט זי געענטפערט — מיר האבען דאָרט פערבראַכט א וואָך צייט. אבער מיר האבען זיך דאָרט מיט קיי־נעם ניט געזעהן.

— הם... דאָרט זיינען, דאַכט זיך, זעהר ווייניג שכנים פאַרהאַן.

— יאָ, ווייניג. און דערצו בין איך ניט קיין גרויסער בעלן זיך צו טרעפען מיט זיי.

— זאָגט מיר — האב איך אָנגעהויבען — אין יענעם יאָהר האט זיך ביי אייך געטראָפען עפּעס אַן אונגליק. לוקיאַניטש...

פרוי שליקאָווא'ס אויגען זיינען גלייך פערלאָפען מיט טרערען.

— איהר האט איהם געקאַנט? — האט זי געפרעגט מיט א לע־בעדיגען אינטערעס — אזא אומגליק! איז געווען אזא וואוילער, אזא גוטער אַלטינקער... און שטעלט זיך פאָר, ער האט דאָך עס געטהאָן גאָר אָהן אן אורזאַך...

— יאָ, יאָ — האב איך ארויסגעשטאַמעלט — אזא אומגליק.

פרוי שליקאָוואַ'ס שוועסטער איז צו אונז צוגעקומען. איהר האָט הפנים דערעסען די געלעהרענטע געשפרעכען פון דעם געאָלאָג וועגען דער פאָרמע פון די ברעגעס פון דעם טייך וואָלגאַ.

— שטעל זיך פאָר, פּוילינע — האט אָנגעהויבען מיין נייע בע־קאַנטע — דיעזער הערר האט געקענט לוקיאַניטש'ען.

— ווירקליך? אָרימער אַלטער!

— איך בין ניט איין מאָל געפאָהרען אויף געיעג ארום אייער גוט מיט דריי יאָהר צוריק, ווען איהר זייט דאָרט געווען — האב איך בעמערקט.

— איך? — האט געענטפערט פּעלאַגעא א פערוואונדערטע.

— נו, יאָ, געוויס! — האט שנעל אונטערגעכאַפּט איהר שוועסטער — געדענקסט דען ניט?

און זי האט איהר פעסט אָנגעקוקט אין די אויגען.

— אַך, יאָ, יאָ... ווירקליך! — האט פּלוצים געענטפערט פּע־לאַגעא.

— עט — האב איך א טראַכט געטהאָן — ווער ווייס, טייבעלע מיינע, צו דו ביזט ווען געווען אין מיכאַילאָווקע.

— אפשר וועט איהר אונז עפּעס זינגען? האט פּלוצים גענומען ריידען איינער א הויכער יונגערמאַן מיט בלאָנדע האָאר און מוטנע אויגלאַך.

— איך ווייס ווירקליך ניט — האט ארויסגערעדט דאס פרייילען באָדאַיעווא.

— אַך, איהר זינגט? — האב איך א געשריי געטהאָן און זיך שנעל אויפגעהויבען פון אָרט — אַך, ווירקליך... זינגט אונז עפּעס, איך בעט אייך.

— אבער וואס זאָל איך אייך זינגען?

— צו קענט איהר ניט — האב איך אָנגעהויבען סטאַרענדיג זיך מיט אַלע קרעפטען אויסצוזעהן גלייכגילטיג — א געוויסע איטאַ־

ליענישע ליעדעל. און איך האב איהר אָנגערופען יענע ליעד, וואס האט מיך אזוי בע'כישוף'ט אין איטאליען און דערנאָך אין רוסלאנד, געזונגען פון דעם אייגענעם קול.

— איך קאָן — האט גאנץ אונשולדיג געענטפערט פעלאגעא — אלזאָ, ווילט איהר, איך זאָל אייך יענע ליעדעל זינגען?

און זי האט זיך געזעצט ביים קלאוויר. איך האב זיך, ווי האמ־לעט, איינגעגעסען מיט מיינע בליקען אין דער פרוי שליקאָווא. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ביים ערשטען טאָן, האט זי לייכט א ציטער געטהאָן; דאָך האט זי רוהיג דערזונגען ביז'ן סוף. פריילען באָדאיעווא האט ניט שלעכט געזונגען. דאס ליעדעל האט זיך געענדיגט — עס האבען זיך דערהערט די געוועהנליכע אפלאָדיסמענטען. מען האט זי גענומען בעטען זינגען נאָך עטוואס; נורביידע שוועסטער האבען זיך איבערגעוואונקען און אין א פּאָאר מינוט ארום זיינען זיי אוועקגע־פאָהרען.

עס איז אוועק נאָך א יאָהר. איך האב זיך בעזעצט אין פעטערס־בורג. עס איז געקומען דער ווינטער; עס האָבען זיך אָנגעהויבען די מאסקען־בעלער.

איינמאָל, ארויסגעהענדיג א זייגער עלף ביינאכט פון א בעקאנ־טען הויז, איז מיר געוואָרען אזוי אומעדיג, אזוי טרויעריג, אז איך האב בעשלאָסען אוועקצוגעהן אויף א מאסקען־באל אין דעם אדעליגען קלוב.

א לאנגע צייט האב איך ארומגעבלאָנדזשעט ארום די זיילען און פארביי די שפּיגלען מיט אן אומעטיגען אויסדרוק אויפ'ן פנים; לאנג האב איך אזוי געבלאָנדזשעט, זיך צייטענווייז ארויסדרעהענדיג מיט א גלייכגילטיגען בליק פון שרייעדיגע מאסקעס מיט פערדעכטיגע שפּיצען און ניט גאָר ריינע האנדשוה, און נאָך זעלטענער פערפיהרענדיג אליין מיט זיי א שמועס; לאנג זיינען מיינע אויערען אויסגעזעצט געווען צו דעם טרובעם פון די טרובעס און דעם קוויטשען פון די פידלען; צום סוף, נאָך דעם, ווי איך האב זיך א צייט לאנג געלאנגווייל'ט און געקראָגען א גוטען קאָפּוועהטאָג, האב איך שוין געוואָלט פאָהרען אהיים... און... בין געבליעבען. איך האב דערזעהן א פרוי, אין א שווארצער מאסקע, אָנגעשפּארט אָן א זייל. — האב זי דערזעהן, בין צו איהר צוגעגאנגען — און... וועלען מיר מיינע לעזער גלוי־

בען?... איך האב גליך אין איהר דערקאַנט מיין אונבעקאַנטע! ווי אזוי איך האב זי דערקענט: צו נאָך'ן בליק, וועלכען זי האט צו־שטרייט געוואָרפען אויף מיר דורך די לייכטע אויגען־לעכער פון דער מאסקע, צו נאָך די זעלטענע פאָרמען פון איהרע פלייצעס און אָרעמס, צו נאָך דער בעזונדערער שטאָלצקייט פון איהר גאנצען וועזען, אדער אפשר נאָך עפּעס א געהיימען קול, וועלכער האט פּלוצים גענו־מען ריידען אין מיר — איך קען עס ניט וויסען... איך וויים בלויז, אז איך האב זי דערקאָנט. זי האט זיך ניט גערירט, אין איהר פּאָזע איז געווען אזוי פיעל האָפנונגסלאָז־טרויעריגעס, אז קוקענדיג אויף איהר, האב איך זיך, ניט ווילענדיג, דערמאָנט אָן א געוויסען שפּאַ־נישען ראָמאַנס:

„איך בין א טרויעריגעס בילד,
אָנגעשפּארט צום וואַנט."

איך בין אוועק הינטער דעם זייל, אָן וועלכען זי האט זיך אָנגע־שפּארט, און, אָנבויגענדיג דעם קאָפּ צו איהר סאַמע אויער, האב איך שטיל ארויסגערעדט די ווערטער פון דעם איטאַליענישען ליעדעל.

זי האָט זיך געגומען אין גאַנצען טרייסלען און זיך שנעל א קעהר געטהאָן צו מיר. אונזערע אויגען האבען זיך געטראָפען אזוי נאָהענט, אז איך האב געקאָנט בעמערקען, ווי איהרע שוואַרצאַפּלען זיינען גרויס געוואָרען פאר שרעק. מיט פערוואונדערונג און עטוואָס אויס־שטרעקענדיג איין האנד, האט זי געקוקט אויף מיר.

— דעם זעקסטען מאי, פון יאָהר ...184, אין סאָרענטאָ, צעהן אזייגער ביינאַכט, אין דער גאַס דעלאַ קראָס — האב איך לאַנגזאָם ארויסגערעדט, ניט אראָבנעהמענדיג פון איהר די אויגען — דערנאָך אין רוסלאַנד, אין דעם דערפעל מיכאילאָווקע, דעם צוויי און צוואַנ־ציגסטען יולי, ...184טען יאָהר....

איך האב דאס אַלעס געזאָגט אויף פראַנצויזיש. זי האט זיך עטוואָס א ציה געטהאָן צוריק, האט מיך מיט א פערוואונדערטען בליק בעטראַכט פון קאָפּ ביז צו די פיס און, ארויסמורמלענדיג: „קומט!" איז זי שנעל ארויס פונ'ם זאַאַל. איך בין אוועק נאָך איהר.

מיר זיינען געגאַנגען און געשוויגען. איך בין ניט בכוח איבערצו־געבען, וואס איך האב געפיהלט, געהענדיג מיט איהר צוזאַמען. דער

שעהנסטער חלום איז פּלוצים געוואָרען א ווירקליכקייט... איך האב זיך אליין ניט געגלויבט, איך האב קוים געאָטהעמט.

מיר זיינען פערבייגעגאַנגען עטליכע צימערען... צום סוף, האט זי זיך אָבגעשטעלט אין איינעם פון זיי פאַר א קליינער זאָפע, ביים פענסטער, און האט זיך געזעצט. איך האב זיך געזעצט נעבען איהר.

זי האט לאַנגזאַם א קעהר געטהאָן צו מיר איהר קאָפּ און האט אויפמערקזאַם אויף מיר א קוק געטהאָן.

— איהר... איהר קומט פון איהם? — האט זי ארויסגערעדט. איהר קול איז געוועזן שוואַך און אונזיכער...

איהר פראַגע האט מיך אביסעל צומישט.

— ניין... ניט פון איהם — האב איך געענטפערט, זיך פערהיקענדיג.

— איהר קאָנט איהם?

— איך קאָן — האב איך געענטפערט מיט א געהיימער וויכטיגקייט. מיר האט זיך געוואָלט אָנהאַלטען מיין ראָלע — איך קאָן.

זי האט א קוק געטהאָן אויף מיר אָהן צוטרויען, האט געוואָלט עפּעס זאָגען און זיך פערכאַפּט.

— איהר האט איהם ערוואַרטעט אין סאָרענטאָ — האב איך ווייטער גערעדט — איהר האט זיך געזעהן מיט איהם אין מיכאַילאָווקע, איהר זייט געפּאָהרען מיט איהם רייטענדיג...

— פון וואַנען ווייסט איהר?... — האט זי געהאט אָנגעהויבען.

— איך ווייס שוין... אַלסדינג ווייס איך...

— אייער פּנים ווייזט זיך מיר אויס ווי בעקאַנט — האט זי געזאָגט — אבער ניין...

— ניין, איך בין אייך ניט בעקאַנט.

— טאָ וואס־זשע ווילט איהר?

— איך ווייס שוין וואס — האב איך אַלץ גע'טענה'ט.

איך האָב גאַנץ גוט פערשטאַנען, אז איך האָב זיך געדאַרפט בענוצען מיט דעם אויסגעצייכענטען אָנפאַנג און געהן ווייטער, אז מיין טענה: „איך ווייס אַלעס," איז געוועזן לעבערליך — אבער מיין אויפרעגונג איז געוועזן אזוי גרויס, די דאָזיגע אונערוואַרטעטע בעגעגעניש איז געוועזן אזוי אונערוואַרטעט און האט מיך אזוי צומישט,

אז איך האב זיך פערלאָרען, און בין בשום אופן נים אימשטאנד געווען צו זאָגען עטוואָס אַנדערעס. דערצו נאָך, האב איך טאקע מעהר גאָר־נישט געוואוסט. איך האב געפיהלט, אז איך בענאַרריש זיך, איך האב געפיהלט, אז פון דעם געהיימניספולען, אלוויסענדען וועזען, ווי איך האב זיך איהר אין אָנהויב געמוזט אויסווייזען, ווער איך שנעל פער־וואַנדעלט אין עפּעס אַ לעבערליכען גולם... אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען.

— איך ווייס שוין אלעס — האב איך ארויסגעמורמעלט נאָך אמאָל.

זי האט א קוק געטהאָן אויף מיר, איז פלינק אויפגעשטאַנען און געוואָלט אוועקגעהן.

אָבער דאָס איז שוין געווען צו הארט. איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאר א האנד.

— אום גאָטעס ווילען — האב איך אָנגעהויבען — זעצט זיך, הערט מיך אוים...

זי האט א ווייַלע געטראַכט און זיך געזעצט.

— איך האב אייך נור וואס געזאָגט — האב איך גענומען ריידען מיט היץ — אז איך ווייס אלעס — דאס זיינען נארישקייטען. איך ווייס גאָרניט, לחלוטין גאָרניט; איך ווייס ניט, ניט ווער איהר זייט, ניט ווער ער איז, און אויב איך האב אייך געקאָנט איבעררואשען מיט דעם, וואס איך האב אייך איצט געזאָגט דאָרט ביים זייל, טאָ שרייבט עס צו א צופאַל, אַן אונפערשטענדליכען צופאַל, וועלכער האט עפּעס אזוי, ווי אויף געלעכטער, צוויי מאָל און כמעט אויף דעם אייגענעם אופן צוזאמען געפיהרט מיך מיט אייך, און מיך געמאכט פאר א ניט ווילענדיגען עדות פון דעם, וואס איהר וואָלט אפשר וועלען בעהאַלטען אין געהיים...

און איך האב גלייך, אָהן אלע קונצען, איהר דערצעהלט אלעס: מיינע בעגעגענישען מיט איהר אין סאָרענטאָ, אין רוסלאנד, מיין אומזיסטען נאָכפרעגען זיך אין מיכאַילאָווקע, זאָגאר מיין געשפּרעך אין מאָסקווע מיט פרוי שליקאָווא און איהר שוועסטער.

— איצט ווייסט איהר אלעס — האב איך ווייטער גערעדט, ענ־דיגענדיג מיין ערצעהלונג — איך וועל אייך דאָ ניט נעהמען בע־שרייבען, וואס פאר א שטארקען איינדרוק איהר האט אויף מיר גע־

מאַכט: זעהן אייך און ניט בעצויבערט ווערען פון אייך — איז ניט מעגליך. פון דער אַנדערער זייט, איז ניט נויטיג אייך צו זאָגען, פון וואס פאַר א מין דער דאָזיגער איינדרוק איז געווען. דערמאָנט זיך נור אונטער וואס פאַר א אומשטענדען איך האב אייך ביידע אַמאָל געזעהן... גלויבט מיר, איך בין ניט געניינט זיך איבערצוגעבען צו אונזיניגע האָפנונגען, אבער בעגרייפט אויך יענע אונאויסדריקליכע אויפרעגונג, וועלכע האט מיך בעהערשט, ווען איך האב אייך היינט דערזעהן, און, ענטשולדיגט מיך, ענטשולדיגט די נאַרישע כיטרעקייט, מיט וועלכער איך האב זיך בענוצט, אום צו צוציהען אייער אויפמערקזאַמקייט, כאָטש אויף איין אויגענבליק...

זי האט אויסגעהערט מיינע ערקלעהרונגען, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

— וואס־זשע ווילט איהר פון מיר? — האט זי, צום סוף, געזאָגט.

— איך?... איך וויל גאָרנישט... איך בין שוין אזוי אויך גליקליך... איך אַכטע צופיעל פרעמדע געהיימניסע.

— ווירקליך? פון דעסטוועגען האָט איהר ביז אַהער, דאַכט זיך... אגב — האט זי פאָרטגעזעצט — וויל איך אייך ניט מאַכען קיין פאָרווירפע. יעדערער אויף אייער פּלאַץ וואָלט געטהאָן דאס־זעלבע. דערצו האט דער צופאַל ווירקליך, מיט א מאָדנער איינגעשפּאַרטקייט, אונז צוזאמענגעפיהרט... דאס אליין גיט אייך עפּעס, ווי א רעכט אויף מיין אָפענהערציגקייט. אַלזאָ, הערט: איך געהער ניט צו יענעם סאָרט פרויען, אונפערשטענדליכע און אונגליקליכע, וועלכע פאָהרען אויף מאַסקען־בעלער, אום צו פּלוידערן מיט דעם ערשטען בעסטען וועגען זייערע ליידען, וועלכע זוכען הערצער מיט מיטגעפיהל.... איך דאַרף ניט קיינעמ'ס מיטגעפיהל; מיין אייגען האַרץ איז געשטאָרבען, און איך בין געקומען אַהער, אום עס אין גאַנצען צו בעגראָבען...

זי האט צוגעטראָגען א טיכעל צו די ליפּען.

— איך האָף — האָט זי ווייטער גערעדט מיט א געוויסער אָנשטרענגונג — אז איהר וועט ניט אָננעהמען מיינע ווערטער פאַר געוועהנליכע רייד, וואס מען הערט אימער אויף מאַסקען־בעלער. איהר דאַרפט פערשטעהן, אז מיר ליגעט דאס ניט אין'ם קאָפּ...

און, ווירקליך, איז אין איהר קול געווען עטוואס שרעקליכעס, ניט קוקענדיג אויף דער מערקווירדיגער ווייכקייט פון איהרע קלאנגען.

— איך בין א רוסישע — האט זי געזאגט אויף רוסיש — ביז אהער האט זי גערעדט אין דער פראנצויזישער שפראך — כאטש איך האב ווייניג געלעבט אין רוסלאנד... דעם נאמען מיינעם איז אייך ניט נויטיג צו וויסען. אננא פיאדאראוונא איז מיינע אן אלטע בע־קאנטע; איך בין ווירקליך געפאהרען קיין מיכאילאווקע אונטער איהר שוועסטער׳ס נאמען... דאן האב איך ניט געקענט זעהן זיך מיט איהם אפען... עס האבען שוין אהן דעם אויף זיך גענומען פערשפרייטען קלאנגען... דאן זיינען נאך געווען הינדערניסע — ער איז געווען ניט פריי... די דאזיגע הינדערניסע זיינען אצינד פערשוואונדען... אבער יענער, וועמעס נאמען עס האט געזאלט ווערען מיינער, יענער, מיט וועמען איהר האט מיך געזעהן, האט מיך אוועקגעווארפען.

זי האט געמאכט א בעוועגונג מיט א האנד און איז אנשוויגען געווארען...

— איהר קענט איהם ווירקליך ניט? האט זיך מיט איהם ניט געטראפען?

— קיין איין מאל ניט.

— ער האט כמעט די גאנצע צייט פערבראכט אין אויסלאנד. הגם, ער איז איצט דא... אט דאס איז מיין גאנצע געשיכטע — האט זי צוגעזעצט — איהר זעהט, אין איהר איז גישטא קיין געהיימ־ניסען, קיין בעזונדערע זאכען.

— און סארענטא? — האב איך ניט דרייסט געפרעגט.

— איך בין מיט איהם בעקאנט געווארען אין סארענטא — האט זי לאנגזאם געענטפערט און זיך פערטראכט.

מיר זיינען ביידע אנשוויגען געווארען. א מערקווירדיגע אונרו־היגקייט האט מיך בעהערשט. איך בין געזעסען נעבען איהר, נעבען יענער פרוי, וועמעס געשטאלט האט זיך אזוי אפט געטראגען אין מיין פאנטאזיע, האט אזוי פיעל מיך געמאטערט און גערייצט — איך בין געזעסען נעבען איהר און געפיהלט א קעלט און א שווערקייט אויפ׳ן הארצען. איך האב געוואוסט, אז פון דער דאזיגער בעגעגעניש וועט גארניט ארויסקומען, אז צווישען איהר און מיר איז געלעגען אן

אַבגרונד, אז ווען מיר וועלען זיך פאנאנדערגעהן, וועלען מיר זיך צו־שיידען אויף אייביג.

אויסגעצויגען דעם קאָפּ און ארונטערגעלאָזטביידע הענד אויף די קניע, איז זי געזעסען גלייכגילטיג און נאכלעסיג. איך קאָן די דאָזיגע נאכלעסיגקייט פון אן אונהיילבארען שמערץ, איך וויים די גלייכגילטיגקייט פון א שווערען אונגליק! מאסקעס און פּאָרלאָך זיינען פערבייגעגאנגען פאר אונז; די טענער פון א איינטאָניגען און משוגענעם וואלס האבען זיך דומפּף אָבגעקלונגען אין דער ווייטקייט און דאָ זיך דערטראָגען אין שארפע אויפברויזענדע אקאָרדען; שווער און אומעדיג האט אויף מיר געווירקט די פרעהליכע באל־מוזיק. „שווין־זשע — האב איך געטראכט — איז די דאָזיגע פרוי — די אייגענע, וועלכע האט זיך צו מיר אמאָל בעוויזען אין פענסטער פון יענעם ווייטען דאָרפישען הייזעל, אין דעם גאנצען גלאַנץ פון איהר טריי־אומפּירענדער שעהנהייט?... און דאָך, האט די צייט, דאכט זיך, זי ניט אָנגעריהרט. דער אונטערשטער טהייל פון איהר פּנים, וועלכער איז ניט געווען בעהאלטען מיט די שפּיצען פון איהר מאסקע, איז געווען כמעט קינדערש צארט; נור פון איהר האט געוועהעט מיט א קעלט, ווי פון א סטאטוע...

פּלוצים האט זי זיך אויסגעגלייכט, האט אריינגעקוקט אין צוויי־טען צימער און איז אויפגעשטאנען.

— גיט מיר אייער האנד — האט זי געזאָגט צו מיר — קומט שנעלער, שנעלער.

מיר האבען זיך צוריקגעקעהרט אין זאאל. זי איז געגאנגען אזוי שנעל, אז איך האב איהר קוים געקענט נאָכהאלטען. נעבען איינעם פון די זיילען האט זי זיך אָבגעשטעלט.

— לאָמיר דאָ אויסווארטען — האט זי ארויסגעשעפּצעט.

— איהר זוכט אימעצען? — האב איך געהאט אָנגעהויבען....

אבער זי האט מיר ניט געשענקט קיין שום אויפמערקזאמקייט. מיט א שארפען בליק האט זי זיך איינגעגעסען אין עולם. שמאכטענד און שטורעמדיג האבען פון אונטער דער שווארצער סאמעטענער מאס־קע געקוקט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען.

איך האָב זיך אומגעקוקט אין דער ריכטונג, וואוהין זי האָט גע־קוקט, און האב אלעס פערשטאנען... איבער'ן קאָרידאָר, וועלכער איז

בעשטאַנען פון אַ רייהע זיילען און דער וואַנד, איז געגאַנגען ער, יענער מאַן, וועמען איך האָב געטראָפען מיט איהר אין וואַלד. איך האָב איהם גלייך דערקאָנט: ער האט זיך כמעט גאָר ניט געענדערט. פונקט אזוי שעהן האבען זיך געקרויזט זיינע שוואַרצע וואָנצעס, מיט דערזעלבער רוהיגער און זעלבסטבעוואוסטער פּרעהליכקייט האבען געשיינט זיינע קאַרע אויגען. ער איז געגאַנגען ניט איילענדיג זיך, און, לייכט אָנגע־בויגען זיין דינע טאַליע, האט ער עפּעס דערצעהלט אַ פרוי, אין אַ מאַסקע, וועלכע ער האָט געפיהרט אונטער'ן האַנד. צוגעקומען צו אונז, האט ער פּלוצים אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַ קוק געטהאָן פריהער אויף מיר, דערנאָך אויף דער, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען, און האט זי, הפנים, דערקאָנט, דערקאָנט איהרע אויגען, ווייל זיינע ברעמען האבען לייכט אַ ציטער געטהאָן — ער האט זיך פערזשמורעט און אַ קוים בעמערקבאַרער, נור אַן אונערטרעגליך־פרעכער שמייכעל האט אַ שוועב געטהאָן אויף זיינע ליפּען. ער האט זיך איינגעבויגען צו זיין בעגלייטערין, האט איהר עפּעס איינגערוימט אויפ'ן אויער, יענע האט זיך גלייך ארומגעקוקט, זי האט שנעל אַ וואַרף געטהאָן אויף אונז די בלויאינקע אויגלאַך איהרע, זיך שטיל צולאַכט און האט איהם אַ סטראַשע געטהאָן מיט איהר קליין הענטעלע. ער האט לייכט פּערריסען איין אַקסעל, זי האט קאָקעטיש זיך צו איהם צוגעדריקט...

איך האב זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיין אונבעקאַנטער. זי האט נאָכגעקוקט דער אוועקגעהענדיגע פּאָרעל און פּלוצים, ארויסרייסענ־דיג פון מיר איהר האַנד, האָט זי זיך אַ וואַרף געטהאָן צו דער טהיר. איך האב געהאט זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך איהר, נור זי האט זיך אומ־געקעהרט און אזוי אַ קוק געטהאָן אויף מיר, אז איך האב זיך פאַר איהר ניעדריג פערנייגט און בין געבליעבען אויף אָן אָרט. איך האב פערשטאַנען, אז נאָכגעהן איהר וואָלט געווען גראָב און נאַריש.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, ברודער — האב איך אין אַ פערטעל שעה ארום געזאָגט צו מיינעם אַ בעקאַנטען — אַ לעבעדיגען אדרעס־קאַלענדער פון פּעטערסבורג — ווער איז דאס דער הויכער, שעהנער מאַן מיט די וואָנצעס?

— יענער? ... דאָס איז עפּעס אַן אויסלענדער, זעהר אַ רעטע־זעלהאַפטע פּערזאָן, וועלכע ווייזט זיך זעלטען ווען אויף אונזער האָרי־זאָנט. וואס איז?

— אזוי ! . . .

איך האב זיך אומגעקעהרט אהיים. פון יענער צייט אָן האב איך שוין מעהר אין ערגעץ ניט געטראָפען מיין אונבעקאנטע. וויסענדיג דעם נאָמען פון דעם מענשען, וועלכען זי האט געליעבט, וואָלט איך, וואהרשיינליך, סוף כל סוף, געקאָנט דערגעהן, ווער און וואס זי איז געווען, נור איך האב דאס אליין ניט געוואָלט. איך האב שוין פריי־הער געזאָגט, אז די דאָזיגע פרוי האט זיך צו מיר בעוויזען, ווי א טרוים — און ווי א טרוים איז זי פאר מיר פערבייגעגאנגען און פער־שוואונדען אויף אייביג.



# טוק... טוק... טוק...

## I.

מיר האבען זיך געזעצט ארום טיש — און אלעקסאנדר וואסיל־יעוויטש רידעל — אונזערער א גוטער בעקאנטער (דער פאמיליע נאָ־מען זיינער איז געווען א דייטשער, אבער אליין איז ער געווען א ריי־נער רוסישער) האט אָנגעהויבען אזוי:

— מיינע הערען, איך וועל אייך דערצעהלען א געשיכטע, וואס האָט זיך געטראָפען מיט מיר אין די דרייסיגער יאָהרען... מיט א יאָהר פערציג צוריק, ווי איהר זעהט. איך וועל עס מאכען קורץ — און איהר זאָלט מיך ניט אונטערברעכען.

איך האב דאן געוואוינט אין פעטערסבורג — און בין נור וואס ארויס פון אוניווערזיטעט. מיין ברודער האט געדיענט אין גוואר־דעיסקע ארטילעריע אלס פראפּאָרשציק. זיי באטארעע איז געשטאנען אין רויטען דאָרף — עס איז געווען זומער צייט. דער ברודער האָט גע־וואוינט ניט אין רויטען דאָרף גופא, נור אין איינעם פון די ארומיגע דערפלאך; איך בין ניט איין מאָל געקומען צו איהם צו גאסט און בין בעקאנט געוואָרען מיט אלע זיינע חברים. ער איז געשטאנען אויף קוואַרטיר אין א גאנץ זויבערען שטוב צוזאמען מיט א צווייטען אָפי־ציער פון זיין באטארעע. גערופען האט מען יענעם אָפיציער איליא סטעפאניטש טעגלעוו. מיט איהם האב איך זיך נאָהענט בעפריינדעט.

מארלינסקי *) איז איצט שוין אלט געוואָרען — קיינער לעזט איהם ניט — און מען לאכט זאָגאר פון זיין נאָמען; אבער אין די דרייסיגער יאָהרען האט זיין נאָמען געקלונגען מעהר פון אלע אנדערע שרייבער — און אפילו פושקין האט, נאָך דעם בעגריף פון דער דא־

*) א רוסישער שריפטשטעלער.

מאָלסדיגער יוגענד, זיך ניט געקענט פערגלייכען צו איהם. ער האט ניט נור געהאט א נאָמען פאר דעם גרעסטען רוסישען שרייבער, ער האט זאָגאר ביז א געוויסען גראד ארויפגעלייגט א שטעמפעל אויף זיין גאַנצען דור, וואס איז א סך שווערער און פאטירט א סך זעלטע־נער. מארלינסקי'ס העלדען האט מען געקענט טרעפען איבעראל, בע־זונדערס אין דער פּראָווינץ און גאָר בעזונדערס צווישען דאָס מילי־טער; זיי האבען גערעדט און בריעף געשריעבען מיט זיין שפּראך; אין געזעלשאפט האבען זיי זיך געהאלטען אַנגעכמורעט, איינגעהאל־טען — מיט „א שטורם אין דער נשמה און א פלאקער אין'ם בלוט," ווי דער לעיטענאַנט ביעלאָזאָר פון מארלינסקי'ס ראָמאַן „פרעגאַט נאַ־דיעזשדאַ." פרויען הערצער האבען זיי געשלונגען מיט די אויגען. זיי האט מען דאַן א נאָמען געגעבען „די פאַטאַלע." דער דאָזיגער טיפ האט זיך, ווי בעוואוסט, לאַנג, לאַנג איינגעהאַלטען. ביז אין די צייטען פון פעטשאָרין'ן *), וואס־וואס איז ניט געווען אין דעם דאָזיגען טיפּ? אי בייראָניזם, אי ראָמאַנטיזם; עראינערונגען פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, פון די דעקאַבריסטען — און פערגעטערונג פון נאַפּאָ־לעאָן; דער גלויבען אין שיקזאַל, אין שטערן, אין דער קראַפט פון כאַ־ראַקטער, די ליעבע צו פראַזען, צו בלומרשטיגען אָריגינאַליטעט און ביינקעניש פון דער ארומיגער פּוסטקייט. קליינליכע אייגענליעבע און אמת'ע קראַפט און געוואַגטקייט; עדעלע שטרעבונגען — און א שלעכטע ערציהונג, אונוויסענהייט; אַריסטאָקראַטישע פרעטענזיעס — אין נאַרישע בעריהמערייען.... נור, דאָך, גענוג צו פילאָזאָפי־רען... איך האב פערשפּראָכען צו דערצעהלען.

---

## II.

דער פּאָרוטשיק טעגלעוו האָט גראַדע געהערט צו יענעם טהייל „פאַטאַלע" מענשען, כאָטש אין זיין אויסערליכקייט איז ניט געווען קיין שום פאַטאַלעס. ער איז געווען א מענש פון מיטעל וואוקס, א

---

*) פעטשאָרין איז דער נאָמען פון דעם העלד אין בעוואוסטען ווערק פון גרויסען רוסישען דיכטער לערמאָנטאָוו: „דער העלד פון אונזער צייט."

גאַנץ שטאַרקער, אביסעל אַן איינגעהויקערטער, א העל־בלאָנדער; א פּנים האָט ער געהאַט א רונדען, א פרישען, מיט רויטע באַקען, א פּער־ריסענער נאָז, א נידעריגען, פערוואַקסענעם שטערן און גרויסע, גלייכ־מעסיגע, שטענדיג אונבעוועגליכע ליפּען: ער האָט קיין מאָל ניט גע־לאַכט, ניט געשמייכעלט אפילו. נור זעלטען־ווען, אז ער האָט זיך איינ־געמאַטערט און שווער געאָטהעמט, האָבען זיך געזעהן זיינע פּיער־קאַנטיגע צייהן, ווייסע, ווי צוקער. דיזעלבע קינסטליכע אונבעוועג־ליכקייט איז געווען צושפּרייט איבער אַלע זיינע שטריכען: אָהן דעם וואָלט ער געהאַט א גאַנץ גוטמוטהיגען אויסזעהן. אין זיין גאַנץ פּנים זיינען בלויז אונגעוועהנליך געווען זיינע אויגען, ניט קיין גרויסע, מיט גרינע שוואַרצאַפּלען און געלע לעדלאַך: דאָס רעכטע אויג איז געווען עטוואָס העכער פון דעם לינקען, און דאָס לינקע אויג האָט זיך גע־פענט ווייניגער פון דעם רעכטען; דאָס האָט צוגעגעבען זיין בליק א מין פערשיעדענאַרטיגקייט און פערשלאָפענקייט. טעגלעוו'ס פּנים, וועלכער האָט געהאַט אויך געוויסע אַנגענעהמע שטריכען, האָט שטענ־דיג אויסגעדריקט אונצופרידענהייט און א מין פערוואונדערונג, פּונקט ווי ער וואָלט נאָכגעפאָלגט אינעווייניג אין זיך נאָך עפּעס א מין ניט פרעהליכען געדאַנק, וועלכען ער האָט בשום אופן ניט געקענט כאַפּען. מיט דעם אַלעמען האָט ער ניט געמאַכט קיין איינדרוק פון קיין בעל גאוה: איהם האָט מען גיכער געקענט אָננעהמען פּאַר א בעליידיגטען, ווי פּאַר א שטאָלצען מענשען. גערעדט האָט ער זעהר ווייניג, מיט א הייזעריגען קול, לייכט שטאַמלענדיג און ווידער׳האָלענדיג די ווערטער. אין נעגענזאַץ צו דער גרעסטער טהייל פאַטאַליסטען, האָט ער קיין בעזונדערס געפּליעגעלטע פראַזען ניט געברויכט — און האָט זיך בע־נוצט מיט זיי נור אין בריעף. א האַנדשריפט האָט ער געהאַט גאָר א קינדערשע. די פּאָרגעזעצטע האָבען איהם געהאַלטען פּאַר אַן אָפּי־ציער „אַזוי זיך" — ניט קיין איבעריגס פעהיגען און ניט גאָר קיין פלייסיגען. „ער בעזיצט א געוויסע פּינקטליכקייט — אבער קיין אַקור־ראַטנעקייט האָט ער ניט" — האָט וועגען איהם געזאָגט דער בריגאַד־נער גענעראַל פון דייטשער אָבשטאַמונג. און פּאַר די סאָלדאַטען איז טעגלעוו אויך געווען „אַזוי זיך" — ניט קיין פיש און ניט קיין פלייש. געלעבט האָט ער איינפאַך, נאָך זיין פערמעגען נאָך. פון זיין נײַנטען יאָהר, איז ער געבליעבען א יתום: זיין פאָטער און מוטער זיינען דער־

טרונקען געוואָרען אין פריהלינג, זיך איבערשיפענדיג אין א פּאראָם איבער דער טייך אָקאָ. ער האט זיך ערצויגען אין א פּריוואט פּאנ־סיאָן, וואו ער האָט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די טעמפּסטע און רוהיגסטער שילער; אריינגעטראָטען אהין איז ער מיט זיין אייגענעם פערלאנג און דורך דער רעקאָמענדאציאָן פון זיינעם אן עלטער פעטער, א מענשען מיט אן איינפלוס, א יונקער אין דער גווארדעיסקער אר־טילעריע — און ער האט, אמת מיט מאטערניש, אבער דאָך אויסגע־האלטען עקזאמען, פריהער אויף פּראפּאָרשציק און דערנאָך אויף פּאָ־רוטשיק. מיט די איבעריגע אָפיציערען האט ער זיך געהאלטען אבי־סעל אָנגעצויגען. מען האט איהם ניט געליעבט, זעלטען איהם בעזוכט — און ער אליין איז כמעט צו קיינעם ניט געגאנגען. די אנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען האט איהם געשטערט; ער פלעגט גלייך ווערען אוננאטירליך און ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן מיט זיך.... ער האט ניט געהאט די אייגענשאפטען פון א חבר — און האט צו קיינעם ניט געזאָגט „דו." אבער איהם האט מען רעספּעקטירט; און רעספּעקטירט האט מען איהם ניט פאר זיין כאראקטער אדער פערשטאנד און ביל־דונג — נור דערפער, ווייל מען האט אנערקענט אין איהם יענעם בעז־זונדערען שטעמפּעל, מיט וועלכען עס זיינען געשטעמפּעלט די „פאַ־טאלע" מענשען. אז טעגלעוו זאָל מאכען א קאריערע, אז טעגלעוו זאָל זיך אין עפּעס אויסצייכענען — דאָס האָט קיינער פון זיינע מיט־בעדיענטע ניט ערווארטעט; אָבער, „אז טעגלעוו וועט אָפּטהאָן עפּעס אן אונגעוועהנליכען שפּיצעל", אָדער: „טעגלעוו וועט נעהמען און פּלוצים ווערען א נאַפּאלעאָן" — דאָס האָט מען ניט געהאלטען פאר אונמעגליך. ווייל דאָס האָט שוין ניט צו טהאָן מיט זיינע פעהיגקיי־טען, דאָ אַרבייט שוין „זיין שטערן" — און א מענש איז ער מיט א „פאַראוים בעשטימטער צוקונפט" — ווי געוועהנליך אַלע פאטאלע מענשען.

---

### III.

צוויי צופאלען, וועלכע האָבען פּאסירט גאָר אין אָנהויב פון זיין אָפיציער דיענסט, האָבען פיעל בייגעטראָגען שטארקער צו מאכען

זיין פּאַטאַלע רעפּוטאַציע. און נעמליך: אין דעם ערשטען טאָג, וואָס ער איז געוואָרען אָפיציער — ארום מיטען פון מאָנאַט מערץ — איז ער צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע נייע אָפיציערען געגאַנגען אָנגעטהאָן אין זיין פּאַראַדנער יוניפאָרם, איבער דער נאַבערעזשנער. אין יענעם יאָהר איז געווען אַ פריהער פריהלינג, דער טייך נעווא האָט זיך גע־עפענט; די גרויסע קריעס איז זיינען שוין אַוועק — נור דער גאַנצער טייך איז נאָך געווען פול מיט קליינע שטיקלאַך אייז איינגעזאַפּטע אין וואַסער. די יונגע לייט האָבען גערעדט, געלאַכט... פלוצים האָט זיך איינער פון זיי אָבגעשטעלט: אויף דער בעוועגליכער אָבער־פלעכע פון טייך, ארום צוואַנציג טריט פון ברעג, האָט ער דערזעהן אַ קליין הינטעל. זיך ארויפגעקליבען אויף אַ אויבערשטע קריע אייז, האָט ער געציטערט מיט׳ן גאַנצען קערפּער און געסקאַוואָטשעט. „ער וועט דערטרונקען ווערען״ — האָט ארויסגערעדט דער אָפיציער צווי־שען די ציינער. דער הינטעל, זיצענדיג אויף דעם שטיק אייז, האָט זיך שטיל פערביינעטראָגען, פאַר איינעם פון די אָבהאַנגען, וועלכע האָ־בען זיך געפונען ארום דער נאַבערעזשנער. פלוצים האָט טעגלעוו ניט ריידענדיג אַ וואָרט, אריבערגעלאָפען איבער דעם דאָזיגען אראָבהאַנג — און, שפּרינגענדיג איבער דעם דינעם אייז, זיך אויסגליטשענדיג און איבער אַ נייעם אויפשפּרינגענדיג, זיך דערשלעפּט צום הינטעל, אָנגעכאַפּט איהם פאַר׳ן נאַקען און, אומגעקעהרט זיך בשלום צוריק אויפ׳ן ברעג, האָט ער אַ וואָרף געטהאָן דעם הינטעל אויפ׳ן טראָטואַר. די געפאַהר, אין וועלכער טעגלעוו האָט זיך געוואָרפען, איז געווען אַזוי גרויס, זיין האַנדלונג אַזוי אונערוואַרטעט, אַז די חברים זיינען געשטאַ־נען, ווי פאַרגליווערט — און ערשט דאַן האָבען זיי גענומען ריידען אַלע מיט איין מאָל, ווען ער האָט צוגערופען אַ איזוואָשטשיק, אום צו פאָהרען צו זיך אהיים; זיין מונדיר איז געווען אין גאַנצען נאַס. אַלס אַן ענטפער אויף זייער בעוואונדערונג, האָט טעגלעוו גלייכגילטיג געענטפערט, אַז דאָס, וואָס איז איינעם אָנגעשריעבען געוואָרען פון זיין געבורט אָן, דאָס וועט איהם ניט מיידען — און געהייסען דעם איזוואָזשטשיק פאָהרען.

— דו נעהם כאָטש דעם הונד מיט אַלס אַן אנדענקען — האָט אַ געשריי געטהאָן איינער פון די אָפיציערען. אָבער טעגלעוו האָט

בלויז מיט א האנד א מאך געטהאן — און די חברים האבען זיך איבער־געקוקט צווישען זיך אין שטילער פערוואונדערונג.

דער צווייטער צופאל האט געטראפען אין א פאאר טעג ארום, אויף אן אבענד ביים באטאריענעם קאמאנדיר בעת'ן שפיעלען אין קארטען. טעגלעוו איז געזעסען אין א ווינקעל און ניט אנטהייל גענומען אין דעם שפיעלען.

— עך, ווען מיר וואלט מיין באבע, אזוי ווי אין פושקינ'ס פי־קאוועד דאמע, אפריהער געזאגט, וועלכע קארטען עס דארפען גע־ווינען! — האט א געשריי געטהאן איינער א פראפארשציק, וועלכער האט פערשפיעלט שוין דעם דריטען טויזענדער.

טעגלעוו איז שווייגענדיג צוגעקומען צום טיש, האט גענומען דעם טאש קארטען, האט אבגעהויבען — און ארויסגערעדט: א זעקסטעל שעלן! — ער האט איבערגעקעהרט די טאש: פון אונטען איז געוועזן א זעקסטעל שעלן. — טויז טראנף! — האט ער געזאגט און ווידער אבגעהויבען: פון אונטען איז געוועזן די טויז טראנף — קעניג שעלן! — האט ער ארויסגערעדט צום דריטען מאל מיט א בייזען שעפטצען, צווישען צוזאמענגעדריקטע צייהן — האט געטראפען צום דריטען מאל און איז פלוצים געווארען אין גאנצען רויט. הפנים, אז ער האט עס אליין ניט ערווארט.

— אן אויסגעצייכענטער קונץ! ווייזט עפעס נאך. — האט געזאגט דער קאמאנדיר.

— איך פארנעהם זיך ניט מיט קונצען -- האט געענטפערט טעגלעוו טרוקען — און איז ארוים אין צווייטען צימער.

אויף וואס פאר א אופן עס האט פאסירט, וואס ער האט אזוי ריכטיג געטראפען דעם קארט — נעהם איך זיך ניט אן צו ערקלעה־רען: נור געזעהן האב איך עס מיט מיינע אייגענע אויגען. נאך איהם האבען פיעלע פון די אנוועזענדע שפיעלער פרובירט מאכען דעם זעל־בען קונץ — אבער קיינעם האט זיך דאס ניט איינגעגעבען: איין קארט האט נאך אימיצער מאנכעס מאל געטראפען, נור צוויי נאכא־נאנד — בשום אופן ניט. און טעגלעוו האט געטראפען גאנצע דריי מאל! דער דאזיגער צופאל האט נאך מעהר פערשטארקט זיין נאמען, אלס א געהיימניספולען, פאטאלען מענשען. מיר איז אפט געקומען אויפ'ן זינען, אז ווען עס גיט זיך איהם ניט איין דער קונץ מיט די

קארטען — ווער ווייס וואס פאר א ווענדונג עס וואלט דאן אנגענו־מען זיין זאגענאנטע געהיימניספולקייט, און ווי ער אליין וואלט אויף זיך געקוקט; אבער דער דאזיגער אונערוואַרטעטער ערפאלג האט אין גאנצען געענדיגט די זאך.

---

## IV.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז טעגלעוו האט זיך שטארק אנגעכאפט פאר דעם דאזיגען נאמען. ער האט איהם צוגעגעבען בע־דייטונג, א בעזונדערען אינטערעס... ביי זיין ניט גרויסען פער־שטאנד, וויינינ בילדונג און זעהר גרויסער אייגענגליעבע — איז אזא מין שם געווען, ווי געוואונשען. פארדיענען אזא שם איז געווען שווער, אבער אנהאלטען איהם — איז געווען א קלייניגקייט: מען האט נור געדארפט שווייגען און זיך האלטען אביסעל פערווילדעט. נור ניט צוליעב זיין נאמען, האב איך זיך בעפריינדעט מיט טעגלעוו'ן — און, מען קען זאגען, איהם ליעב געקראגען. ליעב געקראגען האב איך איהם דערפאר, ווייל ערשטענס, בין איך אליין געווען שוין אביסעל ווילד, און האב אין איהם געזעהען א מיט־ברודער; און צווייטענס אויך דערפאר, ווייל ער איז געווען א גאנץ גוטער — און אין דער אמת'ן זעהר א איינפאכער מענש. ער האט ביי מיר ארויסגערופען א מין בעדויערען; מיר האט זיך געדאכט, אז אויסער דער איינגערעדטער פאטאליטעט, ערוואַרטעט איהם ווירקליך א טראגישער שיקזאל, פון וועלכען ער אליין האט אפילו קיין אהנונג ניט. עס פערשטעהט זיך, אז דעם דאזיגען געפיהל האב איך איהם ניט ארויסגעוויזען: ערוועקען מיטלייד — קען דען זיין א גרעסערע בעליידיגונג פאר אזא סארט מענשען? און טעגלעוו גופא האט אויך געפיהלט א פריינדשאפט צו מיר: מיט מיר האט ער זיך געפיהלט לייכט, מיט מיר האט ער גע־שמועסט — אין מיין געגענווארט האט ער ביי זיך געפועלט אראבצו־קריעכען פון יענעם מאדנעם פיעדעסטאל, אויף וועלכען מען האט איהם ארויפגעשטופט, אי ער אליין האט זיך ארויפגעדראפעט. זייענ־דיג שרעקליך אייגענליעביג, האט ער, וואהרשיינליך, אין דער טיעפע־

ניש פון זיין נשמה געפיהלט, אז ער האט אייגענטליך ניט מיט וואס בעזונדערס צו שטאלצירען, אז קיין זאך רעכטפערטיגט ניט זיין אייגענליעבע — און, אז אנדערע קענען אויף איהם זאגאר קוקען פון אויבען אראב... און איך, א נייגצעהן יאהריגער אינגעל, האב איהם ניט געשטערט; די מורא צו זאגען עטוואס, וואס איז ניט קלוג, ניט אם פלאץ, האט, אין מיין געגענווארט, ניט צוזאמענגעדריקט זיין שטענדיג ציטערענדעס הארץ. עס פלעגט טרעפען, אז ער זאל זיך גאר צופלוידערן; און אזוי וואויל איז איהם, וואס קיינער, אויסער מיר, האט ניט געהערט זיינע רייד! זיין שם וואלט זיך ניט לאנג איינגעהאלטען. ער האט ניט נור זעהר ווייניג געוואוסט — ער האט כמעט גארניט געלעזען, און האט זיך בענוגענט דערמיט, וואס ער האט אנגעכאפט עטליכע מעשה'לאך און אנעקדאטען. ער האט געגלויבט אין פארגעפיהלע; וואהרזאגונגען, סמנים, באגעגענישען, אין גליקליכע און אונגליקליכע טעג, און פערפאלגונג פון דעם שיקזאל און אין גוטען מזל, מיט איין ווארט, אין דער וויכטיגקייט פון לעבען. פאטאלע מענשען פון דעם אמת'ן שניט טארען ניט אויסדריקען אזעלכע געדאנקען און אזא מין גלויבען: זיי דארפען עס איינפליסען די אנדערע... אבער טעגלעוו'ן, האט פון דיעזער זייט, געוואוסט נור איך אליין.

## V.

---

איינמאל, איך געדענק, עס איז געווען ארום צוואנציגסטען יולי, בין איך געפאהרען צוגאסט צום ברודער — און האב איהם ניט געטראפען: מען האט איהם אוועקגעשיקט וואו עס איז אויף א גאנצע וואך. אומקעהרען זיך צוריק אין פעטערסבורג האב איך ניט געוואלט; איך האב זיך ארומגעשלעפט מיט'ן ביקס איבער די ארומיגע בלאטקעס, האב דערשאסען א פאאר שנעפפען, און דעם אבענד האב איך פערבראכט מיט טעגלעוו'ן, אונטער דעם וועטער דאך פון א ליידיגען שפייכלער, אין וועלכען, ווי ער האט זיך אויסגעדריקט, ער האט איינגעארדענט זיין זומער וואהנונג. מיר האבען געפלוידערט אביסעל,

הגם מעהרסטענטהיילס האבען מיר געטרונקען טהעע, געראוכערט ליול־קעס און געשמועסט מיט'ן בעל הבית, א רוסיפיצירטען טשוכאנעץ, אדער מיט דעם הענדלער, וועלכער האט זיך רק ארומגעדרעהט ארום דאס מיליטער מיט אפעלסינען און ציטרינען, א וואוילען מענשען, א שפאסמאכער און וויצלינג, וועלכער האט אויסער אנדערע טאלאנ־טען געקענט שפיעלען אויף א גיטארע און האט אונז דערצעהלט וועגען זיין אונגליקליכער ליעבע, וואס ער — האט אמאל געפיהלט אין דער יוגענד צו דער טאכטער פון א וואנדערער. געקומען אין די יאהרען, האט דער דאזיגער דאן זשואן שוין ניט געוואוסט מעהר פון אונגליק־ליכע ליעבעס.

פאר די טויערען פון אונזער שפייכלער, האט זיך צושפרייט, וואס ווייטער אלץ טיעפער ווערענדיג, א ברייטער פעלד; א קליין טייכעל האט זיך געשליינגעלט און ערטערוויז געבליסטשעט; ווייטער אויפ'ן האריזאנט האבען זיך געזעהען נידעריגע וועלדער. די נאכט איז צוגע־פאלען, און מיר זיינען געבליבען אליין. צוזאמען מיט דער נאכט האט זיך אראבגעלאזען אויף דער ערד א דינע, לייכטע פארע, וועלכע איז וואס ווייטער אלץ מעהר און מעהר געוואקסען, ביז עס האט זיך צום סוף פערוואנדעלט אין א געדיכטען טומאן. די לבנה איז אויפגעגאנגען אויפ'ן הימעל: דער גאנצער טומאן איז געווארען דורכגענומען און ווי פערזילבערט מיט איהר שיין. אלעס האט זיך עפעס מאדנע אוועק־גערוקט, איינגעדעקט און זיך אויסגעמישט. דאס ווייטע האט אויס־געזעהן נאהענט, דאס נאהענטע ווייט, דאס גרויסע קליין, דאס קליינע גרויס... אלעס איז געווארען ליכטיג און ניט קלאהר. מיר האבען זיך עפעס ווי אוועקגעטראגען אין א פאנטאסטישער קעניגרייך, אין א קעניגרייך פון ווייס־גאלדענעם נעבעל, פון טיעפער שטילקייט און לייכטען שלאף... און ווי געהיימניספול, ווי בעזילבערטע פונקענד־לאך האבען געפינקעלט פון אויבען די שטערן! מיר זיינען ביידע אנשוויגען געווארען. דער פאנטאסטישער אויסזעהן פון דער דאזיגער נאכט האט אויף אונז געווירקט: מיר האבען אנגעהויבען טרוימען.

---

## VI.

טעגלעוו האט גענומען ריידען דער ערשטער, מיט זיין געוועהנ־ליכען ניט דעררייידען, מיט די ווידערהאלטונגען און מיט דעם שטאַ־קען אין מיטען דערינען, וועגען פאַרגעפיהלען... פונקט אין אזא נאַכט, האט נאָך זיינע רייד, איינער, א בעקאנטער סטודענט זיינער, וועלכער האט געהאט נור וואָס אַנגעקומען אלס גובערנער צו צוויי יתומים און האט זיך בעזעצט צוזאמען מיט זיי אין פאוויליאָן, אין גאָרטען — דערזעהן א פרויען־פיגור אריבערגעבויגען איבער זייערע בעטען, און אויף דעם צווייטען טאָג האט ער דערקענט די דאָזיגע פיגור אין דעם בילד פון דער מוטער פון די יתומים, וועלכען ער האט ביז אהער ניט באמערקט, הייגנענדיג אויף דער וואנד. דערנאָך האט מיר טעגלעוו דערצעהלט, אז זיינע עלטערן, האט זיך מיט עטליכע טעג פאר זייער טויט, אלץ געדאכט, אז זיי הערען דאָס רוישען פון וואַ־סער; אז דער זיידע זיינער זאָל האָבען אין דער שלאכט ביי באָראָ־דינא זיך געראטעוועט פון טויט דערמיט, וואס ער האט דערזעהן אויף דער ערד א פראָסטען גרויען שטיין, האט ער זיך איינגעבויגען איהם אויפהויבען — און אין דער זעלבער רגע איז א קויל פערביינעפלויגען איבער זיין קאפ און צוהאקט זיין לאנגע, שווארצע היטעל. טעגלעוו האט מיר זאָגאר צוגעזאָגט צו ווייזען דעם דאָזיגען שטיינדעל, וואס האט געראטעוועט זיין זיידען'ס לעבען און וועלכען ער האט אריינ־געפאסט אין א מעדאליאָן. דערנאָך האט ער דערמאָנט וועגען דעם בערוף פון יעדען מענשען און וועגען זיין אייגענעם אין בעזאָנדערס, ער האט געזאָגט, אז ער גלויבט שטארק אין זיין בערוף און, ווען ער זאָל ווען עס איז נעהמען צווייפלען אין דעם, וועט ער דאַן מאכען א סוף צו אלסדינג צוזאמען מיט'ן לעבען, ווייל דער לעבען וועט דאַן פערבלירען ביי איהם יעדע בעדייטונג. „איהר, קען זיין, דענקט, האט ער ארויסגערעדט, קוקענדיג אויף מיר פון דער זייט, אז ביי מיר וועט אויך דערויף ניט כאפען קיין מוטה? איהר קענט מיך ניט... איך האָב אַן אייזערנעם ווילען!"

— גוט געזאָגט — האָב איך א טראכט געטהאַן פאר זיך.

טעגלעוו האט זיך פערטראכט, טיעף א זיפץ געטהאַן און, ארויס־

לאָזענדיג די פּיפּקע פון די הענד, האָט ער מיר ערקלעהרט, אז היינ־טיגער טאָג איז פאַר איהם זעהר א בעדייטענדער. — היינט איז דער טאָג פון איליא — מיין געבורטסטאָג... דאָס... דאָס איז פאַר מיר אימער א שווערע צייט.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט און נור געקוקט אויף איהם ווי ער איז געזעסען פאַר מיר, אַן איינגעבויגענער, סוטולאָוואַטער, ניט קיין ריהרעוודיגער, מיט א פערשלאָפענעם און אַנגעכמורעטען בליק איינגעגעסען אין דער ערד.

— היינט — האָט ער ווייטער גערעדט — האָט איינע, אַן אַל־טינקע בעטלערקע (טעגלעוו האָט ניט דורכגעלאָזען קיין איין בעטלער, ער זאָל איהם ניט געבען א נדבה) מיר געזאָגט, אז זי וועט תפלה טהאָן פאַר מיין נשמה... איז דאָס דען ניט מערקווירדיג?

— ווי עס ווערט עס ניט מיאוס א מענשען שטענדיג צו טראַכ־טען פון זיך אליין! — האָב איך ווידער א טראַכט געטהאָן. דאָך מוז איך מודה זיין, אז די לעצטע צייט, האָב איך באַמערקט א ניט געוועהנליכען אויסדרוק פון זאָרג און אונרוהיגקייט אויף טעגלעוו'ס פנים, דאָס איז געווען ניט זיין געוועהנליכע „פּאַטאַלע" מעלאַנכאָליע; עטוואָס האָט איהם אויף אַן אמת געגריזשעט און געמאַטערט. און אויך דיעזען מאָל האָט מיך איבערראַשט די אומעדיגקייט, וועלכע איז געווען צושפּרייט אויף אַלע זיינע שטריכען. האָבען אפשר שוין ערוואַכט אין איהם יענע צווייפעל, וועגען וועלכע ער האָט גערעדט? טעגלעוו'ס חברים האָבען מיר דערצעהלט, אז ניט לאַנג פאַר דעם, האָט ער גע־שיקט צו זיינע פאָרגעזעצטע א פּראָיעקט וועגען געוויסע רעפאָרמען אין דער אָבטהיילונג פון געוועהר, און אז דעם דאָזיגען פּראָיעקט האָט מען איהם אומגעקעהרט צוריק מיט „א צושריפט", דאָס הייסט מען האָט איהם אויסגעזידעלט. קענענדיג זיין כאַראַקטער, האָב איך ניט געצווייפעלט, אז אַזאַ מין פערהאַלטען זיך פון די פאָרגעזעצטע, האָט איהם שטאַרק בעליידיגט. נור דאָס וואָס מיר האָט זיך אויסגע־וויזען אין טעגלעוו'ן, איז מעהר עהנליך געווען אויף א בענקעניש, האָט געהאַט א מעהר פערזענליכען כאַראַקטער.

— דאָך, עס ווערט פּייכט — האָט ער פּלוצים ארויסגערעדט און א מאַך געטהאָן מיט די פּלייצעס — לאָמיר געהן אין שטוב אריין... עס איז שוין צייט שלאָפען געהן. — ער האָט געהאַט א גע־

וואוינהייט צו מאכען מיט די אקסלען און דרעהען דעם קאפ פון איין זייט אין דער אנדערער, פונקט, ווי דער האלזטוך וואלט איהם ענג געווארען, דערביי האט ער זיך אנגעכאפט מיט דער רעכטער האנד פאר'ן האלז. מיר האט זיך דאן אויסגעדאכט, אז טעגלעוו'ס גאנצער כאראקטער האט זיך אויסגעדריקט אין דער דאזיגער אומעדיגער און נערוועזער בעוועגונג. איהם אליין איז אויך געווען ענג אויף דער וועלט.

מיר האבען צוריקגעקעהרט אין הויז און זיך געלייגט יעדער בעזונדער אויף א באנק, ער אין איין ווינקעל, איך — אין א צווייטען, אויף אויסגעבעטע הייה.

## VII.

טעגלעוו האט זיך לאנג ארומגעדרעהט אויף זיין באנק, און איך האב אויך ניט געקענט איינשלאפען. צו האבען זיינע מעשה'ס אויפגערעגט מיינע נערוועז, צו די מערקווירדיגע נאכט האט צורייצט מיין בלוט — איך ווייס ניט; נור איינשלאפען האב איך ניט געקענט. אפילו יעדער פערלאנג צו שלאפען איז ענדליך פערשוואונדען, און איך בין געלעגען מיט אפענע אויגען און געטראכט, אנגעשטרענגט געטראכט. איין גאט ווייסט וועגען וואס, וועגען די נארישסטע קלייניגקייטען — ווי עס פאסירט געוועהנליך אין א צייט פון שלאפלאזיגקייט. זיך איבערקעהרענדיג פון איין זייט אויף דער אנדערער, האב איך אויסגעצויגען די הענד... מיין פינגער האט זיך אנגעקלאפט אן א ברעט פון וואנט. עס האט זיך דערהערט א שוואכער, נור א הילכענדיגער און עפעס ווי אויסגעצויגענער קלאנג... איך האב מסתמא געטראפען אין א פוסטען פלאץ.

איך האב נאך אמאל א קלאפ געטהאן מיט'ן פינגער... שוין אורמיסטנע. דער קלאנג האט זיך ווידערהאלט. איך ווידער... פלוצים האט טעגלעוו אויפגעהויבען דעם קאפ.

— רידעל — האט ער ארויסגערעדט — איהר הערט, אימעצער קלאפט אונטער'ן פענסטער.

איך האָב זיך געמאכט שלאָפענדיג. מיר האָט זיך פּלוצים פער־וואָלט מאכען אביסעל שפּאַס פון מיין פאטאלען חבר. אלץ איינם — שלאָפט זיך ניט.

ער האָט אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אויפ'ן קישען. איך האָב אבגע־ווארט אביסעל און ווידער אָנגעקלאפּט דריי מאָל נאָכאנאנד.

טעגלעוו האָט זיך ווידער עטוואָס אויפגעהויבען און גענומען צו הערען זיך.

איך האָב ווידער אָנגעקלאפּט. איך בין געלעגען מיט'ן פּנים צו איהם, אָבער מיין האנד האָט ער ניט געקענט זעהן... איך האָב זי פערוואָרפען אויף הינטען, אונטער'ן קאָלדרע.

— רידעל! — האָט א געשריי געטהאָן טעגלעוו.

איך האָב זיך ניט אָבגערופען.

—רידעל! — האָט ער וויז'ערהאָלט אין דער הויך — רידעל!

— א? וואָס איז? — האָב איך ארויסגערעדט, ווי פערשלאָפען.

— איהר הערט ניט, אימעצער האלט אין איין קלאפּען אונטער'ן פענסטער. בעט זיך אין שטוב אריין, צו וואָס?

— א פאַרבייגעהער מסתמא... — האָב איך אויסגעשטאמעלט.

— דאָן דאַרף מען איהם ארייגלאָזען, אָדער זעהן, וואָס איז דאָר־טען פאַר א מענש?

נאָר איך האָב שוין ניט געענטפערט און זיך ווידער געמאכט שלאָפענדיג.

עס זיינען אוועק עטליכע מינוט... איך טהו ווידער מיינס...

„טוק... טוק... טוק!..."

טעגלעוו האָט זיך גלייך א כאַפּ געטהאָן און גענומען הערען.

„טוק... טוק... טוק! טוק... טוק... טוק!..."

דורך די האלב־פערמאכטע אויגענליעדער, ביים ווייסליכען שיין פון דער נאַכט, האָב איך גוט געקענט זעהן אַלע זיינע בעוועגונגען. ער האָט געווענדעט זיין פּנים דאָ צום פענסטער און דאָ צו דער טהיר. אין דער אמת'ן איז שווער געווען צו פערשטעהן, פון וואנען עס איז געקומען דער דאָזיגער קלאַנג: ער איז עפּעס ווי ארומגעפלויגען אי־בער'ן צימער, האָט ווי געשוועבט ארום די ווענט.

„טוק... טוק... טוק!..."

— רידעל! — האט ענדליך א געשריי געטהאן טעגלעוו — רידעל! רידעל!

— אבער וואס איז דארט אזוינס? — האב איך ארויסגערעדט גענעצענדיג.

— שוין זשע הערט איהר גארנישט? אימעצער קלאפט!

— נו, טא זאל איהם גאט העלפען! — האב איך געענטפערט, און ווידער געמאכט אן אנשטעל, אז איך בין איינגעשלאפען, האב זאגאר גענומען כראפען...

טעגלעוו האט זיך בערוהיגט.

„טוק... טוק... טוק!..."

טעגלעוו איז אויפגעשפרונגען פון בעט, האט געעפענט א פענס־טער, און ארויסגערוקט דעם קאפ פון דרויסען, האט ער מיט א ווילדען קול געפרעגט: „ווער איז דארט? ווער קלאפט?" דערנאך האט ער גע־עפענט די טהיר און ווידערהאלט זיין פראגע. ווייט־ווייט האט א פערד א הירזשע געטהאן — און דאס אלעס.

ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין בעט...

„טוק... טוק... טוק!..."

טעגלעוו האט זיך די מינוט אומגעקעהרט און אוועקגעזעצט.

„טוק... טוק... טוק!..."

טעגלעוו האט פלינק אנגעטהאן די שטיוועל, ארויפגעווארפען דעם שינעל אויף די פלייצעס און, אראבגענומען פון וואנד דעם שווערד, איז ער ארויס פון שטוב. איך האב געהערט, ווי ער איז א פאאר מאל ארומגעגאנגען ארום און ארום שטוב, און האט אלץ געפרעגט: „ווער איז דא? ווער געהט דא ארום? ווער קלאפט?" דערנאך איז ער פלוצים אנשוויגען געווארען, איז געשטאנען א ווילע אויף דער גאס, אויף איין ארט, ניט ווייט פון דעם ווינקעל, וואו איך בין געלעגען, און שוין ניט ריידענדיג מעהר קיין ווארט, האט ער זיך צוריקגעקעהרט אין שטוב און ניט אויסטהאנדיג זיך געלייגט.

— טוק... טוק... טוק! — האב איך אנגעהויבען איבער א נייעס.

— טוק... טוק... טוק!... —

אבער טעגלעוו האט זיך ניט געריהרט, ניט געפרעגט: ווער קלאפט? און נור אונטערגעשפארט דעם קאפ מיט'ן האנד.

זעהענדיג, אז דאס ווירקט שוין מעהר ניט אויף איהם, האב

איך אין אַ קורצע צייט אַרום, זיך געמאַכט, ווי איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף און אָנקוקענדיג טעגלעוו׳ן, האָב איך געמאַכט אַ פערוואונדערט פּנים.

—איהר זייט דען וואו עס איז געגאַנגען? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ — האָט ער גלייכגילטיג געענטפערט.

— איהר האָט נאָך אַלץ געהערט דאָס קלאַפּען?

— יאָ.

— און האָט קיינעם ניט געטראָפען?

— ניין.

— און דאָס קלאַפּען האָט אויפגעהערט.

— איך וויים ניט. מיר איז שוין איצט אַלץ איינס.

— איצט? וואָס עפּעס גראָד איצט?

טעגלעוו האָט ניט געענטפערט.

— מיין געוויסען האָט מיר געגומען אַביסעל פּלאָגען און מיר האָט אויך פערדראָסען אויף איהם. דאָך האָב איך ניט געוואָלט מודה זיין זיך אין מיין שטיפעריי.

— ווייסט איהר וואָס? — האָב איך אָנגעהויבען: — איך בין איבערצייגט, אַז עס איז ניט מעהר ווי אַן איינבילדונג ביי אייך.

טעגלעוו האָט זיך אָנגעכמורעט.

— אַ! איהר דענקט אַזוי!

— איהר זאָגט: איהר האָט געהערט אַ קלאַפּען...

— איך האָב ניט נור קלאַפּען געהערט — האָט ער מיך אונטערבראָכען.

— וואָס נאָך?

טעגלעוו האָט זיך אַ קאַטשע געטהאָן אין פאָראויס — און פערביסען די ליפּען. ער האָט זיך, קאָנטיג, געשלאָגען מיט דער דעה.

— מען האָט מיך גערופען! — האָט ער, צום סוף, ארויסגערעדט אין דער שטיל און אָבגעקעהרט דאָס פּנים.

— מען האָט אייך גערופען? ווער־זשע האָט אייך גערופען?

— איינע... טעגלעוו האָט נאָך אַלץ געקוקט אָן דער זייט — אַ פרוי, וועלכע איך האָב פריהער געדענקט, אַז זי איז געשטאָרבען... און איצט וויים איך עס אויף געוויס.

— איך שווער איך, איליא סטעפּאניטש, האָב איך אויסגע־שריען, אז דאָס איז ניט מעהר, ווי אַן איינבילדונג!

— אַ איינבילדונג? — האָט ער איבערגערעדט. — ווילט איהר זיך אליין אין דעם איבערצייגען?

— איך וויל.

— נו, טאָ קומט ארויס אויף דער גאַס.

---

## VIII.

איך האָב זיך אויף גיך אָנגעטהאָן און בין צוזאַמען מיט טעגלעוו'ן ארויס פון שטוב. אַנטקעגען איהר, פון יעדער זייט גאַס, זיינען ניט גע־ווען קיין הייזער — עס האָט זיך נור געצויגען אַ נידעריגער, ערטער־ווייז צובראָכענער צוים, הינטער וועלכען עס האָט זיך גענומען ציהען אַ גאַנץ געקרימטער אראָבגאַנג אויף אַ גלייכען פעלד. דער נעבעל האָט, ווי פריהער, איינגעוויקעלט אַלעס ארום — און פאַר צוואַנציג טריט האָט מען כמעט קיין זאַך ניט געקענט זעהען. מיר זיינען צוגע־קומען צום צוים און זיך אָבגעשטעלט.

— אָט דאָ, האָט ער ארויסגערעדט, און איינגעבויגען דעם קאָפּ. שטעהט, שווייגט — און הערט!

איך האָב פונקט, אזוי ווי ער אָנגעשטריינגט דעם אויער — און אויסער דעם געוועהנליכען, זעהר שוואַכען, ביינאַכטיגען הילכען, דעם אָטהעם פון דער נאַכט — האָב איך קיין זאַך ניט געהערט. צייטענווייז איבערקוקענדיג זיך איינער מיט דעם אַנדער'ן, זיינען מיר אזוי אונבעוועגליך אָבגעשטאַנען עטליכע מינוט — און זיך שוין געקליעבען צוגעהן ווייטער...

— איליושאַ! — האָט זיך מיר געדאַכט, אז איך הער אַ שעפּ־צען פון הינטער'ן צוים.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף טעגלעוו'ן — נור ער האָט, דאַכט זיך, נאַרניט געהערט — און איז, ווי פריהער געשטאַנען מיט דעם קאָפּ אראָבגעלאָזען.

— איליושאַ... אַ איליושאַ... — האָט זיך דערהערט העכער,

ווי פריהער — און אזוי קלאָהר, אז מען האָט געקענט פארשטעהן, אז די דאָזיגע ווערטער האָט געזאָגט א פרוי.

מיר האָבעןביידע מיט איין מאָל א ציטער געטהאָן — און אָנגעשטעלט די אויגען איינער אויף'ן אנדערן.

— נו, וואָס? — האָט ־יך שעפּטשענדיג געפרעגט טעגלעוו — ‏וועט איהר איצט נאָך צווייפלען?

— ווארט אויס — האָב איך איהם געענטפערט אויך אזוי שטיל — דאָס בעווייזט נאָך גאָרניט. מען דארף א קוק טהאָן — צו איז דאָרט ניטאָ ווער עס איז? אפשר עפּעס א שפּאסמאכער...

איך בין אריבערגעשפּרונגען איבער'ן צוים — און אוועק אין דער ריכטונג, פון וואנען, ווי איך האָב געקענט אורטהיילען, עס האָט זיך געטראָגען די שטימע.

אונטער די פיס האָב איך דערפיהלט ווייכע, צואקערטע ערד; די לאנגע פאסען פון די בעטען האָבען זיך פערלאָרען אינ'ם נעבעל. איך האָב זיך געפונען אין א גאָרטען. אָבער קיין זאך האָט זיך ניט בעוועגט ניט פאר מיר, און ניט הינטער מיר. אלעס איז אזוי ווי פערגליווערט געוואָרען אין שטומען שלאָף. איך האָב געטהאָן נאָך עטליכע טריט.

— ווער איז דאָ? — האָב איך א געשריי געטהאָן ניט ערגער פון טעגלעוו'ן.

„פּררררר!" א איבערגעשראָקענער וואכטעל־פויגעל איז ארויסגע־שפּרונגען פון אונטער מיינע סאמע פיס — און איז אוועקגעפלויגען ווייטער, גלייך, ווי א קויל. איך האָב זיך ניט ווילענדיג א טרייסעל געטהאָן... וואָס פאר א דומהייט!

איך האָב א קוק געטהאָן אהינטער. טעגלעוו האָט זיך געזעהען אויף דעם זעלבען אָרט, וואו איך האָב איהם געלאָזען. איך בין צוגע־גאנגען צו איהם.

— אומזיסט איז אייער רופען — האָט ער ארויסגערעדט... יענער קול קומט צו אונז... צו מיר... פון גאנץ ווייט.

ער האָט א פיהר געטהאָן מיט'ן האנד איבער'ן פּנים — און מיט שטילע טריט גענומען געהן איבער'ן גאס אהיים. אָבער איך האָב זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען אזוי שנעל — און האָב זיך אומגע־קעהרט אין גאָרטען. אז אימעצער האָט ווירקליך דריי מאָל א רוף

געטהאָן „איליושא" אין דעם האָב איך בשום אופן ניט געקענט צווייפ־לען; אז אין דעם דאָזיגען רופען איז געווען עטוואָס בעטענדיגעס, עטוואָס געהיימעס — אין דעם האָב איך אויך זיך אליין געמוזט מודה זיין... אָבער ווער ווייסט, עס קען זיין, אז דאָס האָט אלעס נור אויסגעזעהען אונפערשטענדליך — און אין דער אמת'ן איז עס אפשר געווען פונקט אזוי איינפאך, ווי דאָס קלאפען, וואָס האָט אזוי שטאַרק צורודערט טעגלעוו'ן?

איך בין אוועק פאַזע צוים, פון צייט צו צייט אָבשטעלענדיג זיך און קוקענדיג ארום זיך. נעבען סאַמען צוים, ניט ווייט פון אונזער שטוב, איז געוואקסען אַן אלטער, פערצווייגטער בוים: א גרויסער, שווארצער פלעק האָט ער זיך אָנגעזעהן אין דער ארומיגער ווייטקייט, וועלכע בלענדעט די אויגען ערגער פון איינגשאפט. פלוצים האָט זיך מיר געדאכט, אז עטוואָס גאַנץ גרויסעס, לעבעדיגעס האָט זיך א ריהר געטהאָן אויף דער ערד נעבען יענעם בוים. מיט א געשריי: „שטעה! ווער איז דאָס?" האָב איך זיך א וואָרף געטהאָן אין פאָראויס. עס האָבען זיך דערהערט לייכטע טריט, ווי פון א האָז; פארביי מיר האָט זיך שנעל פארבייגעטראָגען א צוזאמענגעדרעהטע פיגור, צו פון א מאַן, צו פון א פרוי — איך האָב עס ניט געקענט אונטערשיידען... איך האָב זי געוואָלט א כאפ טהאָן — האָב עס אָבער ניט בעוויזען, האָב זיך געגליטשט, בין געפאלען און זיך צוברענט דעם פנים אָן די קראָ־פיווע. זיך אויפהויבענדיג און אָנשפארענדיג אָן דער ערד, האָב איך אונטער'ן האנד דערפיהלט עטוואָס הארטעס: דאָס איז געווען א גע־שניצטער, מעשענער קעמעלע אויף א שנירעל, פון דעם סאָרט, וואָס אונזערע פויערים טראָגען אויפ'ן גארטעל.

מיין ווייטערדיגער זוכען איז געווען אומזיסט... און מיט דעם קעמעלע אין האנד און מיט צוקראצטע באקען, האָב איך זיך אומגע־קעהרט אין שטוב.

---

## IX.

איך האָב געטראָפען טעגלעוו'ן זיצענדיג אויף דער באנק. פאר איהם אויפ'ן טיש האָט געברענט א ליכטעל... און ער האָט עפּעס פער־

שריעבען אין א קליין ביכעלע, וועלכען ער האט אימער געטראגען מיט זיך. דערזעהן מיך, האט ער פלינק אריינגעשטופט דאס ביכעל אין קעשענע און גענומען אנשטאפען די ליולקע.

— אט, טאטעלע מיינער — וואס פאר א צייכען איך האב פון מיין וועג געבראכט! איך האב איהם געוויזען דעם קעמעל און דערצעהלט, וואס מיט מיר האט פאסירט נעבען בוים. — איך האב, מסתמא א גנב דערשראקען, האב איך צוגעזעצט. איהר האט געהערט — נעכטען האט מען ביי אונזער שכן אוועקגע'גנב'עט א פערד?

טעגלעוו האט קאלט א שמייכעל געטהאן און פערדרויכערט די ליול-קע. איך האב זיך געזעצט נעבען איהם.

— און איהר, איליא סטעפאניטש, זייט נאך אלץ איבערצייגט, אז דער קול, וועלכען מיר האבען געהערט, קומט פון די ווייטע אונ-בעקאנטע מקומות...

ער האט מיך אבגעשטעלט מיט א בעפעהלענדען מאך מיט דער האנד.

— רידעל — האט ער אנגעהויבען — מיר שפאסט זיך ניט — און דערפאר בעט איך אייך, אז איהר זאלט אויך ניט טרייבען קיין שפאס.

טעגלעוו'ן איז טאקע אין דער אמת'ן קיין שפאס אין קאפ ניט גע-קראכען. זיין פנים האט זיך פערענדערט ער האט איצט אויסגעזעהן בלאסער, אויסדרוקספולער און לייגגער. זיינע מאדנע, ניט גלייכע אוי-גען האבען שטיל געבלאנדזשעט.

— איך האב ניט געדענקט, האט ער ווידער גענומען ריידען, אז איך וועל ווען עס איז דערצעהלען א צווייטען... א צווייטען מענשען דאס, וואס איהר וועט גלייך הערען, און וואס האט געדארפט שטאר-בען... יא, שטארבען אין מיין ברוסט; נור, מסתמא דארף אזוי זיין — און איבערהויפט האב איך איצט שוין קיין אנדער אויסוועג ניט. דאס איז דער שיקזאל! הערט!

און ער האט מיר דערצעהלט די פאלגענדע געשיכטע.

איך האב אייך שוין געזאגט, מיינע העררן, אז אן ערצעהלער איז ער געוועזען א שלעכטער; אבער ניט נור מיט דעם ניט קענען איבערגעבען דאס, וואס מיט איהם האט פאסירט, האט ער מיך איבערראשט יענע נאכט; דער קלאנג פון זיין שטימע, זיינע בליקען, די בעוועגונגען, וועל-

כע ער האָט געמאַכט מיט די פינגער, מיט די הענד — מיט איין וואָרט, אַלעס אין איהם האָט זיך מיר אויסגעוויזען אוננאַטירליך, איבעריג, פאַלש. איך בין נאָך דאַן געווען אונערפאַהרען, יונג — און האָב ניט געוואוסט, אַז די געוואָהנהייט צו ריידען און האַלטען זיך אוננאַטירליך קען זיך אַזוי איינעסען אין אַ מענשען, אַז ער זאָל שוין בשום אופן ניט קענען פון איהר לויז ווערען: דאָס איז אַזאַ מין קללה. אין פערלויף פון דער צייט איז מיר אויסגעקומען צו טרעפען זיך מיט אַ געוויסער דאַמע, וועלכע האָט מיט אַזאַ אָנגעבלאָזענער שפּראַך, מיט אַזעלכע טעאַטראַלע בעוועגונגען, מיט אַזאַ מעלאָדראַ־מאַטישען טרייסלען מיט'ן קאָפּ און גלאָצען מיט די אויגען מיר דער־צעהלט וועגען דעם איינדרוק, וואָס דער טויט פון איהר זוהן האָט אויף איהר געמאַכט, וועגען איהר גרויסען שמערץ, וועגען דער מורא פאַר דעם אייגענעם פערשטאַנד, אַז איך האָב אַ טראַכט געטהאָן פאַר זיך: „ווי די דאָזיגע דאַמע לייגט און פערשטעלט זיך! זי האָט איהר זוהן גאָר ניט ליעב געהאַט!” אין אַ וואָך אַרום האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז די אָרעמע פרוי איז טאַקע משוגע געוואָרען. פון יענער צייט, אָן בין איך געוואָרען אַ סך פאָרזיכטיגער אין אורטהיילען די מענשען און האָב פיעל וויניגער געגלויבט מיינע אייגענע איינדריקע.

---

## X.

די מעשה, וואָס טעגלעוו האָט מיר דערצעהלט, איז אין קורצען געווען, ווי פאָלגט:

ער האָט אין פּעטערסבורג געהאַט, אויסער אַ פּעטער, אַ סאַנאָוו־ניק, אויך אַ מוהמען, אַ פרוי ניט פון אַזאַ גרויסען יחוס, אָבער מיט אַ גרויסען פערמעגען. ניט האָבענדיג קיין אייגענע קינדער, האָט זי צוגענומען צו זיך אַ מיידעלע, אַ יתומה פון אָרעמען שטאַנד, האָט איהר געגעבען אַ שעהנע ערציהונג — און איז זיך מיט איהר בעגאַנגען, ווי מיט אַ טאָכטער. גערופען האָט מען זי מאַשאַ. טעגלעוו האָט זיך מיט איהר געטראָפען כמעט יעדען טאָג. עס האָט זיך געענדיגט דער־מיט, וואָס זיי האָבען זיך איינער אין צווייטען פערליעבט, און מאַשאַ

האט זיך איהם אָבגעגעבען. מען האט זיך וועגען דעם דערוואוסט. טעגלעוו'ס מוהמע איז געוואָרען שרעקליך אויפגעבראכט, האט מיט שאַנדע ארויסגעיאָגט דאס אונגליקליכע מיידעל פון איהר הויז.... און איז אריבערגעפאָהרען וואוינען אין מאָסקווע, וואו זי האט זיך גענומען א פריילען פון די אריסטאָקראַטישע אלס ערציהערין און יורש'טע. זיך אומגעקעהרט צוריק צו איהרע פריהעריגע קרובים, מענ־שען אָרעמע און שכור'ע — האט מאַשאַ שרעקליך געליטען. טעגלעוו האט פערשפראָכען מיט איהר צו הייראַטהען — און ניט געהאַלטען זיין וואָרט. ווען ער האט זיך מיט איהר געזעהן דאס לעצטע מאָל, איז ער געצוואונגען געוועזען זיך אויסצושפרעכען: זי האט געוואָלט וויסען דעם אמת — און זי איז דעם אמת דערגאַנגען. „נו, האט זי ארויסגע־רעדט, ווען איך קען ניט זיין דיין פרוי, דאַן וויים איך, וואס מיר בלייבט צו טהאָן.” פון דעם דאָזיגען לעצטען זעהן זיך איז אוועק אַרי־בער צוויי וואָכען.

איך האב זיך קיין איין מינוט ניט גענאַרט אין דער בעדייטונג פון איהרע לעצטע ווערטער, האט צוגעזעצט טעגלעוו; איך בין זיכער, אז זי האט געמאַכט א סוף צו איהר לעבען, און.... דאס איז געוועזען איהר קול, אז דאס האט זי מיך גערופען אהין... צו זיך... איך האב דערקענט איהר קול... מילא: איין מאָל א סוף!

— אבער פארוואָס האט איהר מיט איהר ניט חתונה, איליאַ סטעפּאַניטש? — האב איך געפרעגט — איהר ליעבט זי ניט מעהר?

— ניין, איך ליעב זי; איך ליעב זי ליידענשאַפטליך!

דאָ, מיינע הערר'ען, האָב איך אויסגעגלאָצט אויף טעגלעוו'ן א פּאָאָר אויגען. עס איז מיר געקומען אויפ'ן זינען אַן אַנדער בעקאַנטער מיינער, א מענש זעהר א קלוגער, וועלכער איז געוועזען פערהייראַט מיט א זעהר ניט שעהנער, ניט קלוגער און ניט רייכער פרוי און האט געפיהרט א זעהר אונגליקליכען פאַמיליע־לעבען. דעם דאָזיגען בע־קאַנטען מיינעם, האט מען אַמאָל אין מיין געגענוואַרט געשטעלט די פראַגע: ווי קומט עס, וואס ער האט געהייראַט מיט אַזאַ פרוי? וואַהרשיינליך, אוים ליעבע? אויף וואס ער האט געענטפערט: „עס הייבט זיך גאָרניט אָן, גאָרניט אוים ליעבע! אזוי זיך!” און זאָ ליעבט טעגלעוו ליידענשאַפטליך א מיידעל און האט ניט חתונה. וואס איז? דאס איז אויך — אזוי זיך?

— פאַרוואָס־זשע הייראַט איהר ניט? — האָב איך נאָך אַמאָל געפרעגט.

טעגלעוו'ס פערשלאָפענע אויגען האָבען גענומען לויפען איבער'ן טיש.

— דאס... קען מען אין עטליכע ווערטער... ניט זאָגען — האָט ער אָנגעהויבען שטאָקענדיג — עס זיינען געווען אורזאַכען... און דערצו איז זי... פון בירגערליכען שטאַנד. נו, און דער פעטער.... איך האָב געמוזט א טראַכט טהאָן וועגען איהם אויך.

— אייער פעטער? — האָב איך א געשריי געטהאָן — אָבער צו וואס פאַר א שוואַרץ יאָהר דאַרפט איהר דעם פעטער, וועלכען איהר זעהט נור איין מאָל אין יאָהר, ווען איהר פאָהרט איהם צוּווינשען א גליקליכען ניי־יאָהר? איהר האָט אויסזיכטען אויף זיין רייכטהום? ער האָט דאָך אַליין כמעט א דוצענד קינדער!

איך האָב גערעדט מיט פייער.... טעגלעוו'ן האָבען מיינע רייד געשטאָכען, און ער איז רויט געוואָרען.... זיין פנים האָט זיך בע־דעקט מיט פלעקען...

— איך בעט אייך מיר ניט צו האַלטען קיין דרשות — האָט ער ארויסגערעדט הייזעריג. אייגענטליך, פערענטפער איך זיך גאָרניט. איהר לעבען האָב איך צושטערט — און איצט וועט מען דאַרפען אויס־צאָהלען דעם חוב...

ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ — און איז אַנשוויגען געוואָרען. איך האָב אויך גאָרניט געזאָגט, איך האָב ניט געפונען וואס צו זאָגען.

---

## XI.

אזוי זיינען מיר אָבגעזעסען ביי א פערטעל שעה. ער האָט גע־קוקט אָן דער זייט, און איך האָב געקוקט אויף איהם — און בעמערקט, אז זיינע האָאָר איבער'ן שטערן האָבען זיך עפּעס מאָדנע אויפגעהויבען און אָנגעקרויזט זיך, וואָס, נאָך די רייד פון א מיליטערישען רופא, אויף וועמעס הענד עס זיינען געווען א סך קראַנקע און פערוואונדעטע, דיענט אלס צייכען פון א שטאַרקע און טרוקענע היץ אין די געהירן...

ווידער איז מיר געקומען אויפ'ן זינען, אז איבער דעם דאָזיגען מענשען היינגט ווירקליך די שווערע האַנד פון שיקזאל, און אז די חברים האבען ניט אומזיסט געזעהן אין איהם עטוואָס פאטאלעס. און אין דערזעלבער צייט האב איך איהם אינעווייניג אין זיך בעשולדיגט. „עס שטעהט איהם ניט אָן איהר יחוס! — האב איך געטראַכט — און וואס איז ער פאַר אַן אַריסטאָקראַט?"

— איהר מוזט מיך אודאי בעשולדיגען, רידעל — האט פּלוצים אָנגעהויבען טעגלעוו, ווי ער וואָלט זיך אָנשטויסען, וועגען וואס איך האב געטראַכט — מיר אליין... איז זעהר שווער! אבער וואס מאכט מען? וואס טהוט מען?

ער האט זיך אָנגעשפּארט מיט דער מאָרדע אויפ'ן לאַדאָן און גענומען בייסען די ברייטע און פלאַטשיגע נעגעל פון זיינע קורצע, רויטע, ווי אייזען הארטע פינגער.

— נאָך מיין מיינונג נאָך, איליא סטעפּאַניטש, האט איהר פריי־הער פון אלץ זיך געדארפט איבערצייגען, אויב אייערע פּאָראויסזע־צונגען זיינען ריכטיג.... עס קען זיין, אז אייער געליעבטע איז גע־זונד און שטאַרק. („זאָגען איהם די ריכטיגע אורזאַכע פון'ם קלאַ־פּען?" האט זיך דורכגעטראָגען ביי מיר אין קאָפּ... „ניין, שפּע־טער.")

— זי האט מיר קיין איין מאָל ניט געשריעבען, זייט מיר זיינען אין לאַגער — האט בעמערקט טעגלעוו.

— דאס בעווייזט נאָך גאָרנישט, איליא סטעפּאַניטש.

טעגלעוו האט א מאַך געטהאָן מיט א האַנד.

— ניין! זי איז שוין געוויס אויף דער וועלט ניטאָ. זי האט מיך גערופען....

ער האט זיך פּלוצים אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צום פענסטער.— ווידער קלאַפּט עמעצער!

איך האב זיך ניט ווילענדיג צולאַכט.

— נו, ענטשולדיגט, איליא סטעפּאַניטש! איצטיגעס מאָל דאַכט זיך דאס אייך, דאס זיינען אלץ אייערע נערוועזן! איהר זעהט: עס טאָגט שוין. אין צעהן מינוט ארום וועט די זונן אויפגעהן — איצט איז שוין פיער אזייגער — און געשפּענסטער קענען ניט ווירקען ביי־טאָג.

טעגלעוו האט געוואָרפען אויף מיר א פינסטערען בליק, און ארויסגערעדט צווישען די צייהן: „א גוטע נאכט!" — האָט ער זיך געלייגט אויף דער באנק און זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען.

איך האב זיך אויך געלייגט — און איך געדענק, ווי איידער איך בין איינגעשלאָפען, האב איך א טראכט געטהאָן, אז צו וואס פאסט עס, וואס טעגלעוו גיט רק אָנצוהערען, אז ער ווער... זיך נעהמען דאס לעבען? וואס פאר א דומהייטען! וואס פאר א פראזען! מיט זיין אייגענעם ווילען האָט ער ניט געהייראט... האָט זי געוואָרפען... און דאָ, פלוצים, וויל ער זיך גאָר נעהמען דאס לעבען! עס האט קיין ברעקעל זינן ניט! נור ווי מאכט מען עס ניט אן אָנשטעל און מען קרימט זיך ניט!

מיט אזעלכע געדאנקען בין איך פעסט איינגעשלאָפען — און ווען איך האב געעפענט די אויגען, איז די זונן שוין געשטאנען הויך איבער'ן הימעל — און טעגלעוו איז אין שטוב ניט געווען...

זיין דיענער האט מיר געזאָגט, אז ער איז אוועקגעפאָהרען אין שטאָדט.

---

## XII.

איך האב פערבראכט א זעהר שווערען און אומעדיגען טאָג. טעג־לעוו האט זיך ניט צוריקגעקעהרט ניט צו מיטאָג און ניט צום נאכט עסען; דעם ברודער האב איך אפילו ניט ערווארטעט. אבענד־צייט האט זיך ווידער פערשפרייט א געדיכטער נעבעל, נאָך ערגער, ווי נעכטען. איך האב זיך געלייגט שלאָפען גאנץ פריה. א קלאָפען אונ־טער'ן פענסטער האט מיך אויפגעוועקט.

איצט האב איך זיך א טרייסעל געטהאָן!

דאס קלאָפען האט זיך ווידערהאָלט — און אזוי איינגעשפארט־הילכיג, אז צווייפלען אין דעם דאָזיגען קלאָפען איז געווען אונמעג־ליך. איך בין אויפגעשטאנען, געעפענט דאס פענסטער און דערזעהן טעגלעוו'ן. איינגעוויקעלט אין שינעל, מיט דער היטעל אויף די אויגען אראָבגערוקט, איז ער געשטאנען און ניט געריהרט מיט קיין גליעד,

— איליא סטעפאניטש! — האב איך א געשריי געטהאן — דאס זייט איהר? מיר האבען זיך אויף אייך ניט געקענט דערווארטען! קומט אריין. איז דען די טהיר פערשפארט?

טעגלעוו האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף ניין.

— איך האב ניט בדעה אריינצוגעהן — האט ער געזאגט און זיין קול האט געקלונגען הייזעריג — איך האב אייך נור געוואלט בעטען, איהר זאלט מארגען איבערגעבען דיעזען בריעף דעם קאמאנדיר פון דער באטארעע.

ער האט מיר דערלאנגט א גרויסען קאנווערט, א פערזיעגעלטען מיט פינף זיעגלען. איך האב זיך פערוואונדערט — דאך האב איך מעכאניש גענומען דעם קאנווערט. טעגלעוו איז גלייך אבגעגאנגען אין מיטען גאס.

— ווארט אויס, ווארט אויס — האב איך אנגעהויבען — וואוהין געהט איהר? איהר זייט ערשט ניט לאנג געקומען צופאהרען? און וואס איז דאס פאר א בריעף?

— איהר זאגט מיר צו איהם צושטעלען צו דעם, צו וועמען עס איז אדרעסירט? — האט ארויסגערעדט טעגלעוו און איז אבגעטראטען נאך עטליכע טריט. דער נעבעל האט איינגערינגעלט זיין פיגור.— איהר זאגט מיר צו?

— איך זאג צו... אבער אפריהער...

טעגלעוו האט זיך אבגערוקט נאך ווייטער — און איז געווארען, ווי א לייענגליכער, דונקעלער פלעק — לעבט וואהל! — האט זיך דערהערט זיין קול — לעבט וואהל, רידעל, ניט דערמאנט מיך צום שלעכטען... און סעמיאן'ען פערגעסט ניט...

דאס איז שוין געווען צופיעל.

— א, פערפלוכטער פראזיאר! — האב איך א טראכט געטהאן — רק דו זוכסט עפעקטען! — פון דעסטוועגען איז מיר געווארען מורא'דיג; א ניט ווילענדיגער שרעק האט מיר די ברוסט געדריקט. איך האב ארויפגעווארפען אויף זיך דעם שינעל — און בין ארויסגעלאפען אין גאס.

## XIII.

יא, אבער וואוהין געהט מען? דער נעבעל האט מיך ארומגע־כאפּט פון אלע זייטען. אויף פינף, זעקס טריט ארום האט מען נאָך וואס עס איז געקענט זעהן — אבער ווייטער האט ער זיך אוועקגע־שטעלט, ווי א וואנד, א ווייסע און א ווייכע, ווי וואטע. איך האב זיך גענומען געהן רעכטס איבער דער גאס פון דערפעל, וועלכע האט זיך דאָ דערביי געענדיגט. אונזער שטוב איז געשטאנען פאר דער לעצטער פון ראָג גאס, און נאָך איהר האט זיך אָנגעהויבען א וויסטער פעלד, וואו ניט וואו בעוואקסען מיט קוסטעס; הינטער'ן פעלד, ארום א פערטעל ווירסט פון דאָרף, האט זיך געפונען א בירקען־וועלדעל — און פארביי איהם האט געלאָפען יענער טייכעל, וואס האט זיך אראָב־געלאָזען עטוואָס נידעריגער אין דאָרף. דאס אלץ האב איך געוואוסט גאנץ גוט, ווייל איך האב עס פיעל מאָל געזעהן בייטאָג; איצט אבער האב איך גאָרניט געזעהן — און נאָר נאָך דער גרעסערער געדיכטקייט און ווייסקייט פון טומאן האב איך זיך געקאָנט אָנשטויסען, וואו דער גרונד איז געווען נידעריגער און דער טייך האט געפלאָסען, אויפ'ן הימעל איז, ווי א בלאסער פלעק, געשטאנען די לבנה — אבער איהר שיין איז ניט אימשטאנד געווען, ווי די פאָריגע נאכט, זיך דורכצור־רייסען דורך דער פעררויכערטער געדיכטקייט פון'ם נעבעל און איז געהאנגען פון אויבען, ווי א ברייטער, מאטער שלייער. איך האב זיך ארויסגעקליעבען אין פעלד — צוגעהערט זיך.... שטיל.... קיין קלאנג, קיין טאָן; נור די גריללען האבען געפייפט.

— טעגלעוו! — האב איך א געשריי געטהאָן — איליא סטעפּאַ־ניטש!! טעגלעוו!

מיין קול איז פערשטאָרבען ארום מיר אָהן אן ענטפער; עס האט זיך גערדאכט, אז דער טומאן אליין האט איהם ניט געלאָזען ווייטער.

— טעגלעוו! — האב איך נאָך אמאָל א געשריי געטהאָן.

קיינער האט זיך ניט אָבגערופען.

איך בין אוועק גלאט אין דער וועלט אריין. א פּאָאָר מאָל האב איך זיך אָנגעשטויסען אָן א צוים, איין מאָל בין איך שיעור ניט

ארייננעפאלען אין א קאנאווע, בין שיעור ניט געפאלען איבער א פויערשען פערדעל, וואס איז געלעגען אויף דער ערד...

— טעגלעוו! טעגלעוו! — האב איך געשריען.

פלוצים האט גאנץ נאהענט, הינטער מיר, זיך דערהערט א ניט הויכער קול:

— נו, אט בין איך... וואס ווילט איהר פון מיר?

איך האב זיך שנעל א קעהר געטהאן.

פאר מיר, מיט אראבגעלאזענע הענד, אהן א היטעל אויפ׳ן קאפ, איז געשטאנען טעגלעוו. זיין פנים איז געווען בלייך; נור די אויגען האבען אויסגעוויזען בעלעבטער און גרעסער, ווי געוועהנליך... ער האט געאטהעמט שווער דורך די געעפענטע ליפען.

— גאט צו דאנקען! — האב איך אויסגעשריען שטארק דער־פרייט און א כאפ געטהאן איהם פאר ביידע הענד — גאט צו דאנקען! איך האב שוין געצווייפעלט, צו וועל איך אייך געפינען. און איהר שעהמט זיך ניט מיך אזוי צו שרעקען? איליא סטעפאניטש, וואס טהוט זיך מיט אייך?

— וואס ווילט איהר פון מיר? — האט נאך אמאל געפרעגט טעגלעוו.

— איך וויל... איך וויל, ערשטענס, איהר זאלט זיך מיט מיר צוזאמען אומקעהרען אהיים. און, צווייטענס, וויל איך, איך פאדער, איך פאדער פון אייך, ווי פון א פריינד, אז איהר זאלט מיר גלייך ער־קלערען, וואס עס מיינען אייערע האנדלונגען — און דער דאזיגער בריעף צום פאלקאווניק? האט דען אין פעטערסבורג מיט אייך פא־סירט עטוואס אונערווארטעטעס?

— איך האב אין פעטערסבורג געפונען גראדע דאס, וואס איך האב ערווארט — האט געענטפערט טעגלעוו, זיך נאך אלץ ניט ריה־רענדיג פון ארט.

— דאס הייסט... איהר ווילט זאגען... אייער בעקאנטע... יענע מאשא....

— זי האט זיך גענומען דאס לעבען — האט איילענדיג און עפעס ווי מיט פערביסענקייט אונטערגעכאפט טעגלעוו — מיט דריי טעג צוריק האט מען זי צו קבורה געבראכט. זי האט מיר ניט איבערגע־לאזען אפילו קיין צעטעלע. זי האט זיך פער׳סם׳ט.

טעגלעוו האט שנעל ארויסגעבראכט די דאָזיגע שרעקליכע ווער־טער — און אליין איז ער אלץ געשטאנען אונבעוועגליך, ווי א שטיי־נערנער.

איך האב א פּאטש געטהאָן מיט די הענד.

— וואס רעדט איהר? אזא אונגליק! אייער פּאָרגעפיהל איז מקוים געוואָרען... דאס איז שרעקליך!

א צומישטער בין איך אַנשוויגען געוואָרען. טעגלעוו האט שטיל און ווי מיט א נצחון פערלייגט די הענד.

— דאָך — האב איך אָנגעהויבען — וואס שטעהען מיר דאָ? לאָמיר געהן אהיים.

— לאָמיר געהן — האט געזאָגט טעגלעוו — אבער ווי וועלען מיר געפינען דעם וועג אין אזא נעבעל?

— ביי אונז אין שטוב ברענט פייער אין די פענסטער — מיר וועלען זיך האלטען אָן איהם. קומט!

— געהט איהר אין פאָראויס — האט געענטפערט טעגלעוו — איך'ל געהן נאָך אייך.

מיר זיינען אוועק. א מינוט פינף זיינען מיר געגאנגען — און דאס פייער, וואס האט אונז געזאָלט ווייזען דעם וועג, האט זיך ניט געזעהן; צום סוף, האט ער א בליץ געטהאָן פאר אונז, ווי צוויי רויטע פינטעלאך. טעגלעוו איז געגאנגען אין טריט מיט מיר. מיר האט זיך שרעקליך געוואָלט קומען אהיים און דערגעהן פון איהם אלע איינצעל־הייטען פון זיין אונגליקליכער רייזע קיין פּעטערסבורג. איבערראשט פון דעם, וואס ער האט מיר געזאָגט, האב איך אין א מינוט פון חרטה און אבערגלויביגער מורא, זיך מודה געווען פאר איהם, אז איך בין געווען די אורזאכע פון דעם נעכטיגען, געהיימניספולען קלאַפּען... און וואס פאר א טראַגישע ווענדונג דער דאָזיגער שפּאס האט אָנגע־נומען!

טעגלעוו האט אויף דעם געענטפערט, אז איך אליין בין דאָ גאָר־נישט — אז מיין קלאַפּען האט געשטופּט א העכערע קראפט — און אז דאס אליין בעווייזט, ווי ווייניג איך קען איהם. זיין קול, א מערק־ווירדיג רוהיגער און גלייכמעסיגער, האט געקלונגען איבער מיין סאמע אויער — אבער איהר וועט מיך נאָך דערקענען — האט ער צוגעזעצט — איך האב געזעהן, ווי איהר האט נעכטען א שמייכעל געטהאָן, ווען

איך האב גערעדט וועגען דער קראפט פון'ם ווילען. איהר וועט מיך דערקענען — און איהר וועט זיך דערמאָנען אָן מיינע ווערטער.

די ערשטע שטוב פון דאָרף, איז ווי א דונקעלע חיה ארויסגע־שוואומען פון נעבעל... אָט האט זיך א מיניע געטהאָן אויף די צוויי־טע, אונזער שטוב — און מיין הונד האט גענומען ביללען, וואהרשיינ־ליך דערפיהלענדיג מיך.

איך האב אָנגעקלאַפּט אין פענסטער.

— סעמיאָן! — האב איך א געשריי געטהאָן צו טעגלעוו'ס דיע־נער — עי, סעמיאָן! עפען אונז שנעל די גאָרטען טהירעל.

די גאָרטען־טהירעל האט א קלאַפּ געטהאָן און זיך געעפענט; סעמיאָן האט אריבערגעטראָטען די שוועל.

— איליא סטעפּאַניטש, געהט אריין — האב איך ארויסגערעדט און זיך ארומגעקוקט.

אבער קיין איליא סטעפּאַניטש'ען איז שוין הינטער מיר ניט געווען. טעגלעוו איז פערשוואונדען, ווי אין דר'ערד אריין.

איך בין אריין אין שטוב, ווי א צומישטער.

---

## XIV.

דער פּערדרוס אויף טעגלעוו'ן און אויף זיך אליין, ראַט פערבי־טען די פערוואונדערונג, וואס האט מיך אין אָנהויב בעהערשט.

— א משוגענער איז דיין פּריץ! — האב איך זיך א וואָרף גע־טהאָן אויף סעמיאָן'ען — אַן אמת'ער משוגענער! איז אוועק אין פּעטערסבורג, דערנאָך צוריק געקומען — און לויפט ארום משוגענער־הייד! איך האב איהם שוין געהאַט איינגערעדט, ביז די סאָמע טויע־רען געבראַכט איהם — און פּלוצים... נא דיר! ער איז ווידער אַנ־טלאָפען! אין אַזא נאַכט ניט צו זיצען אין דערהיים! געפונען א צייט צו שפּאַצירען!

— און פאַרוואָס האב איך איהם ניט געהאַלטען פאר א האנד?

— האב איך זיך אליין פאָרווירפע געמאַכט.

סעמיאָן האט שווייגענדיג געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט זיך

געקליבען עפּעס צו זאָגען — נור נאָך דעם שטייגער פון די דאמאָלס־דיגע דיענער, האט ער זיך נור געדרעהט א ווײַלע אויף איין אָרט.

— וויפיעל איז געווען דער זייגער, ווען ער איז אוועק אין שטאָדט? — האב איך שטרענג געפרעגט.

— זעקס אין דער פריה.

— און ווי האט ער אויסגעזעהן — פערזאָרגט, אומעדיג?

סעמיאָן האט אראָבגעלאָזען די אויגען.

— אונזער פּריץ איז עפּעס א מאָדנער — האט ער אָנגעהויבען. — ווער קען איהם פערשטעהן?... ווען ער האט זיך אויסגעקליבען אין שטאָדט, האט ער זיך געהייסען דערלאַנגען דעם נייעם מונדיר... נו, און האט זיך אָנגעקרויזט.

— וואס הייסט, אָנגעקרויזט?

— ער האט געקרויזט די האָאָר. איך האב פאר זיי אליין די צווײַנגלאָך אָנגעברענט.

איך מוז מודה זיין, אז עטוואָס אזוינס האב איך ניט ערוואַרט.

— קענסטו א געוויסע פריילען? — האב איך געפרעגט ביי סעמיאָן׳ען — איליא סטעפּאַניטש׳עס א פריינדין — איהר נאָמען איז מאַשאַ.

— אודאי קען איך זי. א וואוילע פריילען.

— דיין פּריץ איז אין איהר פערליעבט, אין דער דאָזיגער מאַשאַ... נו, און אזוי ווייטער.

סעמיאָן האט א זיפץ געטהאָן.

— אָט צוליעב דער פריילען וועט איליא סטעפּאַניטש צו גרונד געהן. ווייל ליעב האבען זיי איהר שרעקליך — און מאר א ווייב נעה־מען קענען זיי זיך ניט בעשליעסען — און ווארפען זי, איז אויך א שאָד. דאס איז אלץ צוליעב דעם, וואס זיי האבען ניט גענוג מוטה.

— און זי איז א שעהנע? — האב איך געפרעגט.

סעמיאָן האט געמאַכט א ערנסטע מינע.

— די פּריצים האבען ליעב אזעלכע — האט ער געזאָגט.

— און אויף דיין געשמאַק?

— פאר אונז... פּאַסט זיך אזא ארטיקעל גאָרניט.

— פארוואָס?

— צו מאָגער אויף דעם קערפּער.

— אויב זי וואָלט געשטאָרבען — האב איך ווידער אָנגעהויבען
— ווי דענקסטו, וואָלט איליא סטעפּאַניטש זי ניט איבערגעלעבט?
סעמיאָן האט ווידער א זיפץ געטהאָן.
— דאס וואג איך ניט צו זאָגען — דאס איז דעם פריץ'ס עסק...
אבער דער פּריץ איז — א מאָדנער... זעהר א מאָדנער מענש!

איך האב גענומען פון טיש דעם גרויסען און גאַנץ גראָבען בריעף, וועלכען טעגלעוו האט מיר איבערגעגעבען און האב איהם א דרעה גע־טהאָן אין די הענד... דער אדרעס אויפ'ן נאָמען פון פּאָלקאָווניק, מיט זיין טיטול, נאָמען און פאמיליע — איז געווען זעהר דייטליך און ריין אָנגעשריעבען. אויף דעם אויבערשטען ווינקעל פון קאָנווערט איז געשטאַנען דאס וואָרט: „נויטיג," צוויי מאָל אונטערגעשטריכען.

— הער אויס, סעמיאָן — האב איך אָנגעהויבען — איך האב מורא פאר דיין פּריץ. ער טראָגט זיך, דאכט זיך, ארום מיט שלעכטע געדאנקען אין קאָפּ. מען וועט איהם דארפען אויפזוכען, ניט אַנדערש.

— צו בעפעהל — האט געענטפערט סעמיאָן.

— אמת, אויף דרויסען איז א נעבעל, אז אויף צוויי אַרשין קען מען גאָרניט זעהן; נור אלץ איינס: מען מוז פּרובען. מיר וועלען נעה־מען צו לאַנטערנע — און אין יעדער פענסטער וועלען מיר אָנצינדען א ליכטעל — אויף יעדען פאַל.

— צו בעפעהל — האט ווידערהאָלט סעמיאָן, האט אָנגעצונדען די לאַנטערנעס און ליכט — און מיר האבען זיך אוועקגעלאָזען.

---

## XV.

וויפיעל מיר האבען ביידע געבלאָנדזשעט, וויפיעל מיר האבען זיך ארומגעדרעהט — איז אונמעגליך איבערצוגעבען! די לאַנטערנעס האבען אונז גאָרנישט געהאָלפען; זיי האבען אויף א האָאר ניט צו־טריעבען יענעם ווייסען, כמעט ליכטיגען נעבעל, וועלכער האט אונז ארומגערינגעלט. איך מיט סעמיאָן'ען האבען עטליכע מאָל פערלאָרען איינער דעם צווייטען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מיר האבען נאָכאַנאַנד געשריען, געאאוקעט צווישען זיך און אלע ווײלע גערופען:

איך — „טעגלעוו! איליא סטעפאניטש!" ער — „הערר טעגלעוו! אייער וואהלגעבארען!" דער נעבעל האט אונז אזוי ארא־בגעשלאגען פון וועג, אז מיר האבען געבלאנדזשעט, ווי אין חלום; מיר זיינעןביידע הייזעריג געווארען: די פייכטקייט האט אונז דורכגענומען דורך און דורך. א דאנק די ליכט אין די פענסטער, זיינען מיר ווי עס איז, זיך ווידער צוזאמענגעקומען ארום שטוב. אונזער ביידענס זוכענעש האט גאר ניט געהאלפען, דאס וואס מיר זיינען געגאנגען צוזאמען, האט אונז נור געבונדען און דערפאר האבען מיר בעשלאסען צו געהן יעדער בעזונדער און ניט טראכטען וועגען דעם, אז מיר קענען אנווע־רען איינער דעם צווייטען. מיר זיינען אוועק, יעדער מיט זיין וועג. ער האט זיך פערנומען אויף לינקס, איך—אויף רעכטס, און אין גיכען האב איך אויפגעהערט צו הערען זיין קול. דער טומאן איז מיר, דאכט זיך, אריינגעקראכען אין קאפ אריין — און איך האב געבלאנדזשעט, ווי א צודולטער, און האב נור געשריען: טעגלעוו! טעגלעוו!

— איך! — האט זיך פלוצים דערהערט אן ענטפער.

טאטעלאך מיינע! ווי איך האב זיך דערפרעהט! ווי איך האב זיך א ווארף געטהאן אהין, פון וואנען עס האט זיך מיר דערהערט דער קול... א מענשליכע פיגור האט גענומען דונקלען אין פאראוים... איך האב זיך א ווארף געטהאן צו איהר... ענדליך!

אבער אנשטאט טעגלעוו'ן האב איך פאר זיך דערזעהן אן אנדער אפיציער פון דעם זעלבען פאלק, וועלכען מען האט גערופען טע־לעפנעוו.

— דאס האט איהר זיך אבגערופען? — האב איך איהם גע־פרעגט.

— און דאס האט איהר מיך גערופען? — האט ער געפרעגט פון זיין זייט.

— ניין; איך האב גערופען טעגלעוו'ן.

— טעגלעוו'ן? איך האב איהם נור וואס בעגעגענט. וואס פאר א משוגענע נאכט! בשום אופן קען מען ניט טרעפען צו זיך אהיים.

— איהר האט געזעהן טעגלעוו'ן? וואו איז ער געגאנגען?

— דאכט זיך, אהין! דער אפיציער האט א פיהר געטהאן מיט דער האנד אין לופטען — נור איצט קען מען איבערהויפט גארנישט פערשטעהן. אט, צום ביישפיעל, ווייסט איהר, וואו דער דארף איז?

איין רעטונג קען זיין — א הונד זאָל נעהמעןביללען. אביסעל א משונה'דיגע נאכט! ערלויבט מיר צו פעררויכערען א ציגאר... דאָך עפּעס פרעהליכער, ווי דו וואָלסט זיך דעם וועג בעלויכטען.

דער אָפיציער, אויף וויפיעל איך האב געקענט בעמערקען, איז געוועזען אביסעל אָנגעסנאָסקעט.

— איך האט טעגלעוו גאָרנישט געזאָגט? — האב איך גע־פרעגט.

— ווי־זשע דען! איך מאָך צו איהם: ווי געהט עס, ברודער? — ענטפערט ער מיר: לעב וואָהל, ברודער! — וואס הייסט, לעב וואָהל? פארוואָס עפּעס, לעב וואָהל? — איך, זאָגט ער, וויל זיך גלייך דערשיסען מיט'ן פיסטאָלעט. — א מאָדנער מענש!

ביי מיר האט פערכאַפּט דעם אָטהעם.

— איהר זאָגט, ער האט אייך ערקלערט, אז...

— א מאָדנער מענש! — האט ווידערהאָלט דער אָפיציער און זיך אוועקגעשלעפּט ווייטער.

איך האב נאָך ניט צייט געהאט צו קומען צו זיך פון דעם אָפי־ציער'ס בעהויפּטונג — ווי איך האב דערהערט אימיצען זיך מאַטע־רענדיג אויסצורופען מיין אייגענעם נאָמען. איך האב דערקענט סע־מיאָן'ען.

איך האב זיך אָבגערופען... ער איז צוגעקומען צו מיר.

---

## XVI.

— נו, וואס הערט זיך? — האב איך איהם געפרעגט — האָסטו געפונען איליא סטעפּאַניטש'ען?

— געפונען.

— וואו?

— אָט דאָ, נים ווייט.

— ווי־זשע האָסטו איהם געפונען? ער לעבט?

— גאָט איז מיט אייך — איך האב אליין מיט איהם גערעדט. (א שטיין איז מיר פון הארצען אראָב.) זיצען זיך אונטער א בירקען־

בוימעל, אין שינעל... און גאָרנישט. איך מעלדע זיי: קומט, זייט מוחל, איליאַ סטעפּאַניטש, אויף דער קוואַרטיר. אַלעקסאַנדער וואַסיל־איטש איז זעהר אונרוהיג וועגען אייך, און זיי ענטפערן מיר: ווער הייסט איהם? זאָל ער זיך ניט בעאונרוהיגען! איך וועל זיין אויף דער פרישער לופט. מיר טהוט דער קאָפּ וועה! געה דו אַהיים. און איך וועל שפּעטער קומען.

— און דו ביזט אוועקגעגאַנגען! — האָב איך אויסגעשריען און אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד.

— טאָ ווי־זשע אַנדערש? זיי האָבען מיר בעפעהלען צו געהן... טאָ ווי קען איך דאָרט בלייבען?

מיין גאַנצער שרעק איז מיט אַמאָל צוריקגעקומען צו מיר.

— פיהר מיך צו איהם, שוין, די מינוט — דו הערסט? די מינוט! אַך, סעמיאָן, סעמיאָן, איך האָב דאָס פון דיר ניט ערוואַרט! דו זאָגסט, ער איז ניט ווייט פון דאַנען?

— אָט דאָ, דערביי, — וואו דער וועלדעל האָט זיך אָנגעהויבען — דאָרט זיצען זיי. פון טייכעל, אַרום ברעג, וועט עס זיין אַ פּאָאַר סאַ־זשען, ניט מעהר. געהענדיג מיט'ן טייכעל האָב איך זיי טאַקע גע־פונען.

— נו, פיהר מיך, פיהר!

סעמיאָן איז אוועק פאָראויס. — אָט, קוממט, זייט אַזוי גוט... מיר וועלען זיך נור אַראָבלאָזען צום טייכעל — און דאָרט איז גלייך...

אָבער אַנשטאָט דעם, וואָס מיר זאָלען זיך אַראָבלאָזען צום טיי־כעל — זיינען מיר פערקראָכען אין עפּעס אַ זומפּ און זיינען גע־בליעבען שטעהן פאַר אַ פּוסטען שטעלכעל...

— וואַרט! שטעהט! — האָט פּלוצים אויסגעשריען סעמיאָן — דאָס האָב איך, הפּנים, געגומען זיך רעכטס... מען וועט מוזען געהן אַהער, מעהר לינקס...

מיר זיינען אוועק לינקס — און זיינען אריינגעפּאַלען אין אַזעל־בענע דיכטע בושעס, אַז מיר האָבען קוים געקענט אַרויסקריכען.... אויף וויפיעל איך האָב געדענקט, זיינען גאָר אַרום אונזער דאָרף ניט געווען אַזעלכע געדיכטע בושעס. און דאָ האָט פּלוצים אַ בלאָטקע גע־נומען באַמטשען ביי אונז אונטער די פיס, עס האָבען זיך בעוויזען רונדע מאָכנאַטע בערגלאַך, וועלכע איך האָב אויך נאָך קיין מאָל ניט

געזעהן... מיר זיינען אוועק צוריק — פאר אונז איז אויסגעוואקסען א געקרימטער בערגעל, און אויף דעם בערגעל שטעהט אביידעל און אין דעם ביידעל כראָפּעט עמעצער. איך מיט סעמיאָן'ען האבען עט־ליכע מאָר א געשריי געטהאָן אין ביידעל אריין. עפּעס האט זיך גענו־מען ריהרען אינעווייניג, עס האָט זיך געהערט דאס טרעשצען פון שטרוי — און א הייזעריגער קול האט ארויסגערעדט: „איך בע־וואך!

געהען מיר ווידער צוריק... פעלד, פעלד, ענדלאָזער פעלד...

איך האב זיך שיעור ניט צואוויינט... איך האב זיך דערמאָנט אָן די ווערטער פון ליר אין „קעניג ליער:" — „דיעזע נאכט וועט, ענדליך, אונז אלעמען משוגע מאכען!..."

— וואוהין געהט מען? — האב איך זיך מיט פערצווייפלונג גע־ווענדעט צו סעמיאָן'ען.

— הפּנים, אז אונז, פּריץ'ל, האט א נישט גוטער בעגעגענט — האט געענטפערט דער צומישטער דיענער. דאס איז ניט גלאט... עפּעס שטעקט אין דעריין!

איך האב געהאט געוואָלט אָנשרייען אויף איהם — נור אין דעמ־זעלבען אויגענבליק האב איך דערהערט עפּעס א ניט הויכען קלאנג, וועלכער האט גלייך ערוועקט מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט. עטוואָס האט שוואך א קלאפּ געטהאָן, אָט, ווי אימיצער וואָלט ארויסגעצויגען א פּראָבקע פון א שמאָלער העלזעל פון א פלאש. געהערט האט זיך דער דאָזיגער קלאנג ניט ווייט פון דעם פלאץ, וואו איך בין געשטאנען. פּארוואָס דיעזער קלאנג האט מיר אויסגעוויזען בעזונדערס מערקוויר־דיג — קען איך ניט זאָגען — נור איך בין גלייך אוועק אין יענער ריכטונג.

סעמיאָן איז געגאנגען נאָך מיר. אין א פּאָאָר מינוטען ארום האט עטוואָס ברייטעס און הויכעס גענומען דונקלען דורך'ן טומאַן.

— דער וועלדעל! אָט איז דער וועלדעל — האָט א געשריי געטהאָן סעמיאָן מיט פרייד; און אָט.... אָט זיצט דער פּריץ אונ־טער דעם בירקען בוים... וואו איך האב איהם געלאָזען דאָרט זיצט ער נאָך. ער, ער איז דאס!

איך האב זיך גוט איינגעקוקט. ווירקליך: אויפ'ן דר'ערד, ביים וואָרצעל פון בוים, מיט'ן רוקען צו אונז, איז איינגעהויקערט געזעסען א מענש. איך בין שנעל צוגעגאנגען צו איהם — און האב דערקענט

טעגלעוו׳ן, האב דערקענט זיין פיגור, זיין קאָפּ, וועלכער איז אראָב־געהאנגען אויף דער ברוסט. — טעגלעוו! — האב איך א געשריי געטהאָן... אבער ער האט זיך ניט אָבגערופען.

— טעגלעוו! — האב איך געזאָגט נאָך אמאָל — און ארויפגעלייגט איהם די האנד אויפ׳ן אקסעל.

דאן האט ער זיך פּלוצים א קייקעל געטהאָן פאָראויס, געהאָרכזאם און שנעל, גראדע ווי ער וואָלט געווארט אויף מיין שטויס, און א פאל געטהאָן אויפ׳ן גראָז. איך מיט סעמיאָן׳ען האבען איהם גלייך אויפגעהויבען און אומגעקעהרט מיט׳ן פּנים ארויף. ער איז ניט געווען בלייך, נור אונבעוועגליך, אָהן שום לעבען; די צוזאמענגעדריקטע צייהן האבען געבליסטשעט — און די אויגען, אויך אונבעוועגליכע און ניט צוגעמאכטע, האבען איינגעהאלטען זייער געוועהנליכען, פערשלאָפענעם און „ניט גלייכען" בליק...

— מיין גאָט! — האט פּלוצים ארויסגערעדט סעמיאָן און האט מיר געוויזען זיין האנד בעפלעקט מיט בלוט... דאס בלוט איז געגאנגען פון אונטער טעגלעוו׳ס שינעל, פון דער לינקער זייט פון זיין ברוסט.

ער האט זיך דערשאָסען מיט א קליינעם רעוואָלווערעל, וועלכער איז געלעגען דאָ דערבייא נעבען איהם. דער שוואכער קלאנג, וואס איך האב געהערט — איז געווען פון דעם, וואס איז געקומען פון דעם אונגליקליכען שאָס....

---

## XVII.

טעגלעוו׳ס זעלבסטמאָרד האט ניט שטארק פערוואונדערט זיינע חברים. איך האב אייך שוין געזאָגט, אז נאָך זייער מיינונג, האט ער, אלס א מענש „א פאטאלער" געדארפט אָבטהאָן עפּעס אן אונגעוועהנליכען שפּיצעל, כאָטש גראָד אזא זאך, האבען זיי, קען זיין פון איהם ניט ערווארט. אין דעם בריעף צום באטארעינעם קאָמאנדיר, האט ער איהם געבעטען, ערשטענס: צו זעהן אויסשטרייכען פון דעם צעטעל דעם פּאָרוטשיק איליא טעגלעוו, וועלכער איז געשטאָרבען מיט זיין

אייגענעם ווילען, דערביי האט ער געמעלדעט, אַז ביי איהם אין שקאַטולקע געפינט זיך מעהר מזומן'ע געלד, ווי די חובות, וואס ער האט געלאָזען; און, צווייטענס, צו צושטעלען דעם צווייטען, ניט פערחתמה'עטען בריעף צו אַ הויכען בעאַמטען, וועלכער האט דאַן קאָמאַנדירט מיט דעם גאַנצען גוואַרדעיסקען קאָרפּוס. דער צווייטער, ניט פער'חתמה'עטער בריעף האט זיך געפונען אין דעם אייגענעם קאָנווערט. דעם דאָזיגען בריעף האבען מיר, זעלבסטפערשטענדליך, אַלע איבערגעלעזען; אייניגע פון אונז האבען זאָגאַר פון איהם אראָבגענומען קאָפּיעס. עס איז קענטיג געווען, אַז טעגלעוו האט זיך שטאַרק געמאַטערט צו פערפאַסען דעם דאָזיגען בריעף. „אָט, אייער האָהייט (אַזוי, דאַכט זיך, האט זיך אָנגעהויבען דער בריעף), איהר זייט אַזוי שטרענג און טשעפּעט זיך פאַר די קלענסטע פּגימה'לע אין מונדיר, פאַר דאס מינדעסטע אָבטרעטען פון דער פאָרמע, ווען צו אייך קומט אַ בלייכער, ציטערענדער אָפיציער; און איך קום אַצינד פאַר אונזער אַלעמענס גרויסען ניט אונטערגעקויפטען ריכטער, פאַר דעם העכסטען וועזען, פאַר אַ וועזען, וועלכער איז אָהן אַ מאָס העכער אפילו פון אייער האָהייט, און איך קום איינפאַך, אין שינעל, און אפילו אָהן אַ האַלזטוך אויפ'ן האַלז...” אַך, וואס פאַר אַ שווערען, אונאַנגענעהמען איינדרוק עס האט אויף מיר געמאַכט דיעזע פראַזע, פון וועלכער יעדער וואָרט, יעדער בוכשטאַב איז געווען אַזוי זאָרגפעלטיג אָנגעשריעבען מיט דער קינדערשער האַנדשריפט פון דעם פערשטאָרבענעם! שווין־זשע, האב איך געפרעגט ביי זיך אַליין, שווין־זשע האט זיך געלוינט אויסצוטראַכטען אַזאַ אונזינן אין אַזאַ מינוט? און טעגלעוו'ן איז קענטיג שטאַרק געפעלען געווען די דאָזיגע פראַזע. ווייטער האט ער דערמאָנט דעם שיקזאַל, די פערפאָלגונגען, וועגען זיין בערוף, וועלכער איז געבליעבען אַ ניט אויסגעפיהרטער, וועגען אַ געהיימניס, וועלכע ער נעהמט מיט זיך מיט אין קבר, וועגען מענשען, וועלכע האבען איהם ניט געוואָלט פערשטעהן; האט זאָגאַר דערמאָנט די פערזען פון עפּעס אַ פּאָעט, וועלכער האט געזאָגט וועגען דער מאַסע, אַז „זי טראָגט דאס לעבען ווי אַ קייט אויפ'ן האַלז” — און „איז פול מיט זינד, ווי אַ פיש מיט שופּען.” און דאס אַלעם ניט אָהן גראַמאַטישע פעהלערן. דעם אמת געזאָגט, איז דיעזער לעצטער בריעף זיינער, וועלכען ער האט געשריעבען פאַר'ן טויט, געווען עקעלהאַפט — און איך שטעל מיר

פאַר דאס פערעכטליכע דריקען מיט די פּלייצעס פון דער הויכער פער־זענליכקייט, צו וועמען דער בריעף איז געווען אדרעסירט—איך שטעל מיר פאָר, מיט וואס פאַר א טאָן זי האט ארויסגערעדט: „ניכטסוויר־דיגער אָפּיציער! שלעכטע גראָז פון פעלד ארויס!" בלויז פאַר'ן סאַמע שלוס פון בריעף האט זיך פון טעגלעוו'ס הארצען ארויסגעריסען אן אויפריכטיגער געשריי: „אַך, אייער האָהייט! (אזוי האט ער געענ־דיגט דעם בריעף) איך בין א יתום, עס איז ניט געווען קיינער, ווער עס זאָל מיך ליעב האבען פון מיין יוגענד אָן — אלע האבען מיך אויס־געמיעדען — און דאס איינציגע הארץ, וועלכע האט זיך מיר אָבגע־געבען — האב איך אליין צובראָכען!"

ביי טעגלעוו'ן אין קעשענע פון שינעל, האט סעמיאָן געפונען דעם טאַשען־ביכעל, מיט וועלכען זיין הערר האט זיך קיין מאָל ניט צושיידט. נור כמעט אלע בלעטער זיינען געווען ארויסגעריסען; גאַנץ איז געבליעבען נור איין בלאַט, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגע־רעכענט מיט ציפערען, אז צווישען איליא טעגלעוו'ן און דעם גרויסען נאַפּאָלעאָן איז געווען א גרויסער צוזאַמענהאַנג אין די טעג פון זייער געבורט, פון טויט און פון די מאָנאַטען.

אָרעמער טעגלעוו! אפשר איז ער צוליעב דעם אויך געוואָרען אן אַרטילעריסט?

מען האט איהם מקבר געווען, ווי א מערדער — נעבען פּארקען— און גלייך אָן איהם פערגעסען.

---

## XVIII.

אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך טעגלעוו'ס לויה (איך האב זיך נאָך געפונען אין דאָרף, ווארטענדיג אויף מיין ברודער), איז סעמיאָן אריין אין שטוב און געמעלדעט, אז איליא וויל מיך זעהן.

— וואס פאַר אַן איליא? — האב איך געפרעגט.

— אָט, אונזער הענדלער.

איך האב געהייסען איהם אריינלאָזען.

ער איז אריינגעקומען. אביסעל בעדויערט דעם הערר פּאָרוטשיק; געוואונדערט זיך, וואס אזוינס איז איהם פּלוצים צוגעפאַלען...

— ער איז דיר געבליעבען עפּעס שולדיג? — האָב איך איהם געפרעגט.

— ניין, גאָרנישט. זיי, וואס זיי האָבען גענומען, האָבען זיי גלייך אַלעם ריכטיג בעצאָהלט. אָבער אָט, וואס... דערביי האָט דער הענד־לער א ברייטען שמייכעל געטהאָן — ביי אייך געפינט זיך מיינע עפּעס א זאַך....

— וואס איז דאס פאַר א זאַך?

— אָט דאָ איז עס טאַקע. — ער האָט אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף דעם געשניצטען קעמעלע, וואס איז געלעגען אויפ'ן טואַלעט־טישעל — די זאַך איז אפילו ניט קיין וויכטיגע... נור אזוי ווי איך האָב זי געקריעגען א מתנה...

איך האָב פּלוצים אויפגעהויבען דעם קאָפּ. א געדאַנק האָט מיר א בליץ געטהאָן אין מוח.

— דיין נאָמען איז איליא?

— יאָ, אזוי איז דאס.

— איז דאס אפשר דיך האָב איך... אָנומעלט געטראָפען... אונטער'ן בוים?

דער הענדלער האָט א ווינק געטהאָן מיט אַן אויג און נאָך פיעל דייטליכער געשמייכעלט.

— יאָ, מיך.

— און דאס האָט מען דיך גערופען?

— יאָ, מיך — האָט ווידערהאָלט דער הענדלער מיט געקינסטעל־טער בעשיידענהייט — דאָ איז פאַראַן איינע א מיידעל, וועלכע צוליעב דער גרויסער שטרענגקייט פון איהרע עלטערן...

— גוט, גוט — האָב איך איהם איבערגעשלאָגען די רייד, דער־לאַנגט איהם דעם קעמעלע, און ארויסגעשטופּט פון שטוב.

איז אָט ווער עס איז דאס געוועזען דער „איליושאַ" — האָב איך א טראַכט געטהאָן — און זיך ארייגגעלאָזען אין פּילאָזאָפישע בע־טראַכטונגען, וועלכע איך וויל אייך ניט אויפצווינגען, ווייל איך וויל קיינעם ניט שטערען צו גלויבען אין שיקזאַל, אין בערוף און נאָך אזעל־כע הימעלשע זאַכען.

זיך צוריקגעקעהרט אין פעטערסבורג, האָב איך זיך גענומען נאָכ־פרעגען אויף מאשאַ'ן. איך האָב זאָגאַר אויסגעפונען דעם דאָקטאָר,

וועלכער האט זי געהיילט. צו מיין גרעסטער פערוואונדערונג, האב איך זיך פון איהר דערוואוסט, אז זי איז געשטאָרבען ניט פון פערגיפטונג, נור פון א כאָלערע! איך האב איהם דערצעהלט, וואס איך האב געהערט פון טעגלעוו'ן.

— אַך, אזוי! — האט פלוצים אויסגערופען דער דאָקטאָר — איז דאס טעגלעוו, דער ארטילעריע אָפיציער, פון מיטעל וואוקס, אבי־סעל איינגעבויגען און שטאמעלט צו?

— יאָ.

— נו, איך האב גלייך פערשטאנען. דער זעלבער הערר האט מיך בעזוכט — איך האב איהם דאָ געזעהן צום ערשטען מאָל — און גע־נומען איינגעשפארט טענה'ן צו מיר, אז יענע מיידעל האט זיך פער־סם'ט. איך זאָג איהם, אז זי האט געהאט די כאָלערע. טענה'ט ער, „סם.“ „עס איז אבער פאָרט די כאָלערע,“ זאָג איך; „ניין, סם,“ טענה'ט ער. איך זעה עפעס א מענש, א מין משוגענער, מיט א ברייטען נאקען, אן איינגעשפארטער, הייסט עס, שטעהט צו צו מיר און לאָזט מיך ניט אָב.... אלץ איינס, טראכט איך מיר, איז דאס מיידעל דאָך שוין געשטאָרבען... נו, זאָג איך, האט זי זיך פער'סם'ט, אויב אייך איז אזוי אנגענעהמער. ער האט מיר געדאנקט, זאָגאר די האנד א דריק געטהאָן — און איז אוועק.

איך האב דערצעהלט דעם דאָקטאָר, אויף וואס פאר אן אופן דער דאָזיגער אָפיציער האט אין דעם זעלביגען טאָג זיך דערשאָסען.

דער דאָקטאָר האט אפילו ניט א ריהר געטהאָן מיט קיין ברעם— און האט נור בעמערקט, אז אויף דער וועלט זיינען פאראן פערשיעדענע משוגעים.

— יאָ, פאראן — האב איך אויך געזאָגט.

און זעהר ריכטיג האט עפעס אימיצער געזאָגט וועגען די זעלבסט־מערדער: ביז וואנען זיי פיהרען ניט אוים זייער בעשלוס — גלויבט זיי קיינער ניט; און פיהרען זיי עס אוים — בעדויערט זיי קיינער ניט.

